**JOSEF SZCZAWINSKI**

**UNTER EIN DACH**

**UNDER ONE ROOF**



Tel-Aviv — Israel

1964

אילוסטראַציעס : ראַסקין, ערמאַן, אַבאַ.

Published by

MAASEF ISRAEL

P. O. Box 824 Tel-Aviv

Phone : 40891

דפוס „ארזי" בע"מ, ת"א

Printed in Israel

## געהייליקט דעם אָנדענק

**פון מיין פאָטער דוד אליהו און מוטער שיינדל בת יצחק; מיינע שוועסטערן: ברכה־יהודית, בתיה־יוכבד און יענטע־בלומה — אומגעקומענע אויף קידוש־השם דורך די דייטשע רוצחים אין די יאָרן תש״ב—תש״ד.**

# אונטער איין דאַך

דאָס בוך איז איינגעטיילט לויט פאָלגנ־דיקן סדר; א) פונעם אַמאָל; ב) אומקום און גבורה; ג) ישראל־מאָטיוון.

ווען די אַרבעט איז שוין געווען צוגעגרייט צום דרוק האָט נאָך געפעלט אַ „קליינקייט" — אַ נאָמען.

געוויינלעך גיט מען אַ קינד אַ נאָמען נאָך אַ באָבן אָדער זיידן. מיט אַ גייסטיק קינד — אַ בוך איז גאָר אַנדערש: עס מוז האָבן יחוס עצמו.

ווען איך וואָלט באַטיטלט דאָס בוך לויט איינע פון די ישראל־דערציילונגען, וואָלט עס נישט אַרומ־גענומען די גאַנצע טעמאַטיק. דאָס זעלבע — פאַרקערט.

„אונטער איין דאַך", האַלט איך, איז דער פּאַ־סיגסטער נאָמען, ווייל די אַלע דערציילונגען פון דריי באַזונדערע אָפּשניטן אינעם יידישן לעבן האָב איך אַרונטערגענומען אונטער איין דאַך.

דער מחבר

# אינהאַלט:

זייט

# דער פידלער

יִשט אַזוי לייכט איז אָנגעקומען יעפּים פרומקינען צו נעמען די פידל אין האַנט און אַרויסגיין שפּילן אויפן גאַס.

פריער האָט ער זיך אַ שיינע פּאָר יאָר גוט אָנגעליטן, געלעבט אין נויט און דחקות, פאַרקויפט פון שטוב־אַרויס וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט. ער האָט זיך געראַנגלט מיטן בייזן גורל, און נישט געוואָלט ווערן אַ גאַסן־בעטלער.

אַלע זאַכן, וואָס ער האָט פאַרקויפט פון שטוב־אַרויס, כדי אויפצוהאַלטן זיך און זיין קרענקלעכע פרוי, האָבן אים גענוג געזונט געקאָסט. ער באַ־דויערט דעם פּערסישן טעפּיך, וואָס איז אַזוי רחבותדיק געלעגן אויסגע־שפּרייט ביי אים אין אַרבעטס־צימער. דער טעפּיך האָט פאַרשלונגען זיינע האַרטע טריט און אים צוגעהאָלפן פאַרווייכן די טענער פון זיין פידל. ער דערמאָנט זיך אויך, אַז בעת מען האָט אַרויסגעטראָגן דעם קלאַוויר פון זיין שטוב, האָט ער דערפילט אַזאַ ווייטיק, גלייך ווי גאָט אַליין וואָלט אָפּגע־טיילט אַ ריפּ פון זיין קערפּער אויף די אַנטיקוואַרע כינעזישע וואַזע איז אים אַזוי אַ שאָד, אַז ער נעמט מער נישט אַריין קיין בלומען אין שטוב.

איצט, אַז ער איז געקומען אין שטוב מיט ליידיקע הענט און דערזען באַשעס בלייך פּנים, אירע פאַרטרוקנטע ליפּן און פרעגנדיקע אויגן — האָט ער זיך ווידער גענומען אַרומקוקן איבערן צימער. זיינע בליקן האָבן געזוכט, געגנישטערט פון ווינקל צו ווינקל. מיט אַ מאָל האָט ער זיך אין עפּעס דערמאָנט. ער איז ראַפּטאָם צוגעפאַלן צו דער שאַנק, אויפגעפּראַלט די טירן און אַ כאַפּ־אַרויס־געגעבן דעם סמאָקינג.

אָבער דאָ איז געשען עפּעס אַזוינס, וואָס איז אים פאַרגעקומען אויס־טערליש. באַשע, זיין שטילע באַשע, וואָס האָט זיך פאַרהאַלטן רויִק ביים טעפּיך און קלאַוויר — איז איצט אויפגעשפּרינגען, אים אָנגעכאַפּט ביי די

הענט און צערייצט אויסגעשריען: — גענוג אַרויסגעשלעפּט אין גאַס! דעם סמאָקינג וועסטו נישט פאַרקויפן!

יעפים איז געבליבן שטיין אָן לשון. ער האָט נאָר געפילט ווי דער סמאָקינג גליטשט זיך אַרויס פון די זיינע הענט און פאַלט אַראָפּ אויף דער פּאָדלאָגע מיט דער זעלבער עלאַסטישקייט, ווי דאָס טוט אַ גוטער אַרטיסט אין אַ דראַמאַטישן פינאַל־שפּיל אויף דער בינע.

באַשע האָט זיך אַפילו נישט אַראָפּגעבויגן אויפצוהייבן דעם סמאָקינג. זי האָט אים צוגעפירט צו דער סאָפקע, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף זיין ברוסט און שטיל אַריינגעהעשעט אין זיך...

יעפים איז געווען גערירט און באַשלאָסן אַלץ צו טאָן, נאָר דעם סמאָקינג נישט צו פאַרקויפן.

יענעם אָוונט האָבן זיי קיין אָוונט־ברויט נישט געגעסן, אָבער זי איז איצט ווידער גליקלעך מיט איר מאַן, אין ווען זי זעט צוריק דעם אַמאָליקן יעפימען, ווען ער איז געזעסן ביי איר פאָטערס טיש, אָדער ווען ער האָט איר געפירט צום מוזיק־פעסטיוואַל, אויף וועלכן ער איז אַרויסגעטרעטן מיט אַזוי פיל דערפאָלג. אין איר האַרצן גייט אויף אַ טרייסט — אפשר איז אַזוי בעסער? האָט זי דאָך, אין די צייטן, ווען זי האָט געלעבט אין וויל־טאָג זיך תמיד געשראָקן פאַר זיין דערפאָלג ביים פּובליקום און ביי פרויען... איצט וואָלט זי שוין באַשטאַנען, אַז ער זאָל זיך צוריק אויפהייבן. זי איז זיכער, אַז מיטן אָפּראַטעווען דעם סמאָקינג האָט זי אָפּגעראַטעוועט אַ שטיק לעבן.



שטייט אַזוי יעפים אין אַ ווינקל פון אַ באַלעבטער גאַס און שפּילט אויף זיין פידל.

אויף זיין גלאַט־ראַזירט פּנים זעען זיך טיפע קנייטשן, זיין קאָפּ איז איבערגעבויגן אויף לינקס, ווי ער וואָלט געווען צונויפגעוואַקסן מיט דער פידל, און זיינע טריבע אויגן קוקן פאַרחלומט צום קעגנאיבערדיקן דאַך, ווו עס האָבן זיך באַזעצט אַ מחנה ווייסע טויבן.

וויקלען זיך יאָרן און צייטן. אָט דאַכט זיך אים ווי ער שטייט ווידער אויף דער עסטראַדע אין „אוניווערסאַל" און כישופט־אַרויס מיט זיינע האַנט־באַוועגונגען די בעסטע מוזיק־שאַפונגען. ער שפּילט אַ ראַפּסאָדיע, אַ מינועט, האָפמאַנס דערציילונגען, צי גאָר שובערטס „סערענאַדע", און דער עולם

אָפּלאָדירט, רופט־אַרויס אויף בּיס. ער פאַרנייגט זיך, שמייכלט און ווייזט מיט די הענט, אַז ער קאָן מער נישט שפּילן...

אַזוי זענען געלאָפן די פרילינגס און די האַרבסטן, זומערס און ווינטערס, תמיד דאָס אייגענע: ביי טאָג האָט אים ערשט די מיטאָג־זון, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן דורכן פענצטער, אַרויסגענומען פון בעט. דער טאָג האָט אים נישט אַזוי שטאַרק געלאָקט. ער האָט זיך געפילט אַ צופרידענער און פוילער. דעם ריכטיקן טעם פון לעבן האָט ער ערשט דערפילט, ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן. דעמאָלט האָט ער אויפגעלעבט. באַשע האָט אים דערלאַנגט דאָס געקראָכמאַלעטע העמד מיט די שטייפע מאַנזשעטן און דעם פריש־געפּרעסטן פראַק. אַז ער האָט זיך איבערגעטאָן, האָט ער ערשט דערפילט אַ ניי לעבן. באַשע האָט געזאָרגט אַז דער קראַוואַט זאָל זיין ריכטיק אויסגעבונדן און אַז דער שרונט זאָל זיין אין מיטן פאַרקאַמט. שפּעטער, ווען ער האָט גענומען דאָס דיריגענט־שטעקעלע אין האַנט, האָט ער זיך געפילט מעשה נאַפּאָלעאָן, בעת ער שטייט אַ דרייסטער אויפן פרייען פעלד און דיריגירט מיט דער שלאַכט. ער האָט געפילט ווי זיין קאָפּעליע ציטערט פאַר זיין שטעקעלע.

פאַרקוקט אויפן דאַך, האָט ער גענומען מקנא זיין די ווייסע טויבן, וואָס זענען באַשאַפן געוואָרן אָן אַ גאַל און עסן זיך פון די פּיסקלעך. נערוועז נעמען זיינע פינגער לויפן איבער די סטרונעס. דער סמיטשיק באַוועגט זיך האַסטיקער.

— דער מאַן ציט די אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַס — זאָגט אַ פאַרבייגייער און וואַרפט־אַריין אַ מטבע אין דער פידל־שייד.

אָבער דעמאָלט ווען עס הערט זיך דער אָפּקלאַנג פון פאַלנדיקע מטבעות וויל יעפים אַנטלויפן. די קלאַנגען ווערן דעמאָלט שניידעוודיק און כאַאָטיש, ווי ער וואָלט וועלן צוריקוואַרפן דער גאַס אַ פראָטעסט פאַר דעם אַריינגעוואָרפענעם קליינגעלט, פאַר דער נויט, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין זיין וועלט און אַ תל־געמאַכט פון זיין לעבן. ער פילט זיך אָבער נישט בכוח אַריינצוגיין אין אַן אָפענעם קאָנפליקט מיט דער גאַס און — ער גייט אַריבער צו שטילע, געדעמפטע טענער.

ער באַקומט רחמנות אויף זיך אַליין, פאַר וואָס ער האָט צעטרענצלט דריי־צענדליק יאָר — די שענסטע יאָרן פון זיין לעבן. ווער ווייסט אָפּשאַצן וואָס ער האָט אויפגעטאָן פאַר דער מוזיק? צו וואָס און צו ווען? און וואָס איז אים פון דעם אַלעם געבליבן? געבליבן איז נישט מער, ווי דער איינ־

ציקער אָנדענק — דער סמאָקינג, וואָס ער האָט אים שוין געגומען אויף אַלע טאָג.

אַז ער גיט אַ קוק אויף דעם מלבוש ווערט אים אַזש קאַלט אין אַלע אברים. דער סמאָקינג ליגט אויף אים לויז און שלאַבערדיק ווי אַן אַרויפ־געוואָרפענער זאַק. די קלאַפּעס גלאַנצן שוין צו שטאַרק... און פון די אַרבל דריבלען זיך צויטן...

אַ פחד באַפאַלט אים פאַרן אייגענעם שאָטן. עס קומט־אויס אַז די צויטן, וואָס הענגען־אַראָפּ ווי שפּינוועבעכץ פון זיינע מאַנזשעטן, זענען די געפּערלעכע זיקנה, וואָס פאַלט־אָן נישט נאָר אויפן מענטשן, נייערט אויך אויף אַ מלבוש...

ווי אַנדערש איז עס געווען דעמאָלט ווען דער סמאָקינג איז געווען ניי. מען האָט זיך איבער יעפּים פּרומקינען געריסן. יעדער טעאַטער־דירעקטאָר האָט אים געשלעפּט צו זיך, צוגעזאָגט גאָלדענע גליקן. יונגע טענצערינס האָבן זיך געדרייט לעבן אים, אונטערטעניק געשמייכלט און צוגעשטעלט די פאַרריסענע נעזלעך צום לאַץ, ווו עס האָט תמיד געשטעקט אַ פרישע ווייסע רויז.

דעמאָלט האָט ער אין יעדן מענטשן זיין פריינד געזען. פאַר יעדן טעאַטער־דירעקטאָר האָט ער געהאַט נייע טענער, און פאַר יעדער באַרימ־טער שוישפּילערין — אַ קאָמפּלימענט. דאָס דיריגענטן־שטעקעלע האָט אים קיין מאָל נישט מיד געמאַכט, און פון קאַווע מיט קאָניאַק האָט אים נישט געשלעפערט...

אָבער פּלוצעם איז עס געשען: אין מיטן אַ קאָנצערט האָט ער באַ־קומען אַ האַרץ־אָנפאַל און די גיכע הילף האָט אים געכאַפּט אין שפּיטאָל אַריין. נאָכן אָפּליגן דאָרט אַ געוויסע צייט, איז ער געזונט געוואָרן און די דאָקטוירים האָבן אים דערלויבט אומצוקערן זיך צו זיין אַרבעט.

ווען יעפּים האָט זיך געפונען אין פאָיע פון „אוניווערסאַל" און געכאַפּט אַ בליק אינעם ברייטן שפּיגל, איז ער אַ צעטומלטער אָפּגעשפּרונגען — ער האָט זיך נישט דערקאָנט: זיין קאָפּ איז ווי איבער נאַכט גרוי געוואָרן, די אויגן — טיפער, און דינע פעלדעלעך אויפן פּנים — אין גאַנצן פאַרענדערט.

הם... האָט ער פאַרביטערט געטראַכט: פאַר דער צייט האָבן זיך באַוויזן סימנים פון אַלטקייט... ער איז לאַנג געשטאַנען פאַרן שפּיגל און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער זעט אַ פרעמדן מענטשן, און הערט

עפּעס אַ פרעמד קול. ער האָט זיך ראַפּטעם אויסגעדרייט און — ס׳האָט זיך אים אויסגעדאַכט אַז ער הערט אַ בייזע, טראַציקע שטימע:

— ג ע נ ו ג!

נישט לאַנג דערנאָך איז פּרומקין אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון „אוני־ווערסאַל״, און ער האָט שוין מער קיין אַרבעט נישט באַקומען.

ער האָט שוין מער נישט געקאָנט שלאָפן ביזן טאָג אַריין. די רייצנ־דיקע טענצעריִנס האָבן אים אויסגעמיטן. דאָס דיריגענטן־שטעקעלע נעמט ער מער נישט אין האַנט, נאָר די פידל — די פידל וויל עפּעס נישט פאַרשטומט ווערן.

יעדע נאַכט, פּונקט אין חצות, הערט יעפים פּרומקין, ווי זיין פידעלע, וואָס הענגט אויף דער וואַנט איבער זיין בעט, הייבט־אָן שפּילן. צו ערשט מיט אַ שטילן געוויין, דערנאָך העכער אויף „צע״ ביז עס כאַפּט זיך אויף דער סמאָקינג, וועלכער קריכט־אַרויס פון דער שאַנק און בלאָזט זיך אָן, אַ שטייגער עס וואָלט אין אים אַריינגעקראָכן אַ מענטש. אַפילו די ווייסע רויז איז ווידער אַריינגעשטעקט אין לאַץ, נישט מער — זי איז איצט אַ ביסל פאַרוועלקט... וואָס מער די פידל „וויינט״ — אַלץ אָנגעבלאָזענער ווערט דער סמאָקינג, גלייך ער וואָלט אין זיך אַריינגעזאַפּט דעם גאַנצן טרויער פון דער פידל... דערנאָך, אַז די פידל הערט אויף שפּילן, קלאַפּט דער סמאָקינג בראַוואָ מיט דיליידיקע אַרבל...

ער געדענקט עס ווי ס׳וואָלט נעכטן געווען:

אין איינער פון די ערשטע נעכט, ווען זיין פידל האָט אַליין אָנגעהויבן אויף דער וואַנט צו שפּילן, איז ער אויפגעשפּרונגען פאַר איבעררראַשונג, אָבער שטאָט טענער, האָט ער דערהערט ווערטער — ווערטער פון טרייסט:

ב י ס ט נ י ש ט ד ע ר א י י נ צ י ק ע ר...



שטייט ער אַזוי, יעפים פּרומקין, דער ערשטער פידלער פון „אוני־ווערסאַל״ אָנגעשפּאַרט מיט זיין גוף אָן אַ שטאַנג פון אַן אויטאָבוסן־סטאַציע און כישופט־אַרויס פון זיין פידל לאַנג־פאַרגעסענע ניגונים...

און אַקעגנאיבער אויפן דאַך, האָט זיך ווידער באַזעצט די מחנה ווייסע טויבן...

# ד ע ר   מ ש ו מ ד

דאָמבראָווע איז אַ גרויסער פאָלוואַרק פון עטלעכע הונדערט העקטאַר אַקער־לאַנד. זיינע זאַטע פעלדער הייבן זיך אָן פון שפּיצן בערג, באַדעקטע מיט אַ געדיכטן סאָסנע־וואַלד. אַרויסגייענדיק פונעם וואַלד איז די ערד אַ געלע, אַ זאַמדיקע, אָבער וואָס ווייטער צום טאָל־צו זענען די פעלדער שוואַרצער, די ערד פעטער, ווי עס וואָלט ווער צו דער ערד־טייג צוגעמישט אַ געדיכטן אייל. ווי ווייט נאָר דאָס אויג דערגרייכט, אַזש ביז די ברעגן פונעם טייך „ראַווקע״, זענען אויסגעשפּרייט ווייץ־און קאָרן־פעלדער. מיט די אָנגעקוואָלענע זאַנגען שפּילט זיך אַ שטיפעריש ווינטל, וואָס קלאַפּט־צונויף די רייפע לענגלעכע קערנער־בייכער אין אַ זשומענדיקן גערויש. ביי די זייטן פון די פעלדער שפּרייטן זיך גרינע לאָנקעס, וואָס זעען אויס פונווייטנס, ווי פּליושענע טעפּיכער. דאָרטן פּאַשן זיך סטאַדעס מעלק־קו און שטילן זייער דורשט ביי די סאַדזעווקעס, אין וועלכע עס שפּיגלט זיך אָפּ, אין די בין־השמשותן, דער דאָמבראָווער פּאַלאַץ.

מיט אַ מאָל, ווי איבערנאַכט, האָט דאָמבראָווע באַקומען אַ נייעם דזשעדזשיק, אַ הויך־געוויקסיקן, שטאַלטנעם פּאַרשוין מיט לאַנגע שליאַכעצקע וואָנצעס. תמיד מיט אַ רייט־בייטש אין דער האַנט, זעט מען אים שוין פון באַגינען אָן אין יעדן ווינקעלע פונעם פאָלוואַרק צווישן די פּאַראָבקעס, וואָס אַקערן די פעלדער, צווישן די שיקסעס, וואָס זיצן קניִענדיקע איבער בייטן גרינסן און רייסן אויס די קוואַסטן, און אָט איז ער שוין ביי די שטאַלן ווו די קו־מעלקערינס זיצן מיט איינגעבויגענע קעפּ הינטער די קיס בייכער און פּילן־אָן די עמערס מיט שוימיקער מילך — און אַ געמירמל טראָגט זיך צווישן זיי: דער דזשעדזשיק גייט!...

ווער דער פּריץ איז, פון וואַנען ער שטאַמט — האָט דערווייל קיינער אין שטעטל נישט געוווּסט. אָבער שפּעטער, ווען מ׳איז געוווּיר געוואָרן,

אַז דער נייער דאָמבראָווער שטאָמט־אָפּ פון ווייטן אוקראַינע, אַז ער איז אַ יידישן גוט־באַזיצערס אַ זון, וועמען דער פאָטער האָט פון הויז אַרויס־געטריבן וועגן אַ פאַרפלאָנטערטער ליבע מיט אַ שיקסע צוליב וועלכער ער האָט זיך געשמדט — האָבן יידן אים אויסגעמיטן, ווי מען מיידט אויס אַ מצורע.

פאַר אים דעם דאָמבראָווער, האָט קיין ייד נישט געצויגן דאָס היטל מיט אַזאַ טיפן פאַרנייגן זיך, ווי ער טוט דאָס פאַר אַנדערע פריצים. אַ יידישער דאָרפס־הענדלער, וואָס פאָרט איבער די דערפער אין אַן אייגענעם געשפאַן, פאַרקערעוועט נישט אין אַ זייט אויפן פוילישן שליאַך, ווען עס פאָרט אים אַקעגן „דער דאָמבראָווער״ — אַן אויפפירעכץ, וואָס יעדער פוילישער פריץ פון דער געגנט וואָלט אַרייך אין גרימצאָרן און באַשטראָפט מיט שמיץ. דעם דאָמבראָווער האָבן יידן קיין שום כבוד נישט צוגעטיילט, כאָטש ער איז, ווי אַלע פריצים, געפאָרן אין אַ טונקל־ברוינער קאַרעטע מיט צוגאָווע קאַשטאַן־פערד „נאַ שפּיץ״, אָנגעטריבן דורך אַ מונדירטן „סטאַנגרעט״ אין אַ גראַנאַטענעם סורדוט מיט גאָלדענע קנעפּ און לע־דערנע הענטשקעס.

שטאָט „דזשעדזשיץ״ האָבן די יידן צווישן זיך אים גערופן „דער משומד״ און זיך דערווייטערט פון אים — אויסגעמיטן. אָבער וואָס מער מען האָט אים אויסגעמיטן, אַלץ מער האָט גדליה, דעם משומד געצויגן אין שטעטל אַריין און צו יעדן יידן וואָס ער האָט באַגעגנט. ער פלעגט שטיין אויפן גאַניקל פון פּאַלאַץ און וואַרטן עס זאָל אַדורכגיין אַ ייד אַן אָרעמאַן. ער רופט אים אַריין און הייסט געבן עסן לויטן ווילן פון אורח.

פון וואַנען איז אַ ייד — הייבט ער אָן וואַרעם־יידישלעך אַ שמועס. דערלאַנגט אַ מטבע, און אין אַ שלעכט וועטער הייסט ער שפּאַנען די פערד און אים אָפּשטעלן אין שטאָט אַריין.

אין האַרבסט איז דער משומד געקומען אין שטעטל אַריין. ער האָט מיט רעש אָפּגעשטעלט זיין קאַרעטע ביים אַלטן בית המדרש, צוגעוואַרט ביז עס איז אַרויס איינער פון די ישיבה־בחורים און מיט אַ שמייכל פון הינטער די וואָנצעס צו אים געזאָגט מיט אַ ווייכער שטימע:

— גיי און זאָג דעם רב און די גבאים, אַז כ׳האָב אָנגעגרייט זעכציק קלאַפטער האָלץ פאַר אָרעמע לייט אויף ווינטער. ווער ס׳וועט ברענגען אַ צעטל פון רב וועט באַקומען טרוקן האָלץ ביזן שטוב אַריין.

אָבער סיי דער רב און סיי די אָרעמעלייט האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון

משומדס גאָב, ווי מען שאָקלט פון זיך אַראָפּ אַ קאַלטן שניי. „אַפילו מען זאָל וויסן צו פרירן מיט ווייב און קינדער, וועלן מיר נישט געניסן פון משומדס טובות“ — האָבן די קבצנים געשריען אויפן קול.

אַ שווערער ווינטער האָט זיך געשטעלט. טיפע שנייען האָבן די וועגן פאַרשאָטן. די פויערים זענען געזעסן אין זייערע כאַטעס און זיך געפוילט צו קומען אין שטאָט אַריין. יידישע בעל־מלאָכות זענען אַ גאַנצן ווינטער געווען אָן אַרבעט. די קרעמערס האָבן אַפילו נישט אויפגעשטעלט זייערע בוידן אין די יאַריד־טעג, ווייל דער מאַרק איז געווען ליידיק פון פויערים.

דעם ווינטער איז האָלץ געווען טייער און שווער צו באַקומען, אָבער קיין איינער פון די אָרעמע־לייט האָט נישט באַדויערט, וואָס ער האָט נישט גענומען דאָס האָלץ פון משומד. די גאַנצע צייט האָבן זיי צווישן זיך אַפילו דערוועגן נישט גערעדט, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט צו ברענגען די רייד פאַרן מויל. אָבער איצט, ווען עס האָט שוין געשמעקט מיט מגילה־לייענען, מיט פרילינג, און די ערשטע זונען־שטראַלן האָבן גענומען אויסטרוקענען די בלאָטעס פון שטעטל — האָבן זיי זיך באַגעגנט פריילעכע, צופרידענע, וואָס זיי זענען בייגעשטאַנען דעם נסיון און נישט גענאָסן פון משומדס טובות.

אויף מאָרגן אין דער פרי, ווען יידן זענען געגאַנגען צום מגילה־לייענען, ערשט — דער משומד באַווייזט זיך ווידער פאַר זייערע אויגן, ווי עס וואָלט די יידן נישט באַשערט געווען די קלענסטע הנאָה. ער קומט אַרויס פון דער גויִישער שענק, גייט צו צום קאַשטאַן זיינעם, גיט אים אַ פּעטשל איבערן קאַרק און ער כאַפּט זיך פלינק אַרויף אויפן פערדס רוקן. דאָס פערד גיט זיך אַ האַסטיקן דריי אין אַ האַלב־ראָד, ווי עס וואָלט וועלן אַ טאַנץ־טאָן מיט זיין האַר און שפּרינגט אַריין צווישן אַ געזעמל יידן, וואָס געפינען זיך ביים שול־געסל. די פאַרבייגייער דערשרעקן זיך אַ ביסל. ווער ווייסט, אפשר איז ער גאָר שיכור, דער משומד, אָבער — מיט אַ פעסטן ריס ביי דער צוים טוט ער אַ האַסטיקן צי צוריק דאָס פערד, ווי ער וואָלט עס באַשטראָפט פאַר דער חוצפּה פון איבערשרעקן יידן, וואָס גייען אין שול אַריין. ער האַלט איין דעם קאַשטאַנס גאַלאָפּ און מיט פּאַ־וואָלינקע טריט דערנענטערט ער זיך צו ר׳ חיים יונהן, וואָס גייט דער לעצטער.

— ר׳ יאָנאָס — זאָגט דער משומד מיט אַ ווייכער שטים — זאָגט

די יידן אין שול, אַז איך עפן איצט די קאַרטאָפל־קאָפּצעס און ווער עס וויל קאַרטאָפל אויף פּסח וועל איך שיקן ביז אין שטוב אַריין בחינם.

חיים יונה האָט זיך דערשראָקן פאַרן משומדס רייד, ווי פאַרן אַלאַרם־גלאָק פון די פייערלעשער, וואָס וועקט אין מיטן נאַכט בעת אַ שריפה. ער איז אָפּגעשפּרונגען עטלעכע טריט פון פערד. ער האָט געוואָלט דעם משומד עפּעס זאָגן, אָבער דער רייטער האָט שוין געהאַט אַ קיצל־געטאָן מיט זיינע שפּאָרן אין פערדס בויך, און שוין האָט ער זיך געטראָגן אויף זיין קאַשטאַן העט, פאָרויס אויפן דאָמבראָווער שליאַך.

ווען ר׳ חיים יונה איז אַריינגעקומען אין שול און אַרויפגעלייגט דעם טלית אויפן לינקן אַקסל, האָט ער אונטערן איינדרוק פון די שרעק מיטן ווילדן פערד, גענומען האַסטיק דערציילן וואָס דער משומד האָט אים געזאָגט. אָבער מען האָט אים אויסגעלאַכט, ווען ער האָט אַ פרעג־געטאָן:

— אפשר דאַרף מען טאַקע אויסרופן פון באַלעמער, אַז אָרעמע־לייט זאָלן וויסן?

— ס׳טייטש? האָט דער עולם צו אים געשריען, ווער ווייט דאָס קענען אַראָפּשלינגען צו די סדרים־נעכט אַ קאַרטאָפל, וואָס איז דערלאַנגט געוואָרן דורך אַ משומדס האַנט?

אויך דאָס מאָל איז דער משומד נישט מיד געוואָרן מיט זיינע ווענ־דונגען צו די יידן פון שטעטל, זיי צו העלפן. די יידן האָבן אָבער נישט געוואָלט ריזיקירן זיך אַריינצולאָזן אין עסקים מיט אַ משומד. כאָטש אין אַ גוטער מינוט זאָל מען דאָס אַרויסרעדן, איז נאָך קיין שמד־פאַל אין דער געגנט נישט פאָרגעקומען. דער משומד האָט קיין שום איינפלוס נישט געהאַט, בפרט אין די לעצטע צייטן, ווען מ׳האָט וועגן אים דערציילט נישט קיין שיינע מעשיות.

ווייבער האָבן געהאַלטן אין איין דערציילן וועגן שיקסעס, וואָס קומען פון דאָמבראָווער גוט און פרעגן זיך נאָך ווו עס וווינען אַקושערקעס. זיי, די שיקסעס קומען מיט רויט־געזונטע פנימער, באַלאָדן מיט קוישן פּוטער און קעז. זיי נאַרן זיך אַריין אין די פאַרנאַכטן צו די אַקושערקעס אין די שטובן, האַלטן זיך אויף איבער דעם זונטיקדיקן טאָג און גייען צוריק קיין דאָמבראָווע מיט בלאַס־איינגעפאַלענע באַקן און וואַקלדיקע טריט... שפּע־טער פאָרן־צו גרויסע לאַסט־וועגענער מיט פאַראָבקעס פון דאָמבראָווער הויף און לאָדן־אָפּ פאַר די הייבאַמעס די שענסטע פּראָדוקטן — אַ מתנה פון דאָמבראָווער הויף...

אַזוי האָט מען געשמועסט אין שטעטל, און אויך מיט די גויים איז דער משומד נישט קיין גוטער־ברודער. אמת זיי קומען צו אים אויף יאַגד קיין דאָמבראָווע, אָבער הינטער זיינע פּלייצעס האָבן זיי אים באַטיטלט: „זשידאָווסקי דזשעדזשיץ״! קיין שנאה צו אים האָבן זיי נישט געטראָגן. אָבער זיי האָבן קיין מאָל קיין חשק נישט געהאַט אים איינצולאַדן אין זייערע פּאַלאַצן און אים פאָרשטעלן זייערע ווייבער.

איין מאָל, ערב פּרילינג, איז די גאַנצע געגנט אויפגעציטערט געוואָרן פון אַ גרויס אומגליק. אין שטעטל האָט אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכע מהומה. דער טייך „ראַווקע״ האָט אויסגעגאָסן מיט אַזאַ רעש און גרימצאָרן, אַז אַפילו די זקנים פון שטעטל, געדענקען נישט אַזאַ שרעקלעכע פאַרפלייצונג. צו ערשט האָט דאָס וואַסער אַנגעהויבן אַריינדרינגען אין די נידעריקע גאַסן. מענטשן זענען נאַקעטע אַרויס פון די הילצערנע שטובן. דער וואַסער־שטראָם האָט מיטגעריסן אַלץ, וואָס איז געשטאַנען אויפן וועג. אויפן וואַסער זענען געשווומען אַרויסגעריסענע טאָפּאָלן־ביימער, דאָרפישע שטאַלן און גאַנצע סטויגעס היי און שטרוי. ביי דעם אַלעם איז נאָך געשען אַ נס, וואָס די פאַרפלייצונג האָט זיך אָנגעהויבן באַגינען און מ׳האָט געקאָנט זען ווו צו אַנטרינען. ערגער איז געווען דאָרט אין טאָל, ווו נאָענט ביים טייך זענען געשטאַנען עטלעכע הילצערנע הייזלעך.

אין איינעם פון זיי האָט געוווינט אַ ייד, אַ שניידער. דאָס הייזל האָט געהערט צום דאָמבראָווער פּאָלוואַרק. איציק שניידער איז נעכטן גראָד אויפגעוועזן ביז שפּעט ביי נאַכט מיט שער און אייזן אין די הענט. ער האָט קיין שום זאַך נישט פאָרגעפילט, אָבער ביי נאַכט אין טיפן שלאָף האָט זיך אים אויסגעדאַכט, ווי שווערע קלעפּ שלאָגן־אָן אין די הילצערנע ווענט. אין אָנהייב האָט ער זיך געפוילט אַרויסצוגיין, אָבער באַלד כאַפּט אויף זיין אויער אַ פאַרדעכטיק גערויש, און איידער וואָס — דערפילט ער ווי ער נעמט זיך וויגן צוזאַמען מיטן בעט. דער אינסטינקט וואָס ליגט באַהאַלטן סיי אינעם מענטשן און סיי אין דער חיה, ווען ער דערפילט אַ געפאַר — האָט אים אַ ריס־געטאָן צו דער טיר. אַ זודיקע וואַסער־פאַליע האָט זיך אין שטיבל אַריינגעריסן מיט אַזאַ רעש, אַז אַלע שטוב־זאַכן האָבן זיך גענומען באַוועגן און שווימען. צו ערשט כאַפּט ער דאָס פּיצעלע קינד מיטן וויגל און וויל דערמיט אַרויסלויפן אין דרויסן, אָבער זיין דערשראָקן ווייב וואַרפט אים אַריין אין די אָרעמס די אַנדערע קינדער און איציקל דער שניידער באַמערקט נישט ווי דער וואַסער־שטראָם האָט אַ

שלעפּ־געטאָן מיט זיך דאָס וויגל מיטן קליינעם קינד. זיי לויפן אַרויף צום בערגל. פון ווייטנס דאַכט זיך זיי אויס, אַז עפּעס אַ בוים איז דאָרט אויפן בערגל אויסגעוואַקסן, אָבער באַלד דערזען זיי אין פריען באַגינען דעם דאָמבראָווער פּריץ אויף זיין קאַשטאַן־פערד. ער זיצט אויפן פערד האַלב איינגעבויגן און די לייצעס האַלט ער איינגעצויגענע אין האַנט, ווי ער וואָלט געשטאַנען גרייט אָנטייל צו נעמען אין אַ וועט־לויף.

— אַלע זענט איר דאָ?

דעם משומדס ווערטער וועקן־אויף די מענטשן ווי פון שלאָף. זייערע בליקן לויפן שנעל אַרום איבער די קינדערס קעפּלעך און אַ טויט־אַנגסט באַדעקט זייערע פּנימער. די ערשטע ברעכט־אויס די מוטער מיט אַ יללהדיק געוויין, און נעמט זיך רייסן ביים קאָפּ:

— אַ בראָך האָט מיך געטראָפן, ס׳פעלט מיר אַ קינד!

דעם פּריצס אויגן פלאַמען־אויף מיט אַ גלאַנציק פייערל. זיינע גע־דיכטע וואָנצעס זען איצט אויס צו זיין לענגער און האַרטער. אַ רגע בלייבט ער שטיין אָנגעצויגן צוזאַמען מיטן פערד, אָבער באַלד דערלאַנגט ער דעם קאַשטאַן מיט די שפּאָרן און לאָזט זיך אין גאַלאָפּ אין טאָל אַריין.

איציקל האָט אַפילו נישט באַוויזן אַ וואָרט אַרויסצורעדן. ער האָט מער נישט געהערעט די וויינענדיקע יללות פון זיין ווייב, אַפילו נישט געפילט, אַז ער האַלט צוויי קינדער אויף דער האַנט, ער האָט נאָר געזען ווי דער דאָמבראָווער פּריץ יאָגט דאָס פערד פייל פון בויגן צו די ווילדע וואַסערן. צו ערשט רייט ער ביי די ברעגעס און אָט איז דאָס פערד ביז די קנעכלעך אין וואַסער. אָט דרייט ער ווידער צוריק. איציקל, אַ האַלב־נאַקעטער, ציטערט ווי אַ פיש. ער זעט ווי פון זיין הייזל זעט מען איצט אַרויס נאָר דעם שפּיץ פון געמויערטן קוימען. ווידער שטעלט זיך דער רייטער אָפּ. זיינע אויגן זוכן עפּעס איבער די שוימיקע וואַסערן. איציקלען דאַכט זיך אויס, ווי דער פּריץ האָט דערזען זיין פאַרלוירן קינד. דער רייטער פאַר־קירעוועט האַסטיק אויף לינקס. ער רייסט מיט די לייצעס דאָס פערד אין די שטורמישע וואַסערן און אָט שווימט דאָס פערד מיטן רייטער. ער טרייבט עס מיט אימפּעט פאָרויס. פון דער ווייטנס דערזעט זיך עפּעס. וואָס אַ מאָל דערזעען זיך בולטערע קאָנטורן פון אַ וויגל, וואָס ווערט געוואָרפן פון די וואַסער־פּאַליעס ווי אַ קליינער באַלעם. דער רייטער זעט שוין ווי די קינדערישע הענטלעך קלאַמערן זיך אין די זייטן־ברעטלעך פון וויגל. ערשט איצט כאַפּט זיך איציקל וואָס דאָרט קומט פאָר. ער

וויל אויסשרייען, אָבער ער האָט פאַרלוירן דאָס לשון. ער שטייט פאַר־שטאַרט און קאָן זיך פון אָרט נישט רירן. אַן אַנגס־שוויס באַשלאָגט אים און עס קלאַפּט אים אַ צאָן אין אַ צאָן. זיינע דערשראָקענע אויגן זענען געווענדעט צום רייטער. ער זעט ווי דער פריץ רייסט זיך מיטן פערד צום זויגל. אָט, דאַכט זיך ,וועט ער דעם פערד מיט די שפּאָרן דעם בויך צע־שניידן. זיין פּנים איז אָנגעגאָסן מיט רויטקייט און די אויגן שטאַרצן אַרויס פון די אַפּלען. דאָס פערד ראַנגלט זיך מיט די וואַסערן און הייבט אָן אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ. אָבער דער פּריץ איז צעווילדעוועט, ווי אַ טיגער. ער רייסט דאָס פערד פאָרויס. אָט איז ער שוין נאָענט ביים שווימענדיקן ווייגעלע, אָבער אַ וואַסער־פּאַליע גיט אים אַ וואָרף אויף צוריק. דאָס פערד שפּייט מיט ווייסן שוים און וויל מער נישט פאָלגן. דער רייטער שלאָגט עס אומברחמנותדיק; האַלט זיך קאַשטאַן — שרייט ער מיט אַזאַ דראָ־ענדיקער שטימע, אַז זינט דאָס פערד טראָגט זיין האַר אויפן רוקן, האָט עס נאָך פון אים אַזעלכע אויסטערלישע קולות נישט געהערט. און אָט גיט ער זיך אַ וואָרף פאָרויס איבערן פערדס קאָפּ, מיט אַ אימפּעטדיקער שטים: האָפּ! ער זיצט שוין מער נישט אינעם זאָטל, נאָר מיט איין האַנט האַלט ער זיך ביים פערדס גריווע.

ביי איציקלען, דעם פאָטער פון פאַרלוירענעם קינד, איז דאָס האַרץ אַנטפאַלן. ער זעט ווי דער פריץ האָט עפּעס דערגרייכט, געכאַפּט אין האַנט, ווי מען כאַפּט אַ פיש ביים ברעג. אָבער וואָס האַלט ער דאָרטן אויפן פערדס נאַקן? דער רייטער שווימט איצט, סאָפּעט שווער און ראַנגלט זיך צוזאַמען מיטן פערד מיט די וואַסערן. דאָס פערד שטעלט מער נישט קיין ווידער־שטאַנד דעם ברויזנדיקן שטראָם, אָבער דער רייטער קעמפט פאַרביסן. ער קירעוועט זיך צום ברעג און שטויסט דאָס פערד פאָרויס. איציקל, האַלט נאָך די ציטערנדיקע קינדער אויף די הענט. ער פּרעסט זיי צו פעסטער צום לייב, ווי ער וואָלט מורא האָבן, אַז די וואַסערן זאָלן זיי נישט אַרויסרייסן פון זיינע הענט. פּלוצעם דערזעט ער, ווי דאָס פערד פּליעסקעט שטאַרקער מיט די פיס, ווי עס וואָלט דערפילן אַ באָדן אונטער זיך. און אָט דערזעט ער שוין דעם פערדס קאָפּ איבערן וואַסער. דעם משומדס הענט קלאַמערן זיך נאָך אין פערדס גריווע און פונקט אין דער רגע, ווען איציקל דערזעט דעם פערדס קניען, גיט זיך דער פּריץ מיט אַ געלונגענעם שפּרונג אַ כאַפּ־אַרויף אויפן פערדס רוקן. איציקל באַווייזט אַפילו נישט אַ וואָרט אַרויסצורעדן און דאָס הירזשענדיקע פערד שטייט שוין לעבן



...דער פּריץ האָט דאָס וויגל דערגרייכט, געכאַפּט אין האַנט.

אים. צו ערשט דערפילט ער דעם פערדס הייסע פּאַרע, ער זעט ווי פון פערדס נאָזלעכער פינעט זיך אַ ווייסער שוים. דער משומד שפּרינגט־אַראָפּ מיט קוראַזש און נצחון פון פערד. אויפן זאָטל האָט עפּעס אַ צאַפּל־געטאָן. קינדערישע הענטלעך שטרעקן זיך אויס צו איציקלס ווייב און צום סוף דערהערט ער ערשט, ווי איבער זשומענדיקע וואַסערן קלינגט־אָפּ אַ ווידערקול פון אַ קינדעריש געוויין:

— מ—אַ—מ—ע—!

*

נאָך דער דאָזיקער מעשה האָט מען אַ לענגערע צייט דעם משומד אין שטעטל נישט געזען. דאָמבראָווער פּויערים וואָס זענען געקומען אויפן יאַריד, האָבן דערציילט, אַז דער פּריץ ליגט קראַנק אויף אַ לונגען־אָנצינדונג. פרומע יידן האָבן בכלל אויסגעמיטן צו רעדן פון דער גאַנצער מעשה און איבערגעשלאָגן אין מיטן די רייד, ווען ס׳האָט ווער אָנגעהויבן: „אַ מזל פון אַ דאָרפס־שניידער״...

ערשט ווען איציקל דער שניידער איז געקומען אויף שבת אין שול אַריין גומל־בענטשן, איז אים דער אַלטער רב אַנטקעגנגעגאַנגען מיט אַ ברייטן „שלום עליכם״ און פון אים אויסגעהערט די גאַנצע מעשה פון דער פאַרפּלייצונג.

דער אַלטער רב האָט דעם דאָרפס־ייד מיט קיין וואָרט נישט איבער־געריסן, כאָטש דער עולם האָט זיך געאיילט זיך שטעלן דאַוונען. צום סוף האָט דער רב ווי צו זיך געזאָגט: „ווער האָט זיך דאָס געקאָנט ריכטן אויף אַ משומד... און אפשר — האָט ער שטיל ווייטער גערעדט צו זיך — אפשר איז אים גאָר באַשערט דורך דעם נסתלק צו ווערן?״...

אַפילו די נאָענטסטע חסידים האָט דאָס וואָרט „נסתלק ווערן״ געבריט, ווי הייסע קוילן. אָבער מען האָט זיך משער געווען, אַז אַזוי פּשוט איז די מעשה נישט. יעדעס וואָרט פון אַלטן צדיק האָט אַ באַטייט, האָט אין זיך אַ נשמה. אָבער מחמת דעם, וואָס אַ גאַנצן זומער האָט דער רב נישט דער־מאָנט מיט קיין וואָרט, נישט וועגן דעם נס מיטן געראַטעוועטן קינד און נישט וועגן משומד — איז געווען אָנצונעמען, אַז דער צדיק האָט אין דער גאַנצער מעשה פאַרגעסן. אָבער באַלד האָט זיך די זאַך אַרויסגעוויזן גאַנץ אַנדערש.

דעם ערשטן טאָג ראש־השנה נאָך פאַרן דאַוונען, ווי נאָר דער רב

איז אַריינגעקומען אין שול און דערזען איציקל שניידער שטיין ביי דער טיר, האָט ער אים גלייך אַרויפגעפירט צו זיך אויף דער מזרח־שטאָט. מענטשן האָבן געקוקט און געשטוינט, אַפילו איציקל אַליין האָט זיך מער נישט געקענט איינהאַלטן און געפרעגט:

— רבי, פאַר וואָס קומט מיר דער כבוד?

— כ׳דאַרף דיך, דו זאָלסט מיר היינט עדות זאָגן.

דער דאָרפס־שניידער איז פון דעם ענטפער נאָך מער צעטומלט געוואָרן. וואָס עפּעס אין מיטן דערינען אַן עדות זאָגן? ער האָט געהערט ווי אַלע דאַוונען אויפן קול. ביי אים אַליין האָט זיך קיין וואָרט פון מויל נישט געקענט אַרויסרייסן. די ווערטער האָבן געטאַנצט, געשפּרינגען אין מחזורל, ווי זיי וואָלטן צוזאַמען מיט אים געוואָלט אַראָפּשפּרינגען פון דער מזרח־שטאָט. ער האָט שוין געטראַכט צו אַנטלויפן, אָבער ווי אַנטלויפט מען דאָס, אַז דער רב דאַרף ער זאָל עדות זאָגן... ער האָט יעדער מינוט געכאַפּט אַ בליק אויפן רב, עפּעס צו דערגיין, וואָס טראַכט דער צדיק מיט אים צו טאָן? ער זעט נישט קיין שום אויסטערלישעס אין רבס אויפפירונג. שטענדיק, זינגט ער קאָן דעם רב, ווייגט ער דאָך ביים דאַוונען, קנאַקט מיט די פינגער, אָדער קנייפּט זיך די באַקן, שטעלט זיך אויף די שפּיץ־פינגער ביי „אחד" און ציט דעם אָטעם, ווי לאַנג נאָר ער קאָן אויסהאַלטן.

אָט האָט מען שוין אָפּגעדאַוונט שחרית. דער עולם קומט שוין צוריק נאָך דער הפסקה, אָבער איציק שניידער פון דאָרף דאָמבראָווע האָט זיך נאָך אַלץ מורא צו רירן פון אָרט.

ערשט איצט, פאַר תקיעת שופר, באַמערקט איציקל, ווי דער אַלטער רב דרייט זיך אין אַלע זייטן און הערט נישט אויף צו קרעכצן און זיפצן. כאָטש צו קרעכצן איז געווען אויף וואָס. דער רב איז נישט געווען אויס־געטאָן פון דער וועלט. אָפּט מאָל פלעגט ער אַפילו זיך הייסן ברענגען אַ צייטונג און איבערלייענען די נייעס און די פּאָליטיק. האָט איציקל אויס־געטייטשט דעם רבס קרעכצן מיט יידישע צרות...

אָבער אַרויסגעשטעלט האָט זיך עפּעס אַנדערש:

אין דער שטילקייט פאַר שופר־בלאָזן, ווען אַלע זענען געשטאַנען מיט די טליתים איבער די קעפּ האָט דער רב אָנגענומען איציקלען ביי דער האַנט, אַרויפגעפירט אים אויפן באַלעמער און באַפוילן:

— דו, איציקל, וועסט היינט זאָגן די ראש־השנה־דרשה!

איציקל האָט זיך דערשראָקן און אַליין נישט געוווסט וואָס ער זאָל טאָן. דער רב האָט אים געמוטיקט:

— דערציייל איציקל, וואָס דער משומד האָט געטאָן בעת דער פאַר־פליצונג!

יידן האָבן אַראָפגערוקט די טליתים פון די קעפּ און פאַרחידושטע אָנ־געשטעלט מויל און אויערן. ביים דאָרפס־שניידערל ציטערן הענט און פיס. עס דאַכט זיך אים אויס, אַז דער רב האַלט אַ פייערדיקע רוט איבער זיין קאָפּ. ער הייבט אָן מיט אַ ציטערדיקער שטימע. אין אָנהייב האָט ער געמיינט, אַז דער עולם וועט אָנהייבן שרייען: אַראָפּ פון באַלעמער! אָבער קיינער וואַגט נישט אַרויסצורעדן אַ וואָרט.

איציקל דערוואַרעמט זיך פון זיינע אייגענע רייד. ער רעדט מיט האַרץ און אימפּעט, פּונקט ווי ער וואָלט ווידער געשטאַנען אויפן בערגל מיטביידע קינדער אין די הענט. דער עולם גאַפט און שלינגט מיט נייגיר יעדעס וואָרט, ווי זיי וואָלטן ס׳ערשטע מאָל די מעשה געהערט. ביי יעדע עטלעכע ווערטער פון איציקלס דערציילונג, חזרט איבער דער רב זיינע ווערטער, ווי אַ שטייגער דאָס שניידערל וואָלט געזאָגט תורה־פּסוקים און דער רב גיט צו רש״י־טייטש:

— הייסט עס, אַז דו האָסט אים גאָרנישט געבעטן, נייערט ער איז אַליין געלאָפן אין וואַסער אַריין ראַטעווען דיין קינד.

איציקל מיינט, אַז ס׳איז שוין גענוג. ער וויל זיך אָפּשטעלן, נאָר דער רב הייסט אים ממשיך זיין.

איציקל נעמט זיך אָן מיט קוראַזש, דערציילט פּאָדריבנע דאָס אַלץ, וואָס איז דעמאָלט פּאָרגעקומען. דער עולם איז אין גאַנצן מיטגעריסן פונעם שניידערס איבערלעבונג, און דער רב טייטשט אויס זיינע רייד:

—... קומט דאָך אויס, ווי דו זאָגסט, אַז דיין ווייב איז געשטאַנען אויפן בערגל מיט אויפגעהויבענע הענט צום הימל און געשריגן און גע־בעטן צום רבונו של עולם ער זאָל איר צוריק אָפּגעבן איר קינד, און אין מיטן דערינען, ווי זי איז זיך פאַרגאַנגען אין געוויין, האָט זי פּלוצעם דערזען אַ רייטער אויף אַ פערד...

— יאָ, הייליקער רבי.

— ... און ווער האָט זוכה געווען צו ראַטעווען דיין קינד?

— דער משומד.

—... און דער רייטער איז געווען דער משומד, און די וואַסערן זענען

געווען שטורעמדיקע און טיפֿע, און דאָס וויגל, זאָגסטו האָט ער אָנגעכאַפּט מיט די לעצטע כוחות, און דאָס קינד האָט ער צוריקגעבראַכט צו זיין מאַמען, צו דער יידישער מאַמע... פון דעם, רבונו של עולם, איז דאָך געדרינגען אַז אַ ייד האָט קיין קאָנטראַקט נישט געמאַכט מיט שלעכטס. אַפילו אַ משומד קען זיך אויפהייבן צו דיין כסא הכבוד. און מה דאָך אַ משומד האָט באַוויזן זיך אַנטקעגנצושטעלן דיין גזר־דין און אָפּראַטעווען אַ נפש בישראל — ווילסטו, אַז איך זאָל מורא האָבן דאָס צו טאָן... בפרט נאָך, ווען עס האַנדלט זיך נישט אין נפש אחת בישראל, נאָר אין כלל ישראל...

און דער אַלטער רב האָט דערפילט ווי ער באַקומט צוריק זיינע כוחות. ער האָט גובר געווען אַ שטאַרקן קעגן־כוח, וואָס שפּרייט־אויס דאָס שלעכטס פונעם יידן און באַהאַלט אויס זיין גוטס. איצט איז ער שוין מער נישט געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, און מיט אַ התלהבות־דיקער שטימע אָנגעהויבן:

— למנצח לבני קורח מזמור...

# דעם פרינצס חלום

זעקס יאָר נאָך זיין חתונה מיט דער שיינער מלכה פון זונענלאַנד, האָט זיך דער פּרינץ אָמאָן מיכאַעליס פלוצעם דערפילט דער־דריקט און איינזאַם.

אַלע זיינע געפילן פון גליק און צופרידנקייט זענען ווי אַ נעפּל זיך פונאַנדערגעגאַנגען און זיינע געדאַנקען זענען געוואָרן טריב און שווער, ווי זיי וואָלטן אַריין אין אַ ספערע פון אייביקער נאַכט.

זונענלאַנד איז אַ קליינע מדינה, אָבער דער קעניגלעכער זומער־פּאַלאַץ איז געווען באַקאַנט ווי דער שענסטער אין דעם טייל וועלט.

לעגענדעס זענען אַרומגעגאַנגען וועגן אים. אַ רייזנדער וואָס האָט אַ מאָל באַשריבן דעם דאָזיקן פּאַלאַץ האָט זוכה געווען, אַז אַלע רייכע פּרינצן האָבן ביי אים געקויפט די באַשרייבונג און געפּרוווט נאָכמאַכן דעם לוקסוס פון פּאַלאַץ. אָבער קיינעם איז עס נישט געלונגען. דער קעניגלעכער פּאַלאַץ פון זונענלאַנד איז געבליבן איינגעהילט אין אַ סוד.

פון דער באַשרייבונג האָט מען אים נאָר געקאָנט באַוווּנדערן אָבער נישט נאָכמאַכן. מען האָט געוווּסט, אַז דער פּאַלאַץ געפינט זיך ביים ברעג ים. דער רייזנדער האָט אויך געוווּסט צו דערציילן, אַז די ווענט אינעם קעניגלעכן שלאָף־צימער זענען באַהאָנגען מיט אַ פעל פון אַזאַ חיה, וואָס שפּיגלט־אָפּ דעם זון־אויפגאַנג און ברענגט גליק פאַר דער קעניגלעכער קרוין. אָבער דער נאָמען פון דער חיה איז געוואָרן אָפּגעהיטן ווי אַ מלוכה־סוד, און דער רייזנדער האָט אים נישט געוווּסט אָנצוגעבן. ער האָט אויך דערציילט, אַז די בעטן זענען געמאַכט פון טייערן העלפאַנט־ביין, און אַז אין סופיט זענען איינגעפּאַסט אַלע טייערע איידל־שטיינער פון די קרוינען פון די קעניגלעכע דינאַסטיעס זינט אַכצן דורות.

אין יענער צייט פון יאָר האָט דאָס קעניגלעכע פּאָרל געוווינט אין זומער־פּאַלאַץ.

אָבער אַזוי ווי דעם פּרינץ איז מיט אַ מאָל אומעטיק געוואָרן אויפן האַרצן, ווייל טרויעריקע געדאַנקען זענען אים געקראָכן אין קאָפּ, איז ער איין מאָל, אין די נאַכט־קליידער, אַרויס פון קעניגלעכן פּאַלאַץ.

ער איז אַדורך די לאַנגע קאָרידאָרן, אַראָפּ פון די מירמלשטיינערנע טרעפּ, אָנהאַלטנדיק זיך אָן די גינגאָלדענע פּאָרענטשן, באַדעקטע מיט פּעלן פון שניי־ווייזעלעס.

ער איז אַרויסגעקומען צום אונטערשטן טויער, וואָס האָט געפירט צום פּאַרק.

דער פּרינץ האָט אַפילו נישט באַמערקט ווי דער אַלטער פּראַנסואַ, זיין קאַמערדינער, בוקט זיך פאַר אים און קוקט אים נאָך מיט פאַרדאַכט.

ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך מיט דראָבנע טריט. זיין פּנים איז געווען בלייך און ער האָט אויסגעזען ווי אַ לונאַטיקער.

עס איז געווען נאָך חצות. די אַלייען און סטעזשקעלעך פון פּאַרק זענען געווען באַלויכטן מיט אַ דיסקרעטער ליכט. דאָס גראָז איז פייכט, די בייטן בלומען שטייען מיט אויפגעהויבענע קעפּ און באָדן זיך אין פרישן טוי. און די קליינע טאָג־שוועמעלעך שפּיגלען זיך אינעם לבנה־שיין. דאָס זענען אַזעלכע שוועמעלעך, וואָס מען זייעט זיי פאַרן זון־אויפגאַנג און אויף צו מאָרגנס זענען זיי פאַרטיק. אַז מען קוקט זיך גוט צו צו זיי, זעט מען מיטן בלויזן אויג זייער רירן זיך און וואַקסן, פּונקט ווי מען זעט דאָס רירן זיך פונעם ווייזער פון אַ גרויסן זייגער.

דער פּרינץ איז נישט געווען קיין איינגעבוירענער אין פּאַלאַץ. אויף וויפל ער האָט געקאָנט דעם פּאַרק איז ער פאַר אים איצטער פאָרגעקומען ווי ניי. ער האָט באַמערקט, ווי די פלאַנצן, פירן דאָ אַ ביינאַכטיק לעבן אַ ניי לעבן וואַכט דאָ אויף.

אָבער דעם פּרינץ האָט גאָרנישט אינטערעסירט — נישט דער פּאַרק, נישט דאָס לעבן פון די פלאַנצן, און ער האָט ווייטער געשפּאַנט פאַרזונקען אין טרויעריקע מחשבות.

ער איז שוין געהאַט ווייט אַרויס פון פּאַרק און זיך געפונען אויפן פרייען פעלד. גראָד איז עס געווען די שענסטע צייט פון יאָר — פאַר שניט־צייט. אַלץ אַרום האָט אויסגעזען צוויבערנדיק:

דאָס קאָרן און דער ווייץ איז געווען פול מיט לאַנגע דיקע זאַנגען און די ביימער האָבן זיך געבראָכן אונטער דער לאַסט פון די רייפע פּירות. יעדעס שטיקל אַקער־לאַנד האָט געשפּראָצט מיט יוסטער זאַטקייט.

אַ קיל ווינטל, וואָס איז געקומען פון ים־ברעג, האָט אים דערפרישט און אויפגעוועקט פון זיינע רעיונות. ער האָט זיך אומגעקוקט צי מ׳גייט אים נישט נאָך.

ער האָט נישט געוואָלט, אַז עס זאָל אַרויסקומען אַ סקאַנדאַל אָדער אַ טומל.

אין פּאַלאַץ האָט ער זיך נאָך אַלץ געפילט פרעמד, און צווישן די הויף־לייט האָט ער נישט געהאַט קיין איין איבערגעגעבענעם פריינד, וועמען ער זאָל קאָנען אָנפאַרטרויען זיינע אינטימע איבערלעבונגען. ער האָט זיך אַ קערעווע געטאָן אויף רעכטס צום טאָל־צו, דאָרט ווו עס ליגט דאָס אַלטע פישער־דאָרף.

צום דאָרף איז נאָך געווען אַ שפּאָרער מהלך. פרינץ מיכאַעלס האָט געהאַט גענוג צייט צו זיין מיט זיך אַליין. זיינע מחשבות האָבן אים איצט צוריקגעפירט צו זיין לעבן אין די לעצטע צען יאָר.

פאַר זיינע אויגן האָט זיך אויפגעוויקלט דאָס בילד, ווען מען האָט אים צום ערשטן מאָל פאָרגעשטעלט פאַר דער פרינצעסין סאַמידעאַ, זיין איצטיק ווייב — די קעניגין פון זונענלאַנד.

ער דערמאָנט זיך פאַרשידענע איינצלהייטן, אָבער פון אַלע זיי שווימט־אַרויס איר דורכדרינגלעכער בליק, מיט וועלכן זי האָט אים אַדורכ־גענומען ביז טיף אין דיביינער. דער דאָזיקער בליק האָט זיך אַזוי אַריינ־געשניטן אין זיין זכרון, אַז ער האָט אַ ציטער־געטאָן און געפילט ווי קאַלטע פּליטערלעך קריכן אים אונטער דער הויט.

דער פרינץ האָט געשפּאַנט פאָרויס און ווייטער געפירט זיינע מחשבותן. ער האָט נאָך אַ מאָל געזעען די גאַנצע קעניגלעכע חתונה־צערעמאָניע, דאָס צעשטראַלטע פנים פון זיין פאָטער, דעם אַלטן קעניג און זיינע אויגן פול מיט פרייד. ער הערט דאָס שאַלן פון די פאַנפאַרן, וואָס האָבן אים באַגלייט אין דער חופּה־נאַכט. און — ער קאָן זיך אַלץ נישט באַפרייען פון דעם ביטערן געפיל, וואָס ער האָט דערפילט גלייך אויף צו מאָרגנס.

שפּאַנענדיק אַזוי פאָרויס, איז אים אַ יונג העזל פאַרלאָפן דעם וועג. ער האָט ראַפּטעם אויפגעהויבן דעם קאָפּ, און דערזען ווי דאָס טורעמל פון פישער־דאָרף זילבערט זיך אין דער אויפגייענדיקער לבנה.

דער פרינץ איז געקומען צו זיך. ער האָט אונטערגעאיילט זיינע טריט צו איינע פון די קרומע געסלעך פון דאָרף.

די געגנט, ווייזט אויס, האָט ער גוט געקענט, ווייל ער האָט אויסגעמיטן צו גיין מיטן הייזער־וועג און געגאַנגען דורך זייטיקע וועגלעך ביז ער איז צוגעקומען צו אַן אַלט הילצערן פישער־הייזל.

אויפן פלויט זענען געווען אויסגעהאָנגען עטלעכע נעצן, און אַלטע צעפוילטע שיפלעך זענען געלעגן נישט ווייט פונעם הייזל. קיין פיש־ריח האָט זיך נישט געפילט.

דער פּרינץ האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען, אַז די קליינע נידעריקע פענצטער־שייבלעך זענען פינצטער. שוין ביים אַריינגאַנג אין הויף האָט ער געהאַט אַן אויסטערלישע זעונג. ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכט אַז די אָנגעוואָרפענע שיפלעך זענען טייערע ים־יאַכטן, וואָס גליטשן זיך איבער שטילע וואַסערן.

ווי אויף אַ קעניגלעכן באַפעל האָט קיין הינט פון דער סביבה קיין ביל נישט געטאָן. ער האָט זיך געפונען אין אַ פאַרלעגנהייט: זאָל ער אָנקלאַפּן אין פינצטערן פענצטער־שייבל, אָדער וואַרטן? ער איז געשטאַנען אין מיטן הויף און זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן. אין דעם מאָמענט האָט ער געהערט אַ לייכטן סקריפּ פון אַ טיר און אַ מיידל מיט באָרוועסע פיס האָט זיך דערנענטערט צו אים.

דער פּרינץ איז איר אַקעגנגעגאַנגען מיט אויסגעשטרעקטע הענט און איר איינגעקלאַמערט אין זיינע אָרעמס.

— מאַגדאַ!

דאָס פישער־מיידל האָט דערפילט ווי דער פּרינץ ציטערט. זי האָט געטראַכט אפשר איז מיט אים עפּעס געשען? אפשר איז ער אויף אייגענער האַנט אַרויס מיט אַ שיפל אויפן אָפענעם ים. דאָס שיפל האָט זיך איבער־געדרייט נאָענט ביים ברעג און דער פּרינץ איז געקומען צו לויפן נאָך הילף. זי האָט אָנגעטאַפּט זיינע קליידער און ביים לבנה־שיין געזען, אַז דער פורפור־זיידענער כאַלאַט מיט די ווייס־געהאָפטענע מאַנזשעטן, און די גאָלד־געשטיקטע עטרה זענען טרוקן. זי האָט אָנגערירט זיין קאָפּ — אויך די האָר זיינע זענען טרוקן און גלאַט פאַרקאַמט. אַ צווייטער געדאַנק איז איר אין דעם מאָמענט אַדורכגעלאָפן: אפשר איז ווער דעם פּרינץ באַפאַלן? אָדער אפשר איז אין קעניגלעכן הויף פאָרגעקומען אַן אויפ־שטאַנד?

זי האָט געוואָלט עפּעס געוויינער ווערן פון זיין בליק, אָבער אין זיינע אויגן האָט זי קיין פּחד נישט באַמערקט. פאַרקערט, די אויגן פון פּרינץ

זענען געווען מילד און פאַרחלומט... דער אויסדרוק פון זיין פּנים איז דער זעלבער צופרידענער ווי זי האָט אים דאָס ערשטע מאָל אויפן אָפענעם ים דערזען.

יענער טאָג איז געווען טיף איינגעקריצט אין מאַגדאַס זכרון. זי איז געווען די עלטסטע טאָכטער ביים אַלטן פישער. דער פאָטער האָט קיין זין נישט געהאַט און פון איר פריערסטער יוגנט אָן האָט ער זי מיט־גענומען צום פיש־פאַנג.

יענעם טאָג ווען זיי זענען אַרויס אויפן אָפענעם ים איז דער הימל געווען לויטער. דער ווינט האָט געטריבן זייער שיפל צו דרום־מערב זייט. נאָך איידער זיי זענען צוגעקומען צו די „פיש־וואַסערן" האָבן זיי שוין געהאַט אַ גוטן פאַנג. דער פאָטער האָט כסדר אַריינגעוואָרפן פיש אין שיפל. זיי זענען געווען אַזוי פאַרנומען, אַז זיי האָבן אַפילו נישט באַמערקט ווי דער הימל באַדעקט זיך מיט שוואַרצע וואָלקנס, און דער ווינט דרייט זיך אויס אויף צפון. פלוצעם האָט אַ דונער־געטאַן, דער ווינט האָט זיך פאַרשטאַרקט, די כוואַליעס האָבן גענומען וואַרפן דאָס שיפל העכער און מיט אַ מאָל האָט דער ווינט אָפּגעבראָכן דעם זעגל.

דער אַלטער פישער האָט נישט אָפּגעלאָזט די ווייעסלעס און געהאַלטן אין איין שרייען זי זאָל אויסשעפּן דאָס וואַסער פון שיפל. שפּעטער האָבן זיי אויך די פיש אַרויסגעוואָרפן, אָבער אין שיפל האָבן זיך באַוויזן שפּאַלטן. דער אַלטער האָט אַוועקגעלייגט די ווייעסלעס און זיך אַרומ־געקוקט אויפן אָפענעם ים. ערשט דעמאָלט האָט ער דערזען ווי אַ יאַכט־שיף איילט צו זיי מיט דער גאַנצער פאַרע. ער האָט די שיף דערקענט און צו זיין טאָכטער אויסגעשריגן:

— מאַגדאַ! די קעניגלעכע יאַכט קומט אונדז ראַטעווען.

די יאַכט איז צוגעשווומען און אַריבערגעוואָרפן צו זיי גראָבע שטריק. דאָס פישער מיידל האָט זיך פלינק אַרויפגעכאַפּט אויף דער יאַכט, און ווען זי האָט דערגרייכט צום דעק האָט דער פּרינץ אַליין צו איר אויסגעשטרעקט די האַנט. ער האָט אויך אַריבערגענומען דעם פאָטער אירן און אַפילו געהייסן צובינדן זייער שיפל צו דער קעניגלעכער יאַכט.

מאַגדאַ געדענקט ווי די קעניגין אַליין מיט איר סוויטע האָבן זיך צוגעקוקט צו דער גאַנצער סצענע. זי איז געשטאַנען פון דערווייטנס פון די אָפּגעראַטעוועטע פישערס, אָבער בעת דער פּרינץ האָט איר דערלאַנגט אַ האַנט ביים אַרויפנעמען זי אויפן דעק, האָט די קעניגין אויף אים אַ בייזן

בליק געטאָן, און די סוויטע־לייט האָבן זיך אַדורכגערעדט מיט די אויגן.

דעם פישער־מיידל דאַכט זיך אויס, אַז אויך איצט קוקט אויף איר די קעניגין מיט בייזע אויגן. זי פּרוּווט זיך באַפרייען פון פּרינצס אָרעמס. —

— זאָל אייער עקסעלענץ צוריקגיין צו דער שיינער קעניגין!...

דער פּרינץ האָט זיך געפילט געטראָפן. זיין אַדל־בלוט האָט אין אים גענומען זידן. ער האָט זיך אָבער שנעל באַהערשט און זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז ער האָט נישט צו טאָן מיט איינע פון די הויף־דאַמען, נאָר ער געפינט זיך אין אַ פישער־דאָרף שפּעט ביי נאַכט.

— אויב דו האָסט מורא פאַר דער קעניגינס אויג, טאָ קום, לאָמיר זיך ערגעץ באַהאַלטן צווישן די בלומען־קוסטעס.

מאַגדאַ האָט אים צוגעפירט אין אַ זייט פון פלויט וווּ ס'האָבן געפעלט עטלעכע ברעטער. מ'האָט דאָ לייכט געקאָנט אַדורכגיין. מיט אייליקע טריט האָבן זיי זיך דערווייטערט פון דער פישער־כאַטע און צוגעקומען צו אַ קליין בלומען־גערטנדל.

דער פּרינץ האָט זיך אַ ביסל פאַרלוירן. נישט געוווּסט וואָס פאַראַ שמועס ער זאָל מיט איר אָנהייבן. האָט געקוקט ווי פאַר זיך און ווי אין עפּעס זיך דערמאָנט.

— וואָס פאַראַ לעגענדעס גייען אַרום ביי אייך אין פישער־דאָרף?

מאַגדאַ איז געוועזן צופרידן פון דער פראַגע, אַבי אָן עפּעס־וואָס זיך אָנצוכאַפּן.

— ווען איך זאָל, אייער הויכקייט, אָנהייבן דערציילן אַלע לעגענדעס, וואָלטן זיבן טעג און זיבן נעכט נישט געסטייעט זיי אויסצודערציילן.

— דערצייל מיר כאָטש איינע פון זיי.

מאַגדאַ האָט זיך געוואַקלט מיט דער דעה: זאָל זי דערציילן דעם פּרינץ די לעגענדע פון די בלומען? זי האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז נישט שיין צו מאַכן זיך נאַיִוו פאַרן פּרינץ. יעדער בר־דעת פאַרשטייט, אַז אַ מיידל פון 21 יאָר דאַרף שוין זיך האַלטן פאַר אַ רייפן מענטשן, וואָס ווייסט די סודות פון מין. זי האָט מיט אַ וויכער שטים אָנגעהויבן:

נאָך דעם ווי גאָט האָט באַשאַפן די וועלט און איינגעטיילט אַלע בעל־חי די פונקציעס, איז אים געבליבן צוויי הויקערס. האָט ער נאָך אַ מאָל געהייסן אַדורכפירן פאַרן כסא־כבוד אַלע חיות וואָס ער האָט באַשאַפן און געוואָלט וועמען געבן אַ צולייג אַ הויקער.

צו ערשט איז אַדורכגעגאַנגען דער לייב. דער לייב איז געווען יונג און שיין און ס׳איז געווען אַ שאָד אים צו פאַרקריפּלען מיט אַ הויקער.

האָט מען געבראַכט דעם פוקס און אים געוואָלט צוקלעבן אַ הויקער. האָט דער קלוגער פוקס געטענהט, אַז ער האָט שוין גענוג צרות פון שלעפּן זיין ברייטן עק, און ווען מען זאָל אים נאָך עפּעס צולייגן ווערט ער שוין אין גאַנצן אויס פוקס.

אַזוי איז געווען מיט יעדער חיה. יעדע האָט געפונען אַן אַנדערן תירוץ.

גאָר צום לעצט זענען פאַרבייגעגאַנגען דאָס קעמל און דער מענטש. איז שוין נישט געווען קיין אַנדערע עצה און מ׳האָט אָנגעהאָנגען די הויקערס דעם קעמל און דעם מענטש.

סיי דאָס קעמל און סיי דער מענטש האָבן אַפילו קיין פּיפּס נישט געטאָן און אָנגענומען באַהבה גאָטס גאָב.

ס׳איז דעמאָלט געווען דער לעצטער טאָג פון באַשאַף, און אַלע באַ־שעפעניש האָבן געאיילט זיך איבערצונעמען זייערע פונקציעס.

אָבער די פמליא של מעלה האָט זיי נאָך אַ מאָל געוואָלט אָנקוקן.

האָט מען געמאַכט פאַר אַלע באַשעפענישן אַ גרויסן פאַראַד און דער גאַנצער וועג וואָס האָט געפירט צום כסא־הכבוד איז געווען אויסגעלייגט מיט אַלע מינים בלומען.

עס האָט געדויערט אַ שפּאָר ביסל צייט ווי די אַלע מינים חיות זענען פאַרבייגעגאַנגען.

די גאַנצע צייט איז געווען שטיל.

די בלומען האָבן געהאַלטן אין איין ציטערן, אַז די חיות זאָלן זיי נישט אויפפרעסן, אָבער ביים סאַמע סוף, ווען ס׳זענען אַדורכגעגאַנגען דאָס קעמל און דער מענטש, האָבן זיך די בלומען שטאַרק צולאַכט.

די נקבות פון די בלומען זענען נאָך מער פאַרשייט געווען און אָפן געשפּעט:

— וועלכע נקבה וועט דאָס צולאָזן צו זיך אַ הויקער ?...

האָט גאָט אַליין דערהערט דאָס פרעכע געלעכטער און די בלומען פאַרשאָלטן .

זייער פאָרם־שיינקייט און קאָלירן האָט ער פון זיי שוין נישט געוואָלט צוריקנעמען, האָט ער אויסגערופן:

ווייל איר האָט געלאַכט אויס מעשה־ידיי, וועט דער זכר קיין מאָל צו

איך מער נישט קאָנען זיך צורירן. נאָך מער: איר וועט זיין אַזוי שיין, אַז דער זכר וועט זיין גאַנץ לעבן גלוסטן צו דער נקבה און — נישט קאָנען דערגרייכן. און ווייל דער ווינט האָט זיך אַריינגעמישט און איך ווייטער נישט געלאָזט לאַכן, וועט ער, דער ווינט, האָבן דאָס פאַרגעניגן איבער־צוטראָגן די מענער־זאָמען צו די נקבות. אַזוי אַרום וועלן זיי באַפרוכפערט ווערן.

דער פרינץ האָט אַלץ אויסגעהערט און ווען דאָס פישער־מיידל האָט פאַרענדיקט איר דערציילונג האָט ער אָפגעזיפצט.

— וואָס זיפצסטו אַזוי, מלכהס מאַן?, גליקלעכסטער מענטש אין זונענלאַנד.

— דאָס איז טאַקע מיין צרה — האָט דער פרינץ פאַרקלערט גע־ענטפערט: איך האָב נישט מיט וועמען צו ריידן פשוטע מענטשלעכע רייד. מיט דער מלכה רעד איך נאָר אַזעלכעס, וואָס עס פאַסט פאַר איר מאַ־יעסטעט. וואָלט איך אָבער איר וועלן זאָגן וואָס איך טראַכט — וואָלט דאָס געהייסן מורד במלכות זיין. פאַר דעם קומט אַ האַרבע שטראָף — אַפילו אויב דאָס ווערט געטאָן דורכן מאַן פון דער מלכה. אויב איך שמייכל צו איר, איז עס נישט אַזוי מחמת ליבשאַפט, נאָר ווייל אַזוי פאָדערט דער צערעמאָניאַל — דער באַפעל. אַפילו דאָס אַריינגיין צו איר אין שלאָף־צימער געהערט אויך צו מיינע פליכטן, וואָס קומט דורך אַ קעניגלעכן באַפעל. אָבער אַליין האָב איך אַ ווידערגעפיל צו איר...

דער פרינץ האָט זיך אַנידערגעזעצט אויפן גראָז. זיין פּנים איז אויס־געקומען אַנטקעגן דעם מיידלס טאַליע. איצט האָט זיין שטימע געקלונגען ווייך און סענטימענטאַל:

— דאַקעגן דיך, מאַגדאַ, אַז איך נעם אַרום, פיל איך ווי דאָס קלאַפּן פון דיין האַרצן טרייבט האַסטיקער מיין בלוט... מיט דיין ווייבלעכן ציטער שטורעמסטו־אויף מיין נשמה... אָבער דאָרטן, אין פּאַלאַץ...

אין דער נאַכט־שטילקייט האָבן דעם פרינצס רייד געקלונגען פאַר מאַגדען ווי פאַסטאָראַלע מוזיק. ס׳איז איר אַזוי גוט געווען אויף דער נשמה, אָבער זי האָט זיך דערשראָקן פאַר זיינע לעצטע ווערטער. זי האָט זיך באַפרייט פון זיינע אָרעמס און אויסגערופן:

— פרינץ!

פרינץ מיכאַעלס האָט זיך אַפילו נישט אָפגעשטעלט און ווייטער געצויגן זיינע רייד:

— דאָרטן בין איך נישט דער באַלעבאָס איבער מיינע געפילן... נאָר בלויז אַ מאַן... און דער הויף־דאָקטער האָט זיך אַפילו נישט געשעמט צו מאַכן פאַרשידענע אַנאַליזן פון מיין בלוט און מאַרך...

דאָס דאָרפס־מיידל האָט זיך אויפגעשטעלט.

— מען זאָגט דאָך אָבער אַז די דעה און די מאַכט ליגט אין דיינע הענט.

— דאָס מאַכט מען מיר נאָר אַזאַ רעפּוטאַציע, כדי דאָס פאָלק זאָל וויסן, אַז די מלכה האָט אַ קלוגן מאַן. ווען איך וואָלט געלעבט אין דעם פּאַלאַץ מיט הונדערט יאָר צוריק וואָלט מען אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז די מלכהס מאַן רעדט זיך אַדורך מיט גאָט אַליין און זאָגט איר ווי אַזוי צו פירן דאָס קעניגרייך. אין דער אמתן אָבער איז אַלץ וואָס די קעניגין רעדט אין סענאַט פאַרבאָרגן פאַר מיר ביז דער לעצטער מינוט. איטלעכע רעדע שרייבט אָן דער הויף־באַראַטער. פון זינט איך האָב געוואָלט אויס־בעסערן אַ פּונקט פון דער קעניגלעכער רעדע, היט מען זיך פאַר מיר.

דער פּרינץ און מאַגדע האָבן זיך אָנגענומען פאַר די הענט און געלאָזן שפּאַצירט אויף די לאָנקעס אַרום דעם פישערס כאַטע.

די נאַכט האָט געוועקט די גרעזלעך צום לעבן. די קאָרן־זאַנגען האָבן שוין דערגרייכט ביז איבערן אַקסל. פון טאָל האָט געריסן דער ריח פון פריש געשניטענעם היי.

אין אָנהייב האָט מאַגדע געצווייפלט אין זיינע רייד, אָבער איצט, נאָכן פּרינצס אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן, האָט דער צווייפל צוביסלעך אויס־געוועפט. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז אַ פּרינץ וועט זיך פון קאָפּ אַזאַ מעשה נישט אויסטראַכטן. זי האָט מער נישט געזען זיין גליק און רייכטום.

זי האָט נאָך אַ מאָל אָנגעטאַפּט זיינע קליידער. דאָס מאָל האָט זיך איר אויסגעוויזן אַז דאָס זענען גאָר גראָבע טראַנטעס וואָס עס טראָגן די בעטלערס וואָס זיצן ביים הויפּט־טויער פון דער שטאָט און בעטן נדבות. דאָס פישער־מיידל פלעגט שטענדיק אָנגרייטן פאַר זיי אַ פּאָר פישלעך אין אַ זייט פון איר קוישל און דערלאַנגען זיי די בעטלערס. זיי האָבן געוווּסט ווען איר אָפּוואַרטן. מאַגדען האָט זיך אויסגעדאַכט אַז אויך דער פּרינץ זיצט איצטער מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט. עס האָט איר אַרומגענומען אַ רחמנות געפיל אויף דעם מענטשן וואָס אַנטלויפט ביי נאַכט פון קעניגלעכן פּאַלאַץ צו געפינען אַ ביסל גליק ביי אַ פישער־מיידל.

— איך וואָלט דיך אַזוי נישט באַהאַנדלט — האָט זי שטיל אַ זאָג־געטאָן — און אים לייכט אַרומגענומען.

ער האָט זי פעסטער צוגעדריקט צו זיך און אָנגעהויבן רעדן ווי פאַר זיך:

— כ׳ווייס מאַגדאַ! דערפאַר בין איך אַנטלאָפן פון פּאַלאַץ און געקומען צו דיר. אַפילו די שטעק־שיך פאַרגעסן צו נעמען אויף זיך און געלאָפן צו דיר. איצט נעם צו מיין מתנה. איך האָב דיר געבראַכט אַ רינג, וואָס מיין מוטער האָט מיר געגעבן ווען כ׳בין נאָך זייער יונג געווען און געזאָגט: „באַהאַלט דאָס פאַרן מיידל וואָס דו וועסט ליבן".

דאָס דאָרפס־מיידל האָט נישט באַנומען זיינע רייד און נישט געוואָלט אין זיי אַריינטראַכטן. זי האָט נאָר געוווּסט אַז דער פּרינץ איז זייער שיין. ערשט איצט האָט זי פאַרשטאַנען, אַז דאָס וואָס זי האָט ביז איצט פון זיך אָפּגעשטויסן אַלע בחורים פון פישער־דאָרף איז געווען נאָר דערפאַר ווייל קיינער פון זיי איז נישט געווען ענלעך צו דעם מאַן פון אירע טרוימען. דעם פּרינץ דאַקעגן, ווי נאָר זי האָט אים דערזען בעתן שטורעם אויף דער יאַכט־שיף האָט זי גלייך דערקענט, ווי ער וואָלט געווען אירער אַ נאָענטער... זי האָט אָבער איצט נישט געהאַט די דרייסטקייט צו אַנט־פּלעקן אירע געפילן און גערעדט וועגן גאָר עפּעס אַנדערש.

זאָג מיר פאַר וואָס האָבן אַלע איינוווינער פון פישער־דאָרף אַזוי ליב די קעניגין?

דעם פּרינצס פּנים האָט זיך פאַרכמאַרעט און ער האָט געענטפערט:

ווייל פאַרשטייסטו מיך מאַגדאַ, דאָס פאָלק האָט ליב מ׳זאָל איבער אים הערשן. דאָס איז אייגנטלעך אַ וויכטיקער פילאַר, אויף וועלכן עס האַלט זיך די דינאַמישקייט פון מענטשלעכן לעבן. אַנדערש וואָלטן מיר אַזוי פיל אויפגעטאָן ווי די חיות פון וואַלד, אָדער די פיש פון וואַסער. און פון וואַנען מיינסטו האָבן דאָס מענטשן אויסגעטראַכט צו כאָווען ביי זיך אַ קעניגין? איך האָב דאָס לאַנג געזוכט אין די ביכער און געפונען, אַז דאָס שטאַמט נאָך פון די קדמונים, פון גאָר אַלטע צייטן. דער ערשטער מענטש וואָס האָט אַריינגעקוקט אין אַ בינשטאָק און זיך צוגעקוקט צום לעבן פון די בינען, האָט דערזען ווי דער האָניק ווערט אויסגעאַרבעט דערפאַר וואָס אַ קעניגין געפינט זיך אין בינשטאָק. האָט אים, דעם מענטשן דער האָניק פאַרשמעקט און ער האָט גענומען נאָכמאַכן די בינען...

דאָס פישער־מיידל האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן פּרינצס מויל.

האָסט גאָרנישט מורא אַזוי צו רעדן? דו רעדסט דאָך קעגן דייך שטאַנד! אָ, ווען אַ דאָרפס־מענטש רעדט אַזוי... אָבער, כ׳בעט דיך רעד שטילער. עס קענען נאָך דערהערן די פישער פון דאָרף. זיי וואָלטן פאַר אַזעלכע רייד אונדזביידן פאַרשטיינט...

פרינץ מיכאַעלס האָט זיך אויפגעשטעלט און זיך אויסגעדרייט צום מיידל.

האָב נישט קיין מורא! פאַר די פישער פון דאָרף בין איך דער דוכס פון זונענלאַנד, דער מלכהס מאַן!

— און פאַר וואָס ביסטו נישט פּאָפּולער אין אונדזער דאָרף?

— פאַרשטייסטו, ווייל ביי אונדז אין הויף טאָר קיינער נישט זיין קלוגער פון דער קעניגין. אַז ס׳קומט אונטער עפּעס אַ גייסטרייכער זאָג, שרייבט מען עס אָן אויף אַ צעטעלע און מ׳שיקט עס אַריין אויף דער גאָלדערנער טאַץ צו דער קעניגין, און עס געהערט שוין אויף אייביק צו איר. ווייל מען צוטראַכטן ישיעות פאַרן פאָלק, קומט עס פון דער קעניגין. פּאַסירט אָבער עפּעס שלעכטס אין לאַנד הענגט מען עס אָן אויף די פּלייצעס פון די מיניסטאָרן. און דער פאָלקס־צאָרן פאַלט אויף זייערע קעפּ.

פאַרן דאָפס־מיידל זענען אַזעלכע רייד געווען פרעמד. זי האָט קיין מאָל נישט געהערט אַז די פישער זאָלן אַזוי רעדן, ווי עס רעדט גראָד דער פרינץ פון זונענלאַנד.

אַ ציטער איז איר דורכגעלאָפן איבערן גאַנצן קערפּער. זי האָט דערפילט אַ פחד. ס׳האָט זיך איר אויסגעוויזן ווי עפּעס אַ פרעמדער האָט זיך אַריינגעריסן אין דער ביינאַכטיקער שטילקייט פון דאָרף און וויל אַרויסרופן אַן אַלאַרם, אַ שטורעם וואָס וועט רייסן מענטשלעכע קעפּ ווי אַ שטורעם־ווינט רייסט די זעגלען אויפן אָפענעם ים. מאַגדאַ האָט געפילט ווי די צונג קלעבט זיך איר צום גומען און זי האָט נישט געקאָנט אים ענטפערן.

צווישן די טיפע גראָזן אויף וועלכע זיי האָבן געשפּרייזט האָט זיך עפּעס אַ באַוועג־געטאָן. דאָס דאָרפס־מיידל האָט אַ שפּרונג־געטאָן, ווי ס׳וואָלט איר וואָס אַ ביס געטאָן. זי האָט געהאַט אַ באַגער פון אים צו אַנטלויפן.

זיי זענען געגאַנגען אָן ווערטער, יעדער פאַרזונקען אין זיינע געדאַנקען. מיט אַ מאָל האָבן זיי דערזען ווי דער מאָרגנשטערן נעמט זיך

לעשן. אין די פענצטערלעך פון די פישער־כאַטעס האָבן זיך גענומען צינדן פייערלעך פון נאַפט־לעמפלעך.

מאַגדאַ האָט דערהערט ווי איר פאָטער עפנט די טיר וואָס גייט אַרויס צום הויף און ער צעהוסט זיך אויפן קול.

און איידער נאָך דער פרינץ האָט באַוויזן זיך אַרומצוקוקן, האָט זיך מאַגדאַ פון אים אַ דריי־אַרויס געגעבן און דעם פרינץ איבערגעלאָזן אַליין.

*

באַגינען האָט דאָס אַלאַרם־גלעקל פון דעם קעניגלעכן שלאָף־צימער שניידעווודיק זיך צעקלינגען.

דער אַלטער קאַמערדינער איז אַ דערשראָקענער אַריינגעלאָפן צו דער מלכה און זי געטראָפן אַן אויפגערעגטע.

— ווו איז דער דוכס? — האָט זי שטרענג געפרעגט.

דער אַלטער קאַמערדינער האָט נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן. ער האָט גענומען זוכן דער מלכהס מאַן איבערן גאַנצן פּאַלאַץ און אים נישט געטראָפן. דערנאָך איז ער געלאָפן אין פּאַרק אַריין.

באַלד איז אים דער גערטנער אַקעגנגעלאָפן. דער געניטער קאַמער־דינער האָט גלייך דערקענט אין גערטנערס פנים, אַז יענער ווייסט דעם סוד, ווו ס׳געפינט זיך דער פרינץ. און איידער ער האָט אים נאָך עפּעס דערציילט, נעמט דער גערטנער אים אָן ביי דער האַנט און פירט אים צו צו אַ זייטיקער אַלייע, ווו דער פרינץ איז געזעסן אויף אַ באַנק.

דער קאַמערדינער האָט לייכטער אָפּגעעטעמט און גלייך געוואָלט צוריקלויפן מיטן שטאַפעט צו דער קעניגין. דער גערטנער האָט אים אָנגעכאַפּט פאַרן אַקסל:

— דער פרינץ איז נאָר־וואָס צוריקגעקומען פון פישער־דאָרף, און ער איז מיד און פאַרחלומט — רוימט ער אים איין סודותדיק אין אויער. זע! ער גייט דאָך נאָר אין די זאָקן. גיי ברענג אים די שטעק־שיך!

ווען פראַנסואַ איז צוריקגעקומען מיט די גאָלדענע שטעק־שיך אין האַנט, האָט דער פרינץ נאָך אַלץ געדרימלט.

און ווען דער אַלטער קאַמערדינער האָט אים גענומען אָנטאָן די שטעק־שיך, האָט דער פרינץ זיך גענומען וועקן און רעדן ווי פון חלום:

— וואָס ביסטו געפאַלן צו מיינע פיס? שטיי אויף מאַגדאַ...

— דאָס בין איך, פראַנסואַ האָט דער אַלטער קאַמערדינער זיך אָפּ־גערופן — איך טו אייער עמינענץ אָן די גאָלדענע שטעק־שיך.

מיטאָג־צייט האָט די קעניגין נאָך אַ מאָל גערופן צו זיך דעם קאַמערדינער און אים אַ פרעג געטאָן:

— קענסט מיר זאָגן ווו דער דוכּס איז די נאַכט געווען?

— דער אַלטער קאַמערדינער האָט זיך טיף פאַרנייגט און געבעטן צוויי מינוט צייט צו קענען ענטפערן אויף דער קעניגינס פראַגע.

באַלד איז ער צוריקגעקומען און ווי אַרויסגעלייענט:

„נעכטן אָוונט, ווען די קעניגין איז געווען פאַרנומען ביי דער אויסערגעוויינלעכער הויף־באַראַטונג, האָט זיין הויכקייט, דער דוכּס פון זונענלאַנד, אַ גאַנצע נאַכט פאַרבראַכט מיט אַ גרופּע געלערנטע און פאָרשער אויף דער שיף „מאַגינא". זיי האָבן צוזאַמען שטודירט די אַטמאָספערישע באַדינגונגען אויפן אָפענעם ים".

— אַזוי איז בפירוש פאַרשריבן אין קעניגליכן טאָג־בוך.

# ד אָ ס  ק נ ע פ ל

מיין באָבע איז געווען אַן אמתע אשת חיל. זי האָט די מינדעסטע זאַך נישט אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. זי איז געווען אַ בריה אין נייען און שטריקן. פון גרויסע זאַכן האָט זי איבערגעמאַכט אויף קלענערע. פון אַ פאַלטן האָט זי געמאַכט אַ מאַרינאַרקע אָדער אַ זשאַקעט. פון לאַנגע זאָקן — שקאַרפעטן. דאָ אַ נייעם קאָלנער, און דאָרט — אַ לאַטע, און ס׳איז ווידער געווען איבערצוטאָן אַ ניי העמד אויף שבת.

ביי איר, ביי מיין באָבען, איז גאָרנישט פאַרלוירן געגאַנגען, און אַז אַ גלאָז איז אַ מאָל צעבראָכן געוואָרן, אָדער דאָס גלעזל פון 11־ער נאַפט־לאָמפ האָט געפלאַצט, האָט זי זיך אַליין אויסגעמוסרט: אין די היינטיקע גלעזער — האָט זי באַדאַרפט געדענקען — טאָר מען נישט ראַפטאָוונע אַריינגיסן הייס וואַסער. מען דאַרף פריער אַריינלייגן אַ קלעצל צוקער, אַריינשטעלן אַ טיי־לעפעלע, און דאָס זודיקע וואַסער גיסן אויפן לעפעלע, און נישט באַלד אויפן גאָלע גלאָז, ווי זי האָט דאָס מאָל געטאָן. און מיטן גלעזל פון לאָמפ איז דען אַנדערש געווען? אַז מען דרייט אַרויף דעם ברענער און מען מאַכט אַזאַ גרויסן פלאַם, מוז דאָך דאָס גלעזל פלאַצן! צו ערשט האָט זי דאָס גלעזל פאַרקלעפט מיט צייטונגס־פאַפיר, אָבער די פאַפירענע לאַטעס האָבן לאַנג נישט געהאַלטן, זענען אַדורכגעברענט געוואָרן און דער קאָפעטש האָט זיך געהויבן ביזן פאָלאָפ. איז זיצן אַ ווינטער־נאַכט אָן אַ גלעזל אויפן לאָמפ, איז אויך קריטיש. האָט די באָבע אָנגעצונדן די לאָמטער און אַרויסגעגאַנגען אין געוועלבל קויפן אַ גלעזל.

מיין באָבע שרה האָט פאַרמאָגט, ווי מ׳זאָגט: אַ גאָלדן האַרץ. זי האָט געטאָן אַ סך צדקה און יעדן פרייטיק געבאַקן עקסטרע־קיכלעך פאַר אָרעמע לייט וואָס וועלן קומען אויף שבת. און אָרעמע־לייט האָבן אין יענע צייטן נישט אויסגעפעלט. ווי נאָר זיי זענען געקומען אין שטעטל אַריין זענען זיי ס׳ערשטע געקומען צו דער באָבען נאָך קיכלעך. נישט אַזוי צוליב דעם

וואָס זיי זענען הונגעריק — האָבן זיי געזאָגט — נאָר ווייל די באָבעס קיכלעך האָבן טויזנט טעם. און איינער האָט דערציילט דעם אַנדערן מיט וואָס פאַרע געשמאַקע קיכלעך די באָבע איז מכבד די אורחים.

אַז די באָבע איז איצט צוריקגעגאַנגען פון דעם געוועלבל מיט דער לאָמטערנע אין האַנט, איז איר זייער פאַרדראָסיק געווען וואָס זי האָט אויסגעגעבן אַ „בחינמדיקן זעקסער" פאַרן נייעם גלעזל צום נאַפט־לאָמפּ. זי האָט געטראַכט וואָס אַלץ זי האָט געקאָנט פאַר דעם זעקסער אויפטאָן. בעסער וואָלט געווען ווען זי גיט אַכטונג אויפן נאַפט־לאָמפּ און ליבערשט פאַר דעם זעקסער אַריינגעטאָן אַ ביסל מער ראָזשינקעס און נאָך אַ פּאָר אייער אין די קיכלעך אַריין. די אָרעמע־לייט זאָלן זיך דער־כאַפּן דאָס האַרץ. אָבער נאָך בעסער וואָלט געווען — האָט די באָבע ווייטער אַריינגעקלערט — ווען זי וואַרפט אַריין דעם זעקסער אין דער פּושקע פון ר׳ מאיר בעל הנס. דעמאָלט ווייסט זי דאָך כאָטש, אַז דאָס געלט גייט קיין ארץ־ישראל, און אין דער הייליקער שטאָט ירושלים זיצן ישיבה־בחורים און לערנען תורה. און אַזוי ווי זי גייט אַזוי פאַרטראַכ־טערהייט, דערשפּירט זי אַז זי האָט אויף עפּעס אַרויפגעטראָטן.

דאָס ערשטע קנעפּל.

ס׳איז שוין געווען אַ שיינע פּאָר וואָכן נאָך סוכות, אין די זאַדושקעס, ווען די רעגנס גיסן עטלעכע טעג אָן אויפהער. דאָס אויסגעברוקירטע טראָטואַרל איז געווען איין שטיק בלאָטע.

וואָס אַן אמת האָט זיך די באָבע שרה געאיילט אַהיימצוגיין, ווייל אין שטוב האָט געקאָפּטשעט דאָס לעמפּל אָן אַ גלעזל, מען דאַרף אָבער קענען מיין באָבע, אַז זי האָט אויף עפּעס אַרויפגעטראָטן וועט זי דאָס נישט אַזוי גלייך אָפּלאָזן און גיין ווייטער. צו ערשט מוז זי וויסן אויף וואָס זי האָט אַרויפגעטראָטן, און אַז זי וייס שוין, ערשט דעמאָלט טוט זי זיך באַקלערן אויב עס לוינט זיך דאָס בכלל אויפצוהייבן.

האָט די באָבע שרה אַרויפגעדרייט די קנויט פון דער לאָמטערנע און אַרומגעלאָכטן אַרום אירע פיס. קיין סך טריט, האָט זי געוווסט איז זי נאָך נישט פאַרבייגעגאַנגען; אפשר צוויי, דריי. צו איר מזל איז נאָך אַלץ די בלאָטע געווען אַ געדיכטע און ס׳איז איר נישט געווען באַקוועם אָפּ־צומעסטן די טריט, אָבער זי האָט פּאַוואָלינקע צוריק אַריינגעטראָטן אין אירע פוס־טריט און... ס׳איז דאָ! די באָבע האָט זיך אַראָפּגעבויגן, אַ ביסל אָוועקגעשאַרט די בלאָטע און אויפגעהויבן — אַ ק נ ע פּ ל.

זי האָט באַלד ביים שיין פון דער לאָמטערנע באַקוקט דאָס קנעפּל אין אַלע זייטן. אפשר האָט עס גאָר נישט קיין לעכלעך און מ׳האָט עס סתם אַוועקגעוואָרפן. אָדער אפשר האָבן זיך די לעכלעך אָפּגעבראָכן און מ׳וועט עס סיי־ווי נישט קענען אָנניען. אָבער נישט דאָס און נישט יענץ. ס׳איז אַ גוט קנעפּל! ס׳איז אַ שטאַרק קנעפּל, און מ׳קאָן עס אָנניען אַפילו אין די ווינטער־הויזן אונטער די שעלקעס.

האָט די באָבע מער נישט געטראַכט און מיטגעברענגט דאָס קנעפּל אין שטוב אַריין.

אויף צו מאָרגנס האָט זי עס נאָך אַ מאָל אָנגעקוקט ביים טאָג־ליכט, און זי האָט געזען, אַז עס איז אַזוי ווי זי האָט געזאָגט:

ס׳איז אַ גוט קנעפּל.

און דאָס קנעפּל האָט געהאַט מזל. דאָס וועטער האָט זיך געענדערט און ס׳איז געפאַלן דער ערשטער שניי. דער זיידע האָט באַדאַרפט אָנטאָן דעם באַשליק אויפן קאָפּ און ס׳האָט אין אים געפעלט אַ קנעפּל. לכתחילה האָט דער זיידע געמיינט, אַז ער וועט שוין אַזוי מוזן אַרויסגיין פון שטוב מיט אַ נישט פאַרקנעפּלטן באַשליק, און דער שניי וועט אים אַריינפּרישען אין האַלדז. אָבער בעת ער איז שוין געשטאַנען ביי דער שוועל, האָט די באָבע אים אָפּגעהאַלטן. די באָבע איז צוגעגאַנגען צו דער קאָמודע, געעפנט דאָס שיפלאַד, אַרויסגענומען דאָס קנעפּל און עס אָנגענייט אין באַשליק.

ערשט איצט האָט דער באָבען אַ הנאה געטאָן, וואָס זי האָט זיך דעמאָלט נישט געפוילט און אויפגעהויבן דאָס קנעפּל.

דאָס צווייטע קנעפּל.

אַ לאַנגע צייט דערנאָך, ווען איך בין שוין געווען אַ דערוואַקסן ייִנגל, איז געשען אַ מעשה מיט אַ צווייט קנעפּל. דער טאַטע האָט מיך מיט־גענומען אין דער גרויסער שטאָט אַריין צום רייכן פעטער.

דער פעטער האָט געוווינט אין אַ גרויס הויז. מיר זענען צו אים אַריינגעגאַנגען דורך אַ קאָרידאָר אויסגעפּוצט מיט בלומען־טעפּ. ביים אַריינגאַנג איז געווען אַ גרויסע דעמבענע טיר, און ביים בײַשטידל איז געווען אַ ווייס קנעפּל. האָט מיך דער טאַטע געהייסן אַ דרוק טאָן אויפן קנעפּל. ווי נאָר כ׳האָב אָנגערירט מיטן פינגער דאָס קנעפּל האָט עס זיך צעקלינגען. די טיר האָט זיך געעפנט און ס׳איז אַרויסגעקומען אַ יונג בלאָנד שיקסל מיט אַ קורץ געבלימלט פאַרטוכל און אַ ווייסן טשעפּעק,

אויפן קאָפּ. דאָס שיקסל האָט אונדז אַריינגעלאָזט, און ווי נאָר מיר האָבן אַריינגעשטעלט אַ פוס האָט זי ווידער אַ דרוק געטאָן אויף אַ קנעפל און ס׳איז געוואָרן ליכטיק — אַ מחיה.

אַז איך בין אַהיים געקומען אין שטעטל אַריין און דערציילט מיינע חברים וואָס אַזוינס אַ קנעפל קאָן אויפטאָן, האָבן זיי בשום אופן נישט באַנומען מיינע רייד. פאַרקערט זיי האָבן פון מיר נאָך אָפּגעשפּעט:

„יוסף, דערצייל נאָר די מעשה ווי אַזוי דו האָסט געגעבן אַ דרוק אויף אַ קנעפל און ס׳איז אַרויס אַ שיקסע...״ — האָבן זיי זיך געוויצלט אויף מיין חשבון.

דאָס דריטע קנעפל.

די צייט שטייט נישט אויף איין אָרט. וויסע קנעפלעך, וואָס מאַכן ליכטיק די שטובן און די גאַסן האָבן זיך שוין אַריינגעריסן אויך אין שטעטל, און דאָס „ווונדער קנעפל״ איז שוין געוואָרן אַ פשוטע זאַך. מ׳האָט מער דערוועגן נישט גערעדט.

מיר איז אָבער דאָס קנעפל נישט אַרויס פון געדאַנק, און ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט ווי כ׳האָב זיך ווידער באַגעגנט פנים אל פנים מיט אַן אויסטערליש קנעפל.

מיין מאַמע ע״ה האָט מיך מיטגענומען אויף אַ באַזוך צו גרויסע לייט אין דער גרויסער שטאָט. מיר זענען אַריינגעגאַנגען אין אַ טויער פון אַ זייער רייך הויז. שוין אין קאָרידאָר אַליין איז געווען וואָס צו זען: אַ טעפּיך אונטער די פיס און אַ גרויסער שפּיגל איינגעמויערט אין וואַנט. די טרעפּ זענען געווען פון ווייסן מאַרמאָר מיט בראָנדזענע פּאָרענטשעס, אָבער מיין מאַמע האָט צו מאָל נישט געשטעלט אַ פוס אויף די טרעפּ. זי האָט געעפנט אַ טיר וואָס איז געווען גלייך מיט דער וואַנט. זי האָט מיך אָנגענומען ביי דער האַנט און אַריינגעפירט אין אַ בודקעלע אַריין און צו מיר אַ זאָג געטאָן:

— יוסף, גיב אַ קוועטש אויפן קנעפל, אָט־אָ, דאָ!

און ווי נאָר כ׳האָב אַ קוועטש געטאָן — אוי! איך פלי דאָך אין לופטן! העכער און העכער, ווי אַ מלאך וואָס שוועבט אויף יעקבס לייטער אין הימל אַריין... מיינע אויגן זענען צוגעשמידט צום קנעפל. מיר דוכט זיך אַז איך זע דאָס אויג פון אַ מלאך, פון וועמענס כוח און מעשים מיר ווייסן אַזוי ווייניק.

נאָך דער שיינער אויפנאַמע וואָס האָט געדויערט מער ווי אַ שעה

צייט, זענען מיר פון דער רייכער שטוב אראָפּ מיט די מאַרמאָרנע טרעפּ, אָבער ביי מיר האָט שוין מער קיין איינדרוק נישט געמאַכט דער לוקסוס, מיר האָט זיך אויסגעדאַכט אַז די איינציקע גרויסע זאַך וואָס עקסיסטירט אויף דער וועלט, און מיט וועלכער איך האָב זיך היינט צוזאַמענגעטראָפן איז דאָס קנעפּל.

ווי נעמט מען אָבער די רויקע נאַטור פון אונדזערע זיידעס און באָבעס? מיין באָבע שרה האָט אָנגענייט דאָס קנעפּל אין אַשליק, און גלייך דערויף פאַרגעסן. מיר אָבער, איר אייניקל האָט שוין דאָס קנעפּל מער נישט געלאָזט רוען.

איך האָב מיר אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז צו דער באָבעס קנעפּל וואָלט איך קיין מאָל נישט צוגעקומען, ווייל כ׳וואָלט מיר נישט געגעבן די מי עס צו זוכן מיט אַ לאַמטערנע אין דער האַנט און אַרויסנעמען עס פון דער בלאָטע. דערפאַר אָבער בין איך אַלץ געווען אונטער דעם איינדרוק פון דעם לעצטן קנעפּל וואָס האָט מיך אַ הייב־געטאָן אין לופטן. מיינע מחשבות זענען געווען פאַרנומען מיט דער פאַרבאָרגענער קראַפט פונעם קנעפּל, איך האָב געהאַט אַ באַהאַלטענעם באַגער זיך מיט דעם קנעפּל צו פאַרמעסטן, אים באַזיגן און ווערן דער הערשער איבער אים. איך האָב חושד געווען, אַז אינעם קנעפּל שטעקט אַ מיסטעריעזער כוח. וועט דער כוח זיך פונאַנדערוואַקסן, וועט דער מענטש שוין נישט האָבן קיין שליטה איבער אים. איך בין צוגעפאַלן צו די ביכער וואָס כ׳האָב געהאַט, געוואָלט זיך פון זיי עפּעס דערוויסן וועגן דעם קנעפּל, אָבער אַלץ וואָס כ׳האָב געקאָנט אַרויסבאַקומען, איז געווען, אַז די לעצטע צוויי קנעפּלעך, מיט וועלכע כ׳האָב זיך אָנגעטראָפן זענען נאָענטע מחותנים. ביידע שטאַמען זיי פון איין משפּחה־צווייג, און ביידע זענען באַשאַפן געוואָרן מיטן שם המפורש פון עלעקטרישן כוח.

און אַזוי, האָב איך געטראַכט, אויב אַפילו די קנעפּלעך וועלן זיך פאַרמערן, וועלן זיי אַלע אָבער זיין פאַרן מענטשנס נוצן: צו באַלייכטן גאָטס וועלטל ווען ס׳איז פינצטער; עפענען פאַרשלאָסענע טירן פאַר גוטע לייט; אויפהייבן דעם מענטש העכער, ווען ער שטייט נידעריק... אָבער קיין שלעכטס קאָן דאָס קנעפּל נישט ברענגען.

אָבער ווי זאָגט מען: „אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט".

*

דאָס קנעפּל וואָס האָט מיך אַ מאָל אַזוי דערפרייט, שרעקט מיך היינט. אמת אַז מיט אַ דרוק אויפֿן קנעפּל פֿליט מען שוין צו דער לבנה, אָבער וועמענס פינגער קאָן אויך אַ דרוק טאָן אויף אַ קנעפּל, וואָס קאָן ברענגען פאַרניכטונג.

פֿון צו פֿיל אַריינטראַכטן האָב איך געהאַט אַזאַ זעונג:

פאַר טאָג האָט אַ זויג־קינד זיך צעוויינט אין וויגל. אַ מאַמע ווייסט, אַז אויב אַ זויג־קינד וויינט ביי נאַכט איז: אָדער עס איז נאַס, אָדער הונגעריק.

די יונגע מאַמע האָט זיך אַ טאַפּ געטאָן ביי די ברוסטן. אויב זיי זענען פול, איז אַ סימן אַז דאָס קינד איז הונגעריק. אָבער די ברוסטן פילט זי זענען שלאַבעריק. דאָך איז זי האַסטיק אַרויס פון בעט, אַזוי ווי זי איז געוועזן און צו צום וויגל. דאָס קינד איז געלעגן טרוקן. מוז זיין ס'איז הונגעריק. אָבער וואָס קאָן דאָס זיין, וואָס זי שאַרט אַהין און אַהער מיט דער ברוסט אַרום דעם קינדס ליפּן און עס כאַפּט נישט אָן דעם וואָרצל?... מוז זיין אַז דאָס קינד, אָדער עס איז קראַנק אָדער עס איז איבערגעשראָקן.

די מאַמעס האַרץ האָט אַ ציטער־געטאָן. זי האָט אַ כאַפּ־געטאָן דאָס קינד אויפֿן האַנט און מאַמע און קינד זענען אַרומגענומען געוואָרן מיט אַ פחד.

דער פחד פאַרן קנעפּל...



דער פחד פאַרן קנעפּל...

# חיימעלע גנב

אין די פרימאָרגן־שעהען האָט מען אים געזען אַרומ־דרייען זיך איבערן ברייטן מאַרקפּלאַץ, קייענדיק ווייץ־קערנדלעך פון די טאַשן. זיין ברייטער קאַרק אויף די פּלייצעס האָט געשפּראָצט מיט גבורה, און די מגושמדיק־צעוואַקסענע הענט האָבן אַראָפּגעהאָנגען נאַכלעסיק, ווי זיי וואָלטן נאָר־וואָס אָפּגעטאָן אַ שווער שטיקל אַרבעט. תמיד אַ שוויי־גנדיקער, אַ רויִקער, בלויז זיינע קליינע אייגעלעך האָבן באַהאַלטן אין זיך עפּעס סודותדיקס.

חיימעלע גנב!

ער האָט נישט געשוינט קיינעמען — אַפילו קיין אָרעמאַן און אַלמנה. די גרעסטע גנבות פלעגט ער אויספירן דווקא צו כל־נדרי, ווען קינד און קייט זענען געווען אין שול.

איין מאָל האָט ער ביי דער בלינדער פעסע, אַ פינצטערע אַלמנה נעבעך, וועמענס איינציקע צירונג איז געווען דער זילבערנער קאַנדע־לאַבער — אַרויסגעוואָרפן די יום־כיפור־ליכט און דעם לייכטער צוגע־גנבעט. מ׳האָט געוווסט אַז דאָס איז חיימעלעס אַרבעט. מ׳איז געלאָפן צו אים געבעטן, געוויינט:

— חיימעלע קרוין! האָב רחמנות אויף אַ פינצטערע אַלמנה — אַ מענטש איז דאָך נאָר אַ מענטש — אפשר האָסטו אין איילעניש נישט גע־ווּסט איך וועמענס שטוב דו ביסט אַריין... חיימעניו, האַרצעניו, דו ווייסט דאָך אַליין, אַז דער קאַנדעלאַבער איז פעסעס איינציקער פּרנסה־געבער; זומער פאַרמשכנט זי דעם לייכטער ביי אייזיקל בלאַוואַטניק און דינגט פאַר דעם געלט אַ סעדל ביי די פּויערים און צו די ימים־טובים קויפט זי אים אויס. ממש אַ שעה נאָך יום־טוב דאַרף זי אים ווידער האָבן, ווי אַן אויג אין קאָפּ. זי מוז אים ווידער פאַרזעצן און איינקויפן פעדערן צו שלייסן אויפן לאַנגן ווינטער און ציִען דערפון חיונה.

— לאַכטיקער חיימעלע — האָט ווידער אָנגעהויבן מאַשע די קצבטע — אפשר דאַרפסטו האָבן פאַר דער טירחה אַ פאָר גרייצער — טאָ זאָג, שעם זיך נישט... זענען מיר דאָך יידן, זענען דאָך מיר...

עס האָט נישט געהאָלפן קיין בעטן און קיין טרערן.

— עך בין דאָרט נישט געווען. עך בין געשלאָפן — האָט חיימעלע גנב האַרט געענטפערט, כאָטש צעשנייד אים.

אַ צווייט מאָל פאַלט אַ יידענע אַריין צו חיימעלען מיט אַ געוויין, אַז עס האָט דאָס האַרץ געשניטן. יאָרן־לאַנג האָט זי אָפּגעשפּאָרט פון מויל. זיך נישט פאַרגינען אַ ביסן צו זאַט, געלייגט אַ גראָשן צו אַ גראָשן. שוין באַלד געהאַט צוזאַמענגעקליבן דעם נדן פאַר מלכהלען, אַ מיידל אין די יאָרן און נישט פאַר יידישע טעכטער געדאַכט מיט אַ שטיקעלע אויס־געקרומטע פלייצע דערצו — און ווער האָט זיך דאָס געזאָלט ריכטן, אַז חיימעלע וועט דערטאַפּן דאָס קניפּל טיף אינעם שעניק, און דווקא אין דער היילקער נאַכט פון כל־נדרי?

מ׳איז געלאָפן צום אַלטן רב פון שטעטל. געביטערט: היתכן, רבי, ווי לאָזט איר דאָס צו? דער רב האָט דריי מאָל געלאָזט רופן חיימעלע גנב, געדראָט מיט חרם, מיט קאָכעדיקע פעסער סמאָלע פון גיהנום — אָבער חיימעלע גנב האָט זיך אַפילו נישט גערירט פון אָרט און ווי זיין שטייגער איז, אַ ביסל אַ שטאָמלדיקער געטענהט:

— זאָגט דעם רבין, אַז עך בין דאָרט נישט געווען, עך בין געשלאָפן, בין עך!

ווייבער האָבן נישט געלאָזט רוען. מ׳האָט צוזאַמענגערופן אַסיפות מיט די פני העיר, געטראַכט וועגן אַן עצה קעגן חיימעלע גנב, אָבער — ווער האָט זיך דאָס געוואָלט אַרויסשטעלן? אַז חיימעלע גנב טראָגט אַלע מאָל ביי זיך אַ לאַנג מעסער אין די שטיוול כאָלעוועס, מיט די „סטראַזש־ניקעס“ ליגט ער גאַנצע נעכט אין די קנייפּעס און איז מיט זיי אויף „דו“, די „זאַמד־שקצים“ גייען פאַר אים אין פייער אַריין — טאָ גיי און הייב־אָן מיט אַזאַ איינעם...

אַזוי זענען געלאָפן יאָרן. אין שטעטל האָט מען זיך שוין געהאַט צו־געוווינט צו די צרות. און ווי איינער האָט געהאַט אַ שלעכטן חלום האָט ער אים אויסגעבייטלט צו חיימעלע גנבס קאָפּ. אַז ווייבער האָבן זיך גע־נומען איבערצווווערטלען אין דער יאַטקע האָט מען אָנגעהויבן ביי חיימעלע גנב: „חיימעלע גנב זאָל אַזוי לעבן, צי איך האָב געזאָגט, אַז זי קענען

בישט קיין פלייש אויסזאַלצן". טאָמער האָט אַ יידענע זיך געדונגען מיטן קצב, האָט זי גלייך אַריינגעזאָגט: „חיימעלע גנב זאָל אַזוי האָבן געזונטע ביינער צי דאָס איז אַ מאַרך־ביין". מאַמעס האָבן קינדער אין די וויגן געשראָקן מיט חיימעלע גנב: „עס אויף גיכער, אַ בישט רוף איך אַריין חיימעלע גנב"! אַזוי — ביז איין מאָל איז דאָס גאַנצע יידישע שטעטל אויפגעטרייסלט געוואָרן פון אַ שרעקלעך געשעעניש.

אין אַ פינצטערער האַרבסט־נאַכט איז אין יצחקל וואַרשעווערס פאַר־בעריי אויסגעבראָכן אַ שריפה. דער ווינט האָט דאָס פייער גיך צעשפּרייט און עס האָט אַרומגעכאַפּט די שכנותדיקע הילצערנע הייזער. דערלעבן איז געשטאַנען די אַלטע שול מיטן איינגעבויגענעם שינדל־דאַך. אינעם יידישן קוואַרטאַל איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע בהלה. אַ יאָמער האָט זיך געטראָגן איבער די יידישע געסלעך. אַלע זענען געלאָפן ראַטעווען, גע־שלעפּט פעק בעטגעוואַנט, אַרויסגעוואָרפן האָב־און־גוטס דורך די פענצ־טער, אַנדערע זענען געלאָפן וועקן מיכאַלסקין, דעם סיגנאַליסט פון די פייערלעשער.

— פאַניע מיכאַלסקי! שטיי אויף, דערבאַרעם זיך, גיכער, דאָס שטעטל ברענט, די „בוזשניצע" ברענט, טראָמייטער!

קוים דערוועקט מיכאַלסקין, איז ער אַרויס פון זיין כאַטע. געריבן די אויגן און זיך צעבייזערט:

— איך בין דען מחוייב צו ראַטעווען אייער בוזשניצע?...

יידן ווייסן דאָך אָבער, וואָס צו טאָן אין אַן עת־צרה, האָט מען מי־כאַלסקין אַריינגערוקט אין יד אַריין אַ מטבע, אָבער דער ערל האָט אַזוי „געטראָמביעט", אַז מען האָט געקענט מיינען אַז עס איז אַ פראָבע־סיגנאַל...

אַז יידן האָבן געזען ווי עס האַלט, האָבן זיי געלאָזט שטיין די ברענענ־דיקע הייזלעך, מיט די קליידן, מיטן בעטגעוואַנט און מעבל און אַוועק ראַטעווען די שול.

אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט.

אויפן שול־הויף זענען געשטאַנען עטלעכע צענדליק יידן און יעדער האָט זיך געריסן אַריינצולויפן אין די פלאַמען ראַטעווען די ספרי־תורות. ר' מענדל גבאי האָט זיך דער ערשטער אַדורכגעריסן דורך אַלעמען און געשריגן מיט ווילדע קולות:

— יידן, לאָזט מיך אומקומען אויף קידוש־השם! מיט אויסגעשטרעק־טע הענט איז ער געלאָפן ביז צו דער טיר פון פּאָליש, און ווען ער האָט

אויפן פנים דערשפּירט די נאָענטקייט פון די פלאַמען, האָט ער אַראָפּ־געלאָזט די הענט, געבליבן שטיין פון דערווייטנס און הויך זיך צעשריגן:

— יידן לאָזט מיך ראַטעווען די ספרי־תורות, לאָזט מיך!

נאָך אים איז נאָכגעלאָפן ר׳ אלתרל גפן, אַ טייערער ייד און מיט גרויס התלהבות זיך צוגעשטיפּט ביז דער שוועל פון דער ברענענדיקער שול. אָבער ווי־נאָר די ערשטע פונקען האָבן אים געגומען שפּריצן אין פנים — האָט ער זיך צוריקגעצויגן, געריסן פון זיך די מלבושים און אימהדיק זיך צעשריגן:

— גוואַלט יידן, לאָזט מיך אומקומען צוזאַמען מיט די ספרי־תורות!

פון די געשרייען און געוואַלדן האָט זיך אויפגעוועקט חיימעלע גנב.

צו ערשט האָט ער אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורכן פענצטער און געקוקט מיט תמעוואַטע אויגן אין די פלאַמען אַריין, ווי ס׳וואָלט אים גאָר־נישט אָנגעגאַנגען. נאָר באַלד איז ער אַרויסגעשפּרונגען און ווי עפּעס אַ רוח זיך געטראָגן איבער די געסלעך, גלייך אין שול אַריין. אָן אַ וואָרט אַרויסצורעדן האָט חיימעלע גנב מיט זיינע ברייטע דלאָניעס אַ צעשפּרייט־געטאָן דאָס געווירבל מענטשן און אַריין אין דער ברענענדיקער שול. שוין ביים אַריינגאַנג האָט מען געזען, ווי אַ ברענענדיקע בעלקע פאַלט־אַראָפּ אויף זיין קאַרק. ערשט וואָס עס טוט זיך אינעווייניק? — אַ גיהנום! און אין מיטן גיהנום איז פאַרשלונגען געוואָרן חיימעלע גנב. עס האָט געדויערט אַ מינוט, צוויי, דאַכט זיך אַן אייביקייט און חיימעלען זעט מען נישט, אָבער ווען האָט מען דאָ, געהאַט צו פאַרלירן? חיימעלע גנב...

אין מיטן דערינען, ווען אַלע האָבן זיך שוין געהאַט מייאש געווען, איז פון די פלאַמען־וואָלקנס אַרויסגעשפּרונגען חיימעלע גנב מיט דריי ספרי־תורות אין די הענט.

ער האָט אַראָפּגעשאָקלט פון זיך די ברענענדיקע פונקען און אַוועק מיט די ספרי־תורות צום שטאָקיקן געמויערטן הייזל, וווּ עס האָט געוווינט דער אַלטער רב.

לעבן אַלטן רב זענען געשטאַנען זיינע מקורבים, יידן בני תורה, חסידים און געהאַלטן אין איין תפילה־טאָן. פּלוצעם רייסט זיך אויף די טיר און חיימעלע גנב פאַלט־אַריין מיט דריי ספרי־תורות.

ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט האַרט ביי דער טיר, קעגנאיבער דעם אַלטן רב און מיט אַ גראָבער שטימע געזאָגט:

— רבי, כ׳האָב אייך געבראַכט די תורה!



...און ווי נאָר דער אַלטער רב האָט דערזען חיימעלען מיט די ספרי־תורות אין די הענט — איז ער אויפגעשפרונגען און געמאַכט איבער חיימעלע גנב אַ ברכה.

און ווי נאָר דער אַלטער רב האָט דערזען חיימעלען מיט זיינע גליִענדיקע אויגן און די ספרי־תורות אין די הענט — איז ער ראַפּטעם אויפגעשפּרונגען און געמאַכט איבער חיימעלע גנב אַ ברכה — די אייגענע ברכה וואָס מען מאַכט איבער אַ מלך, ווען מען טראָגט אים אַנט־קעגן ברויט מיט זאַלץ.

די מקורבים פונעם רב האָבן געגלאָצט מיט די אויגן און געשטוינט: וואָס מיינט דאָס?

אין אַ צייט אַרום, ווען דער ווייטיק פון דער „גרויסער שריפה" איז שוין אַ ביסל איבערגעגאַנגען און מען האָט אָנגעהויבן בויען נייע היימען, אויך אַ פונדאַמענט אויף אַ נייער שול האָט מען שוין געלייגט — האָבן דעם רבינס חסידים, בעת אַ גוטער שטימונג מוצאי ראש־השנה, געפרעגט דעם אַלטן צדיק:

— ס׳איז אונדז טאַקע די גאַנצע צייט געווען קשה — האָט אָנגעהויבן ר׳ אַביגדור — מ׳מיינט דאָס... נו, נישט היינט געדאַכט מיט חיימעלע גנב, ס׳הייסט מיט דער ברכה, וואָס דער רבי האָט געמאַכט. איבערן גנב...

— פשוט נישט צו פאַרשטיין, האָט איבערגעשלאָגן די רייד ר׳ פּנחסל מוהל — אַ שטייגער ווי דער רבי וואָלט נישט קענען חיימעלען גנב... צו מאַכן איבער אים אַ ברכה ווי איבער אַ מלך?

דער אַלטער רב האָט געדולדיק אויסגעהערט זייערע רייד, אַרויס־געבלאָזן וואָלקנדלעך רויך פון דער לאַנגער לולקע, נאָר ווען נאָך איינער פון זיינע חסידים האָט ווידער גענומען רעדן, האָט ער אַ מאַך־געטאָן מיט דער האַנט — דאָס מיינט: גענוג! אַליין האָט ער גענומען אונטערברומען אַ שטילן ניגון, וואָס אַ מאָל העכער און מתיקותדיקער, ביז זיין פּנים האָט זיך צעשטראַלט און זיין קול האָט געקלונגען לויטער און זיכער:

— כ׳וועל אייך זאָגן יידן! ווי־נאָר חיימעלע גנב האָט געעפנט די טיר און כ׳האָב דערזען זיינע אויגן, זיין התלהבות, זיין קידוש־השם און אין זיינע הענט די ספרי־תורות — האָב איך אויפגעהויבן מיינע אויגן און — דערזען ווי אַ גרויס ליכט פלאַקערט איבער זיין קאָפּ.

און דעריבער... דעריבער האָב איך געמאַכט די ברכה איבער אים!

און טאַקע ווי נאָר אַ שטן... מוז איך אַקעגנשטעלן חיימעלען... אַפילו היינט פאַר די תקיעות...

מער האָט דער אַלטער רב נישט געזאָגט, און ער האָט ממשיך געווען דעם אָנגעהויבענעם ניגון...

# צוועלף חלות

פֿאַרשידן זענען די וועגן פֿון רביים און גוטע־יידן. נישט נאָר אין ספֿרי־תורה, נאָר אַפֿילו אין זאַכן וואָס זענען פֿאַרבונדן מיט דברי־חול האָט יעדער זיין וועג. יעדער האָט ליב מקפּיד צו זיין אויף זיינס.

דער יעזעווער, דערציילט מען, האָט שטאַרק מקפּיד געווען אויף יין לקידוש. ס'האָט געדאַרפט זיין אָפּגעהיטענער, גאָר אַלטער ווייַן, מיט אַ זיסן טעם, וואָס צעגייט זיך אין אַלע אברים.

דער ריקאָווער, ווידער, האָט געהאַלטן פֿון פֿיש. פֿאַרשטייט זיך אַז מען מיינט פֿיש לכבוד שבת און יום־טוב, ווייל וואָס פֿאַר אַ טעם קאָנען האָבן פֿיש אין אַ וואָכן־טאָג? דער ריקאָווער רבי האָט זיך נישט פֿאַרלאָזט אויף ערב־שבת, און שוין דינסטיק האָט די רביצין איינגעקויפֿט פֿיש לכבוד שבת. אַז עס זענען שפּעטער אונטערגעקומען גרעסערע, האָט מען פֿאַרנוצט די פֿריערדיקע און די בעסערע געהאַלטן אויף שבת.

און אַז עס האָט זיך געמאַכט, אין די גרויסע פֿרעסט, אַז ס'איז אין גאַנצן נישט געווען קיין פֿיש — האָט דער רבי אַליין גענומען עטלעכע חסידים מיט העק אין די הענט, אַוועק צום טייך, אויפֿגעהאַקט דאָס אייז און מען האָט זיך געשטעלט כאַפּן פֿיש. האָט דער פֿראָסט געמעגט ברענען און דער שניי־שטורעם זיין ווי שטאַרק, איז דער רבי פֿריער נישט אַהיים־געגאַנגען ביז ער האָט געברענגט פֿיש לכבוד שבת.

גאָר אַנדערש איז געווען דער דרך פֿון וואָלבאָזשער צדיק.

פֿון פֿלייש און פֿיש האָט ער זייער ווייניק טועם געווען, קוים אַ כזית. פֿונעם ווייַן האָט ער אַ ביסל אָפּגענעפּט מיט די ליפּן, ער זאָל נישט האָבן געמאַכט אַ ברכה לבטלה. דער עיקר זענען ביי אים געווען די חלות לכבוד שבת.

פֿרייטיק־צונאַכטס האָט דער רבי קידוש געמאַכט איבער צוועלף חלות. אַזוי האָט זיך דער וואָלבאָזשער געפֿירט כל ימיו. מ'האָט פֿאַרשטאַנען

אַז דער רבי איז עפּעס מכוון מיט דער צאָל צוועלף. ס׳איז געווען צו פאַרשטיין, אַז די כוונה איז אַקעגן די צוועלף שבטים, וואָס זענען בעוונו־תינו הרבים צעשפּרייט אין גלות, איבער דער גאַנצער וועלט.

און אַזאַ בריהטע ווי די וואָלבאָזשער רביצין איז געווען אויף באַקן חלות, איז נישט געווען צו זען אין גאַנץ קרוין־פּוילן. צו די חלות האָט זי נאָר גענוצט קאָמטשאַטקע־מעל. דאָס קאָמטשאַטקע־מעל איז געווען אַ ביסל געלבלעך, אָבער קרוכע און טרוקן, און מ׳האָט נישט באַדאַרפט אַריינטאָן קיין סך הייוון.

זומער אין די גרויסע היצן האָט זי דאָס טייג געהאַלטן אין פינצטערן אַלקער, ס׳זאָל נישט צו פיל אויפיערן. ווינטער ווידער האָט זי עס אַרונטער־געשטעלט אונטער די פערינע ס׳זאָל בעסער אויפגיין.

ביי איר, ביי דער וואָלבאָזשער רביצין האָט יעדע חלה געמוזט אַרויס־קומען מיט אַ העל שיין פּנים. נישט צופיל אויסגעבאַקן, און אויך נישט רוי. ס׳זאָל האָבן — טאַקע ווי דער רבי פלעגט אַ זאָג טאָן — לחם הפּנים. גע־פלאָכטן האָט זי די חלות מיט זיבן פלעכטעלעך, מסתמא אַקעגן די שבעי ימי שבתא.

פלעכטן חלות מיט דריי אָדער אַפילו פיר פלעכטלעך, קאָן יעדע בעל־הביתטע, אָבער מיט זיבן — איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש. מען מוז וויסן ווי אַזוי דאָס צו מאַכן. טראָגן די חלות צום בעקער האָט מען נישט באַדאַרפט, ווייל אין רבינס הויז איז אויך געווען אַ באַק־אויוון. אָבער דאָס אויס־הייצן דעם אויוון האָט די רביצין קיינעם נישט אָנפאַרטרויט. זי האָט גוט געוווּסט וויפל האָלץ מען דאַרף אויסברענען, און ווען דער אויוון איז נאָך ווייס, אָדער אויסגעהיצט. אַז זי האָט נאָר אַ בליק געטאָן מיטן אויג, האָט זי שוין געוווּסט ווי עס האַלט. אַ מאָל האָט זי געהייסן צוואַרפן נאָך אַ פּאָר טרוקענע שפּענדלעך, און אַ מאָל האָט זי גאָר דעם אויוון געלאָזט אַ ביסל אָפּקילן, די חלות זאָלן נישט כאַפּן קיין „זענג״. דעריבער איז ביי דער וואָלבאָזשער רביצין אַלע מאָל געראָטן דאָס געבעקס.

און אַז מען האָט איר דערפאַר געלויבט, האָט זי בנאַימותדיק געזאָגט, אַז זי אַליין ווייסט נישט פאַרוואָס, נאָר ס׳מוז זיין אין זכות פון איר מאַן, דעם וואָלבאָזשער צדיק.

אַז דער וואָלבאָזשער איז פרייטיק־צונאַכטס אַהיימגעקומען באַגלייט פון די מלאכי השרת און דערזען די צוועלף חלות, האָט ער דערפילט אַז עס גייט אין אים אויף אַ גרויס ליכט, און ער האָט זיך באמת געהאַט מיט

וואָס פאַרצושטעלן פאַר זיינע באַגלייטער. ערשט ווען ער האָט די מלאכים אַוועקגעשיקט מיט אַ ברייטן צאתכם לשלום, האָט ער גענומען מאַכן קידוש איבער די חלות.

ווער עס האָט נישט געהערט און געזען קידוש מאַכן דעם וואָלבאָזשער, דער האָט נאָך קיין צדיק אין זיין מעלה עליונה נישט געזען. מ׳האָט געפילט ווי נאָר דער גוף פון רבין שטייט אויף דער ערד, אָבער מיט דער מחשבה און נשמה איז ער אין הימל.

און נישט נאָר אויף דער ערד האָט דעם וואָלבאָזשערס קידוש געמאַכט אַ רעש, נאָר אויך אין הימל האָט מען זיך צוגעהערט צו זיין קידוש־מאַכן. אפילו די זעלבע מלאכי השרת, וואָס האָבן אים באַגלייט פון שול ביזן שטוב אַריין, ווי נאָר זיי האָבן דערהערט דעם צאתכם לשלום, זענען זיי מיט איין פלי אַרויף אין הימל און געוואַרט אויפן וואָלבאָזשערס קידוש. שטענדיק ווען זיי זענען צוריקגעקומען האָבן זיי איבערן וואָל־באָזשער הימל געטראָפן פאַרזאַמלט קבוצות מלאכים, וואָס זענען געקומען צופליען פון אַלע זיבן הימלען הערן דעם וואָלבאָזשער רבינס קידוש־מאַכן.

און וואָס דאָרטן האָט זיך ערשט אָפּגעטאָן ווען דער וואָלבאָזשער האָט געמאַכט אַ המוציא איבער די צוועלף חלות? זיי האָבן געקלאַפּט מיט די ווייסע פליגלען, געברענט מיט פייערדיקע אויגן און אויסגעזונגען אַ שירה מיטן נאָכזאָגן צוועלף מאָל אָמן!

אָבער ביים וואָלבאָזשערס טיש, האָט קיינער נישט געטאָרט קיין פּיפּס טאָן. נישט וועגן זיין גרויסקייט און נישט וועגן זיין רוח־הקודש. ער האָט מער פאַרברענגט אין התבודדות ווי מיט זיינע חסידים צוזאַמען.

נאָך אַ טבע האָט דער וואָלבאָזשער צדיק געהאַט: דאָס וואָס עס טוט זיך אויף דער ערד איז אים ווייניק־וואָס אָנגעגאַנגען. ער האָט זיך נישט געמישט אין מחלוקתן וועגן אויפנעמען רבנים אין יידישע שטעטלעך; ער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין התפעלות, און אויך נישט אַרויסגעטראָטן כנגד איינעם פון די צוויי גרעסטע חסידישע דינאַסטיעס אין פוילן — גער און אַלכסנדר.

ער האָט געהאַט זיין אייגענעם דרך. נישט געוואָלט זיין קיין רב און נעמען פּענסיע; ער האָט נישט אָנגענומען קיין דין־תורות אָדער בוררות; אַפילו פאַרהערן אין לערנען אַ חתן־בחור, וואָס אַ נגיד האָט געוואָלט נעמען פאַר אַן איידעם האָט ער זיך אָפּגעזאָגט.

דאָס האָט דערפּירט דערצו, אַז דער וואָלבאָזשער איז וואָס אַ מאָל פאַרגעסן געוואָרן.

חסידים האָבן נישט ליב קיין נייטראַלן רבין. ביי אַזאַ רבי וואָס מישט זיך נישט אין קהילישע ענינים קענען זיך חסידים נישט האַלטן. איז טאַקע וואָס אַ מאָל דער עולם קלענער געוואָרן. די לומדים זענען אַוועק קיין גער און די גבירים קיין אַמנישאָוו. דעם רבינס טיש איז געבליבן אָפּגעליידיקט, בלויז אַ ביסל אביונים זענען נאָך געבליבן, און אין רבינס שטוב האָט זיך גענומען אַריינציען דער דלות.

און אַז די רביצין האָט זיך אַרומגעזען, אַז זי קאָן נישט אויסקומען, האָט זי אויף דעם שבת, און געווען איז פּונקט שבת־חנוכה, געבאַקן נאָר צען חלות.

ווי לאַנג די חלות זענען געווען פאַרדעקט, איז דעם רבין אַפילו אויפן געדאַנק נישט געקומען, אַז עס זאָל געמאָלט זיין, אַז זיינע חלות זאָלן פאַרמינערט ווערן, אָבער נאָכן קידוש־מאַכן ווען ער האָט אָפּגעדעקט דאָס שבת־טישטעכל און דערזען, אַז עס זענען נאָר פאַראַן אַ מנין חלות — האָט ער דערפילט אַ שטאַרקן ווייטיק. לכתחילה האָט ער געוואָלט די רביצין אַ פרעג־טאָן וועגן די צוויי חלות, אָבער כהרף־עין האָט ער זיך דערמאָנט, אַז שוין פון דינסטיק אָן האָט די רביצין אים מרמז געווען אַז זי האָט נישט אויף שבת. האָט ער דעם ענין אין גאַנצן פאַרשוויגן כאילו ס׳וואָלט גאָר־נישט פּאַסירט.

און אַזוי איז שוין דער סדר אויף דער וועלט: קוים הייבט אָן צו גיין מיט דער פּוטער אַראָפּ — גייט עס וואָס אַ מאָל ערגער. מעג דאָס זיין אַ חכם צי אַ תם, אַ רשע צו להבדיל אַ צדיק. שווער צו ענדערן די טבע.

אויפן צווייטן שבת איז געווען נאָך ערגער. די רביצין האָט צוזאַמענ־געשאַרט ווי נאָר אַ גראָשן, אָבער מער ווי אויף זעקס חלות האָט איר נישט געסטייעט. האָט זי שלום געמאַכט מיטן גורל, מסתמא איז אַזוי גאָטס ווילן און אָפּגעבאַקן נאָר זעקס חלות.

ווייזט אויס, אַז אויך דער וואָלבאָזשער האָט שלום־געמאַכט מיטן גורל. מסתמא איז אַזוי באַשערט — האָט ער געטראַכט. אינדערעמתן: וווּ שטייט דאָס געשריבן אַז כ׳מוז קידוש־מאַכן איבער צוועלף חלות?... און ער האָט קידוש געמאַכט מיט פרייד און התלהבות, גלייך ווי ס׳וואָלט פון זיין טיש גאָרנישט געמינערט געוואָרן.

אַז די פּאָר אביונים וואָס זענען נאָך געבליבן האָבן געזען וואָס עס טוט

זיך אויפן רבינס טיש — האָבן זיי זיך איבערגעווינקען מיט די אויגן איינער צום אַנדערן און גלייך נאָכן קידוש, אונטער פאַרשידענע תירוצים זיך אָפּגעטראָגן פון וואָלבאָזשערס שטוב.

אין אַ וואָך אַרום איז שוין דעם וואָלבאָזשערס טיש געווען ליידיק פון חסידים און אביונים.

די רביצין איז אַרומגעגאַנגען אַ שווייגנדיקע.

אין האַרצן האָט איר ווי געטאָן וואָס דער טיש איז ליידיק, אָבער פון דער צווייטער זייט איז זי שוין געווען צופרידן וואָס זי וועט נישט פאַר־שעמט ווערן ברבים. און טאַקע אַזוי: וואָס וואָלט זי צוגעגעבן צום טיש, אַז מער ווי די צוויי חלות און אַ ביסל פיש־יויך פון קליינע אָפּגעשטאַנענע פלאָטקעלעך האָט זי נישט אָנגעגרייט אויף שבת.

אויף די אַלע שינויים וואָס זענען פאָרגעקומען ביים רבינס טיש האָט דער וואָלבאָזשער געענטפערט מיט התבודדות. ער האָט זיך פאַרמאַכט אין אַלקער און זעלטן אַרויסגעקומען.

די רביצין האָט זיך אַפילו נישט געקאָנט מיט אים שואל עצה זיין, אָנקלאַפּן אין אַלקער און שטערן זיין סדרי־תורה — דאָס האָט זי נישט געוואַגט צו טאָן.

פאַר דעם פרייטיק־צונאַכטס האָט זי ממש געציטערט. אויפן טיש האָט זי נאָר אַרויפגעלייגט איין חלה, ווייל אָנקומען צו מענטשן האָט זי נישט געוואָלט.

— ווער ווייסט וואָס דער רבי וועט דאָ אָפּטאָן, דערזעענדיק נאָר איין חלה— האָט זי געציטערט. אַליין האָט זי נישט געוווּסט דעם דין, און פרעגן האָט זי נישט געוואָלט, אויב מען מעג בכלל קידוש־מאַכן איבער איין חלה.

אָבער ווי נתפעל איז זי געוואָרן, ווען זי האָט דערזען אַז דער רבי מאַכט זיך גאָרנישט דערפון. אַ שטיין איז איר אַראָפּ פון האַרצן, הערנדיק ווי ער מאַכט קידוש מיט שימחה איבער דער איינער חלה, קיין האָר נישט אַנדערש ווי אַ מאָל איבער די צוועלף חלות.

האָט זיך די רביצין אָנגענומען מיט בטחון און געטראַכט, אַז מסתמא וועט זי שוין די וואָך געהאָלפן ווערן און קענען ווידער באַקן לכבוד שבת צוועלף חלות. זונטיק און מאָנטיק איז די רביצין געווען אין אַ הייטערע שטימונג:

— צו שבת איז נאָך ווייט — האָט זי געטראַכט. דינסטיק איז זי גע־וואָרן אַ ביסל מער אומרויִק, אָבער דעם בטחון האָט זי נישט פאַרלוירן.

מיטוואָך האָט זיך נאָך נישט געהאַט קיין געלט צו קויפן מעל אויף חלות. אָבער זי האָט אַלץ אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט:

— מען פּרוווט אויס פון הימל — אפשר ווערט מען האָבן טענות צום רבונו של עולם. אָבער אַז דער שטן זעט, אַז ער האָט נישט אָנגעטראָפן, און קען נישט ברעכן דעם אני מאמין פון מענטש — מוז ער סוף־סוף אָפּטרעטן, און מען ווערט געהאָלפן. דאָנערשטיק האָט זיך די רביצין געפּעדערט און אָנגעגרייט טרוקן האָלץ איינצוהייצן דעם אויוון, אָבער מעל אויף חלות האָט זי אַלץ נאָך נישט געהאַט.

יעדע שעה איז ביי איר געוואָרן אַן אייביקייט. יעדע מינוט אַ גאַנץ לעבן. זי האָט זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען. אַזוי האָט זי זיך אָפּגעמאַטערט ביז ליכט צינדן.

צו איר מזל האָט זי נאָך געהאַט אַ פּאָר ליכטלעך, וואָס דער שמש האָט געבראַכט פון בית המדרש. אָבער אַפילו קיין איין חלה האָט די רביצין נישט געהאַט אויפצולייגן אויפן טיש.

האָט די רביצין נאָר אויפגעלייגט דאָס אויסגעהאַפטענע שבת־טיש־טיכל, מיט די זילבערנע שטערן און גאָלדענע אותיות „לכבוד שבת״. ווי נאָר זי האָט אַראָפּגענומען די הענט פון פּנים נאָך ליכט־בענטשן און אַ בליק־געטאָן אויפן טיש, האָט זי דערזען ווי דאָס טישטיכל ליגט גלאַטיק ווי ס׳וואָלט באַדעקט אַ שטיק חרפּה. די שבת־ליכט האָבן זיך גענומען שמעלצן, ווי זיי וואָלטן זיך געפּורכט פאַר אַ הייליקן צאָרן וואָס וועט באַלד אויסגעגאָסן ווערן.

דער רבי איז אַריין אין שטוב מיט זיין התלהבותדיקן „גוט שבת״. און ווען ער איז צו צום טיש און דערזען, ווי דאָס שבת־טישטיכל ליגט גלאַט אויסגעשפּרייט און אונטער דעם איז קיין איין חלה אויך נישטאָ — האָט ער אַרויפגעלייגטביידע הענט אויף דעם ליידיקן שבת־טישטיכל, פאַרמאַכט די אויגן און זיך אָנגעהויבן צו שאָקלען שטיל און אָן אַ וואָרט צו הערן, בלויז זיינע ליפּן האָבן געציטערט ווי ביי שמונה־עשרה. זיין פּנים איז בלאַס געוואָרן און די אויגן־לעפּלעך האָבן זיך אינגאַנצן באַהאַלטן אונטער די געדיכטע ברעמען.

אַזוי איז ער געשטאַנען מיט ביידע הענט אָנגעשפּאַרט אין טיש און נישט אַרויסגעלאָזט קיין קלאַנג פון זיך.

אויבן אין הימל, זענען שוין, ווי תמיד, געווען פאַרזאַמלט די מלאכים צו הערן דעם וואָלבאָזשערס קידוש.



דאָס שבת־טישטיכל ליגט גלאַט אויסגעשפּרייט און אונטער דעם
איז קיין איין חלה אויך נישטאָ.

זיי וואַרטן לאַנג און זעען ווי דער צדיק שטייט ביים טיש, אָבער קיין קידוש מאַכט ער נישט.

פלוצעם האָט דער וואָלבאָזשער אויפגעהויבן זיין קאָפּ, ער האָט ברייט געעפנט דאָס מויל, די אויגן־אַפּלען האָבן ביי אים געגומען ציטערן, אָבער אָנשטאָט קידוש־מאַכן האָט ער אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

און אַז דער וואָלבאָזשער האָט געוויינט, האָבן די מלאכים מיט אים מיטגעוויינט.

איז געוואָרן אַ רעש אין דער פמליא של מעלה. מ׳האָט גערופן דעם שר הממונה על מזון און אים געפרעגט:

— היתכן? דער וואָלבאָזשער איז אַזוי שטאַרק מכוון דעם „הנותן לחם לכל בשר״ און לויבט דעם אויבערשטן פאַר יעדן ביסן ברויט, און דאָ האָסטו אים איבערגעלאָזט אָן איין חלה אויף שבת?

די מלאכים האָבן זיך צוזאַמענגענומען און יאָמערלעך געוויינט:

— וויי צו אונדז וואָס מיר האָבן נישט געהערט דעם וואָלבאָזשערס קידוש.

זענען די מלאכים געשטאַנען אַרומגענומען ווי זיי וואָלטן געווען צו־זאַמענגעוואַקסן, און פון זייערע אויגן האָבן זיך געגאָסן לויטערע טרערן ווי קרישטאָל.

האָט זיך איין טרער מיט דער אַנדערער צונויפגעטראָפן, געוואָרן דיקער און זיך צונויפגעקלאָפּט. און וואָס נידעריקער זיי זענען געפאַלן צו דער ערד, האָבן זיי זיך אָפּגעקילט, פאַרהאַרטעוועט געוואָרן און באַקומען די צורה פון געשליפענע בריליאַנטן אַזעלכע איידל־שטיינער איז נישט צו זען אין די קעניגלעכע קרוינען.

איין טרער אַזאַ האָט זיך אַדורכגעריסן און אַראָפּגעפאַלן אויפן רבינס טיש, גראָד אויפן ליידיקן שבת־טישטיכל.

פון דעם קלאַפּ האָט זיך דער וואָלבאָזשער אויפגעכאַפּט.

די רביצין וואָס איז געזיצן אין אַ ווינקל מיט פאַרשטעלטע, וויינענדיקע אויגן האָט אויפגעציטערט דערזעענדיק ווי אין שטוב איז פלוצעם ליכטיק געוואָרן. אַזוי ליכטיק, ווי ס׳וואָלט ווער אָנגעצונדן טויזנט לאָמפּן.

זי האָט זיך גלייך געכאַפּט, אַז די ליכטיקייט קומט פון טיש.

די וואָלבאָזשער רביצין וואָס האָט איר אמונה קיין מאָל נישט פאַר־לוירן, האָט באַלד דערזען דעם גרויסן נס.

צו ערשט האָט זי די פינגער פון ביידע הענט צוזאַמענגעלייגט ווי צו

ליכט־בענטשן און אָפּגעגעבן אַ שבח צום בורא־העולם. דערנאָך האָט זי גענומען וועקן דעם רבין:

— זע, וואָס ס׳איז געשען!

דער רבי האָט פון אונטער די געדיכטע ברעמען אַפיר אַ בליק־געטאָן אויפן לויכטנדיקן שטיין און אַ ברוגזן זאָג־געטאָן:

— זיי האָבן נישט דאָרט, אויבן, נאָך וואָס צו וואַרטן! קידוש מאַך איך נישט! מען האָט אָבער באַשיינפּערלעך געהערט ווי דאָס קול זיינס ברעכט זיך...

און ער איז אַ ברוגזער אַוועק פון טיש.

איבערן גאַנצן שבת האָט קיינער דעם שטיין נישט אָנגערירט.

די רביצין האָט אים געוואָלט אַראָפּנעמען פון טיש, אָבער דער וואָל־באָזשער האָט געפּסקנט, אַז הגם ער איז אַראָפּגעפאַלן פון הימל, איז דינו כדין ביצה שנולדה בשבת און מ׳טאָר אים נישט אָנרירן.

צי שלוש־סעודות האָט דער ברילִיאַנט אָנגעהויבן צו באַלייכטן די גאַנצע שטוב.

דעם וואָלבאָזשער האָט עס פאַרדראָסן, מחמת ס׳זענען נאָך נישט אויפּ־געגאַנגען דריי שטערן אויפן הימל. האָט ער געהייסן מיטן שבת־טישטיכל איבערדעקן דעם שטיין, אָבער ער האָט אויך דורכן טישטיכל אַדורכגעלויכטן.

האָט דער וואָלבאָזשער אַראָפּגענומען דאָס שטריימל פון קאָפּ און אַרויפגעלייגט אויפן שטיין, אָבער ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן. דאָס שטראַמל האָט אָנגעהויבן לייכטן ווי אַ לאַמטערן.

איז דער וואָלבאָזשער געוואָרן שטאַרק באַזאָרגט. די גאַנצע מעשה קאָן נאָך ח״ו ברענגען צו אַ חילול־שבת. אַז מען וועט זען, אַז אין רבינס הויז איז ליכטיק, וועט דער עולם אָנצינדן ליכט פאַרן זמן.

און דאָס שטריימל הערט נישט אויף צו לייכטן, און עס שלאָגט דערפון אָפּ צוועלף פּנימער. דער וואָלבאָזשער האָט גלייך דערקענט די פּנימער פון די צוועלף שבטים. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס ווייזט מען אים פון הימל, אַז ער וועט שוין ווידער קענען קידוש־מאַכן איבער צוועלף חלות.

ערשט מוצאי־שבת, נאָך דער מלווה־מלכה האָט די רביצין אַריינגערופן דעם זייגערמאַכער ער זאָל זאָגן מבינות וואָס פאַר אַ שטיין דאָס איז.

דער זייגערמאַכער האָט אָנגעטאָן דאָס פאַרגרעסער־גלעזל אויף זיין אויג, אָבער עס האָט אים גענומען אַזוי בלענדן, אַז ער האָט גאָרנישט געקענט אַריינקוקן אין שטיין.

איז ער געפאַלן אויף אַן המצאה — ער האָט זיך געהייסן געבן אַ שטיקל פאַרקאָפּטשעט גלאָז. ערשט דעמאָלט ווען ער האָט עס צוגעשטעלט צום שטיין איז ער נבהל־ונשתומם געוואָרן:

— ס'איז אַ בריליאַנט, וואָס אפילו דער קיסר פאַרמאָגט נישט אין זיין קרוין! האָט ער מיט התפעלות אויסגעשריגן.

האָט די רביצין געפירט דעם בריליאַנט קיין פעטערבורג און דאָרט האָט זי אים פאַרקויפט פאַר דער צאַרישער קרוין.

גראָד האָט דעמאָלט געהאַלטן פאַר אַ קרוינונג און מ'האָט געזוכט אַ טייערן גרויסן שטיין.

עס זענען געקומען די גרעסטע בריליאַנטן־סוחרים פון פאַרשידענע לענדער מיט די טייערסטע איידל־שטיינער, אָבער ווען דער שאַך־מייסטער האָט דערזען דעם וואָלבאָזשער רביצינס בריליאַנט האָט מען איר געגעבן אַ הון רב — וויפל זי האָט נאָר געוואָלט, מיט אַ צולאָג פון אַ פּראַוואָ־זשיטעלסטוואַ, צו מעגן וווינען אין דער צאַרישער הויפּט־שטאָט.



דאָס איז די מעשה פון די צוועלף חלות, וואָס נישט יעדער האָט זי געהערט און וואָס איז ביז היינט נישט געווען באַשריבן אין די מעשה־ביכלעך.

איך האָב מיר גענומען צייט און די מעשה אויפגעשריבן פאַר יידישע קינדער, וועלכע זאָלן דאָס לייענען און הנאה האָבן...

# די געשיכטע פון אַ טרער

אין דעם זעלבן טאָג, ווען דער בורא העולם האָט באַשאַפן דעם מענטשן מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים און ער איז געווען גרייט אים אַראָפּצושיקן אויף דער זינדיקער וועלט, האָט ער ממש אין דער לעצטער רגע אַ פרעג־געטאָן ביי די מלאכי השרת:

— צי האָט ער נישט פאַרגעסן דעם בר נש עפּעס מיטצוגעבן?

האָבן זיך די מלאכי השרת איבערגעוואונקען מיט פייערדיקע בליקן, געפלאַטערט מיט די ווייסע פליגלען, און דער שר המלאכים איבער יצירה האָט געענטפערט:

— אַ האַרץ האָסטו, גרויסער באַשעפער, אין דעם מענטשן איינגעפלאַנצט — ער זאָל קאָנען פילן און מקיים זיין אַלע דיינע געבאָטן. אַ קאָפּ האָסטו אים אַרויפגעזעצט ער זאָל קענען לייגן דעם של ראש מיט דיין ליבן נאָמען; פיס האָט ער געקראָגן, ער זאָל קענען עולה זיין קיין ירושלים און ברענגען דיר קרבנות. אויערן האָסטו אים געגעבן, ער זאָל הערן די רייד פון דיינע נביאים; אויגן האָסטו אין אים געמאַכט לייכטן, ער זאָל זעען דעם בליץ און באַוואונדערן די שיינע וועלט, דיין גרויס ווערק, וואָס דו האָסט באַשאַפן — איז וואָס נאָך דאַרף ער?...

— יאָ! — האָט אַ מאָנטשיק מלאכל, וואָס איז געווען פאַרשטעקט הינטערן כסא־הכבוד אַ מורמל געטאָן מיט ציטערניש:

דער אַלמעכטיקער האָט דאָך דערמאָנט, אַז עס דאַרף עפּעס זיין אין דעם מענטשנס אויגן...

צווישן די עלטסטע מלאכים איז געוואָרן אַ געפילדער:

— אוואַ! אַ חוצפה האָט דאָס דער קליינער פּיפּערנוטער צו רעדן אָן רשות!

ס׳איז שוין אָבער געווען צו שפּעט, פאַרפאַלן! די רייד האָבן אָנגעשלאָגן פאַרן כסא־הכבוד און מ׳האָט אַ רוף געטאָן:

— זאָל קומען די טרער!

האָט זיך די טרער צוגעקאָלערט נאָענט צום פּיס־בענקעלע ביים כּסא־הכּבוד און שיִער נישט פאַרגליוערט געוואָרן פאַר פּחד. אין דער זעלבער רגע האָט אַ דונער געטאָן:

— טרער, גיי אַריין אינעם מענטשנס אויגן און ווײן דאָרטן אײביק!

— און וואָס הייסטו מיר דאָרטן טאָן, פאָטער פון אַלע באַשעפענישן?

— האָט די טרער זיך איינגעשטעלט און געפרעגט.

— געזען אַ טאָג פון חוצפּהניקעס — האָט דער שר המלאכים מיט רוגזה אַ ברום־געטאָן — עפּעס דאָרט אַ טראָפּן, אַן אומגעזאָלצענע טרער, האָט אויך שוין באַקומען לשון! מנע! ווו איז דאָס געהערט געוואָרן?...

אָבער דער זעלבער קול האָט אים איבערגעריסן:

— טרער, דו וועסט אינעם מענטשנס אויגן זיין ביזן סוף פון זיין לעבן! דו וועסט דאָרטן זיין טיף באַהאַלטן. אַזוי לאַנג ווי דעם מענטשנס האַרץ וועט נישט אויפגיין פון ליידן, וועסטו נישט דאַרפן אָנקוקן די זינדיקע וועלט. וועט אָבער אים עפּעס פייניקן, זיין האַרץ וועט זיין איבערפולט מיט ווייטיק און זיין נשמה וועט עפּעס קוועלן — וועסטו זיך באַווייזן פון דיין באַהעלטעניש!...

דערהערט אַזעלכע דיבורים, האָט די טרער גלייך אויפן אָרט באַוויזן וואָס זי קען און זיך צעכליפּעט:

— רבונו של עולם! מיט וואָס האָב איך זיך פאַרזינדיקט, אַז דו זאָלסט מיר צוטיילן אַזאַ האַרבע שטראָף — כ׳זאָל דערזען די ליכטיקע וועלט נאָר דעמאָלט בעת דעם מענטשן איז שלעכט, ווען ער האָט צרות? פאַר וואָס בין איך ערגער פונעם געלעכטער, וועמען דו האָסט געגעבן די שליחות אויסצודרוקן זיין פרייד און פאַרגעניגן? אל רחום וחנון, דער־באַרעם זיך איבער מיר! — האָט זיך די טרער פאַרכלינעט.

אַ רגע האָט געהערשט אַ הימלישע שטילקייט און באַלד האָט זיך דערהערט דער גזר־דין:

— טרער! דו וועסט אויך אויסדרוקן דעם מענטשנס פרייד. דו וועסט זיך קענען באַווייזן אינעם מענטשנס אויגן ביי אַן אויסערגעוויינלעכער שימחה, בעת זיין האַרץ וועט איבערפולט ווערן מיט פרייד.

דאָס מאָנטשיק מלאכל, וואָס איז נאָך געווען ערגעץ פאַרשטעקט, האָט זיך באַוויזן, אַ פאָכע געטאָן מיט די פליגלען און בליק־שנעל באַוויזן

אַריינצוּוואַרפן די טרער אין די אויגן, איידער מ׳האָט דעם מענטשן אַראָפּ־געוואָרפן אויף דער וועלט.

לכתחילה האָט זיך די טרער געפרייט מיט איר גרויסן נצחון. פון איר באַהעלטעניש האָט זי געזען, ווי אדם הראשון דרייט זיך אַרום אַ נאַקעטער און שמייכלט צום הימל און די זון שמייכלט אים צוריק. אַזוי, האָט די טרער געטראַכט, וועט ער שוין זיך פירן זיין גאַנץ לעבן און וועט זי בכלל נישט באַלעסטיקן.

ערשט שפּעטער, ווען מ׳האָט פון אָדמס ריפּן די ערשטע אשה אויס־געמייסטערט, האָט די טרער דערזען ווי ביטער אדם איז נעבעך אַריינ־געפאַלן...

דער מענטש האָט נישט קיין מנוחה און דער טרערס גורל איז:

וואַרטן ביז דעם מענטשנס פרייד וועט זיין אַזוי שטאַרק, אַז ער וועט לאַכן ביז טרערן...

# תיקון חצות

אז מען קומט אָן פון וואָלינער טראַקט צו דער שטאָט לעמבערג, איז מען נאָך אַלץ פאַרשיכורט פון דער רהבותדיקער לאַנד־שאַפט מיט זאַטע פעלדער און געדיכטע וועלדער.

די באַן רייסט זיך אַריין אין סאַמע האַרץ פון דער שטאָט, האַרט ביי די הויפטגאַסן, מיט אויסגעפוצטע שוי־פענצטער און קאָלירפולע רעקלאַמע־פייערן. ס׳איז שוין שפעט אין אָוונט אָבער די גאַסן און בולוואַרן זענען נאָך פאַרפלייצט מיט יונגע פּאָרלעך — ס׳איז לעמבערגס פּראָמענאַדע. יונגע אוקראַינקעס מיט רויט־אויסגעהאָפטענע בלוזקעס און רויט־געלע סטענגעס, איינגעפלאָכטענע אין די בלאָנדע צעפּ פירן זיך אַרום מיט בחורים אין זייער נאַציאָנאַלן טראַכט. עס זעט אויס ווי זיי וואָלטן דעמאָנ־סטרירן מיט זייערע אויסגעהאָפטענע קעלנער און ברייטע געל־רויטע גאַרטלען אַראָפּהענגענדיקע טראָלזן און מיט זייער הילכיקן אוקראַינישן לשון. אַקייגן זייערע פריילעכע ליאַרמען, וואָס קלינגען אַריין אין דער שטילער בלויער נאַכט־אַריין זעען אויס די פּוילישע אויפשריפטן אויף די שילדן צו זיין פרעמד אין דער דאָזיקער שטאָט. אויך דער פּוילישער פּאָליציאַנט וואָס שטייט אין וואָקזאַל זעט אויס צו זיין אַ פאַרבלאָנדזשע־טער אין אַ פרעמדער שטאָט...

די הייטערקייט פון דער גאַס האָט פאַרטריבן די לעצטע שפורן פון דער מאָנאָטאָנער באַן־דרעמלונג. מיטן קליינעם רענצל אין האַנט בין איך מיטגעשווימען מיט דער לעבעדיקער גאַס. דאָס הויכע לאַכן פון די אוקראַ־אינישע שיקסלעך און דאָס הפקרדיקע אויפפירן זיך פון זייערע קאַוואַלירן האָבן געוועקט צו זומער לעב.

לעמבערג האָב איך דעמאָלט געזען צום ערשטן מאָל. איך האָב די גאַסן נישט געקענט און ס׳איז מיר געווען אַלץ איינס אין וועלכער גאַס איך געפין זיך. אַזוי האָב איך זיך אַרומגעדרייט פון גאַס צו גאַס. ביסלעכ־

ווייז האָבן זיך אויסגעלאָזט די ברייטע בולוואַרן און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן ציען שמאָלע געסלעך מיט אָנגעפּראָפּטע געוועלבלעך. אָפּגענוצטע שילדן, מאַנכע מיט יידישע אותיות האָבן רחמנותדיק אַראָפּגעקוקט פון די אַלטע געביידעס. כ׳בין שוין געווען אַ ביסל מיד פון גאַנג, אָבער עס האָט מיך אַלץ צוריקגעצויגן צו יענע באַלעבטע און באַלויכטענע גאַסן, וואָס קלינגען מיט געלעכטער און מיט קאָלירטע סטענגעס אין מיידלשע צעפּ. איך האָב זיך צוריקגעקערט, און נישט באַווייזנדיק אָפּצוגיין מער ווי עטלעכע שפּאַן, כאַפּט ווער אָן מיין רענצל.

ער איז נאָך געווען גאָר יונג. דאָס בערדל מיט די העל־בלאָנדע געקרייזלטע צויטן איז געווען אַרונטערגעשאַרט אונטערן גאָמבע. זיינע באַקן האָבן נאָך נישט אַרויפגעלאָזט אויף זיך אַ גאָל־מעסער. דער קיי־לעכדיק־פלושענער קאַפּעלוש האָט זיך אים אַוועקגערוקט אין אַ זייט און מ׳האָט אַרויסגעזען אַ קאַנט פונעם קאַפּל וואָס ער טראָגט פון אונטערן הוט.

— שלום עליכם אַ יידן! איר זוכט דאָך אַוודאי ווו צו שלאָפן? קומט מיט מיר! אָט דאָ נישט ווייט...

איך האָב דערפילט אַ מידקייט פון לאַנגן וועג. אייגנטלעך האָב איך דאָך באַלד באַדאַרפט גיין רוען. טאָ וואָס איז מיר דער נפקא־מינא? אין גאַנצן אַ פּאָר שעה פון אַ זומער־נאַכט. ווו וועל איך איצטער גיין זוכן אַ האָטעל.

ער האָט אַ כאַפּ־געטאָן מיין רענצל און געשפּאַנט פּאָרויס, אַריינגע־דרייט זיך אין שטילע פינצטערע געסלעך ביז ער איז צוגעקומען צו אַן אַלט הייזל מיט הילצערנע טרעפּן.

ביטע, גייט אַריין! ער איז געבליבן שטיין ביי דער ברייט־צעעפנטער טיר און מיך אַריינגעלאָזט פּאָרויס.

ער האָט מיין רענצל אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל און אַ פרעג־געטאָן:

— איר ווילט אפשר עפּעס עסן, טרינקען?

— אַ טיי!

ער איז גיך אַריינגעלאָפן אין קיך און איבערגעלאָזט אַ געעפנטע טיר.

באַלד קומט אַריין אַן עלטערער ייד מיט אַ פּאַטריאַכאַלישן אויסזען. ער איז געווען אַ הויכער מיט אַ שיינעם קערפּער־געבוי. זיין פּנים איז געווען באַוואַקסן מיט אַ לאַנגער האַלב־גרויער באָרד און פאות. אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ לאַנגן שלאָפראָק מיט אויסגעהאַפּטענע בלומען און

אַרומגענומען מיט אַ קאָלירטן גאַרטל. זײַנע אויגן זענען געווען אָנגעפילט מיט טרויער. ער איז געבליבן שטיין קעגן איבער מיר אין מיטן שטוב.

— שלום עליכם! — שטעקט ער מיר אַריין זיין האַנט אין מיינער.

אינעם שמאָלן קאָרידאָר־צימערל האָבן צוויי מענטשן נישט געקאָנט שטיין אין דער ברייט, האָט זיך דער ייד אויסגעדרייט אין אַ זייט און אַדורכגעלאָזן דאָס מיידל מיטן גלאָז טיי.

אונדזערע בליקן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן. זי איז געווען אַזוי שיין אַז כ׳האָב נישט געקאָנט אָפּרייסן מיין בליק פון איר. זי האָט זיך אַ ביסל איינגעבויגן איבער מיין טישל און איר ביוסט איז אויסגעקומען נאָענט צו מיין פנים. זי האָט געוואָלט אַוועקשטעלן דאָס גלאָז טיי פאַר מיר, אָבער איר האַנט האָט אָנגעהויבן ציטערן. דאָס וואַסער אין גלאָז האָט זיך גענומען וואַרפן אַזוי אַז זי האָט עס שיִער נישט אויסגעגאָסן.

זי איז האַסטיק אַוועק פון מיין טישל. און איך האָב בלויז באַוויזן צו זען ווי אירע בלאָנדע צעפּ האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן איבער איר נאַקן.

איך בין דעמאָלט געווען יונג און שיין — דער אמתער „הבין פורת יוסף". איך האָב ליב געהאַט שיין צו פאַרקאַמען מיין שוואַרצע טשופּרינע און זיך באַגיסן מיט שמעקעדיקע וואַסערלעך. דאָס גלאָז טיי וואָס זי האָט אַוועקגעשטעלט אויף מיין טישל האָט זיך באַרויִקט, אָבער אין אונדזערביידנס הערצער האָט זיך דער שטורעם אָנגעהויבן.

— רחל, וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן? — האָב איך געהערט ווי עס פרעגט ווער אין דער קיך.

שלאָפן האָב איך די נאַכט שוין נישט געקאָנט. כ׳האָב פאַרלאָשן דאָס ליכט, און ווי נאָר כ׳האָב זיך אַוועקגעלייגט אויפן בעטל זענען אין דער פינצטערניש אויפגעקומען ביידע געשטאַלטן: דער הדרת־פנים־דיקער ייד און דאָס בלאָנדע מיידל מיט די פולע בעקלעך און לאַנגע צעפּ. איך האָב זיך געוואָלט נענטערן צום מיידל, אָבער עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז דער דאָזיקער ייד איז די האַרטע מויער וואָס טיילט מיך אָפּ פון זיין טאָכטער.

דאָס געסל איז געווען אַ שטילס. מען האָט נישט געהערט קיין מענטשן־טריט און אַפילו קיין פיאַקער איז נישט אַדורכגעלאָפן. דאָס גאַנצע הויז איז געווען פאַרזונקען אין דער ביינאַכטיקער רו.

איך האָב זיך געוואָרפן אויפן געלעגער און אַריינגעטראַכט אין דעם אַלעם, וואָס דערווייטערט מיך פון דעם צניעותדיקן מיידל. איך האָב זיך

אָריענטירט, אַז דער יונגער־מאַן מיט דער אַטלאַסענער בעקעשע, וואָס האָט צוגענומען מיין רענצל אויפן גאַס איז דער אידעם פונעם בעל־הבית, און זי, דאָס מיידל וואָס האָט מיר צוגעטראָגן דאָס גלאָז טיי, איז זיין יינגסטע טאָכטער. שיינע צווייי שוואָגערס וועט דאָס זיין... אָבער ווי אַזוי קאָן מען צוקומען צו אַזאַ מיידל, אַז מען גייט גלאַט ראַזירט און אין קורצע קליידער...

אין מיטן דערינען זענען מיינע געדאַנקען איבערגעריסן געוואָרן דורך טריט וואָס האָבן זיך געהערט אינעם גרויסן צימער. אַ פּאַס שוואַכע ליכט האָט זיך אַריינגעריסן אין דעם קליינעם פענצטערל וואָס איז אַרויס אין דער גרויסער שטוב. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט. עס האָט זיך מיר פאַר־געשטעלט, אַז דאָס איז זי, דאָס בלאָנדע מיידל אַריינגעקומען מיך איבער־וועקן, אפשר וויל זי מיך זעען אָדער רעדן מיט מיר...

איך בין פאַרזיכטיק אויפגעשטאַנען פון געלעגער, אַוועקגעמאַכט דאָס פאָרהענגל און דערזען ווי אין מיטן גרויסן צימער שטייט דער הדרת־פּנימדיקער ייד. ער ווישט אָפּ זיינע געוואַשענע הענט. דערנאָך שפּרייט ער אויס אַ טעפּיך אויף דער פּאָדלאָגע און זעצט זיך אַוועק. אַ ליכט ברענט אויף אַ קליין בענקעלע און אין די הענט האַלט ער אַ גרויסן סידור. צו ערשט איז ער שטיל, בלויז זיינע אויגן זענען איינגעטאָן אינעם סידור. ביסלעכווייז הייבט ער זיך אָן צו וויגן זיצנדיקערהייט ווי אין אַ תפילה, און שטיל ווי ער וואָלט זיך היטן נישט אויפצוּוועקן דעם איינציקן גאַסט הייבט ער אָן צו זאָגן:

— „על נהרות בבל שם ישבנו גם בכינו בזכרנו את ציון“!

דורך דער ברייטער שפּאַרע האָב איך געזען זיין גאַנצע געשטאַלט. מיר האָט זיך אויסגעוויזן אַז אויף דער פּאָדלאָגע זיצט איצט מיקעל־אַנזשעלעס אַ לעבעדיקער „משה“ מיט די צוויי שפּיזן אויפן קאָפּ. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס ריכט ער אָפּ תיקון חצות וואָס עס האָט איינגע־פירט דער האר״י הקדוש.

— איכה נחרב האולם ונהרס יסוד העולם...“ הייבט ער אָן צו קלאָגן.

איך שנייד זיך איין מיט די אויגן אין יעדער באַוועגונג זיינער. און אַ ציטער איז מיר אַדורך איבערן לייב. צו ערשט האָב איך געהאַט אַ באַגער אַריינצוגיין אַהינצו און זיך אַליין אַוועקזעצן לעבן אים אויף דער פּאָדלאָגע. אָבער באַלד האָט מיך אָפּגעהאַלטן אַן אַנדער געדאַנק: אפשר

וועט זי מיך דערזען זיצנדיק אויף דער פּאָדלאָגע. וואָס וועט זי וועגן מיר טראַכטן?

— „על היכלי אֶבכּה יומם ולילה״ — באַוויינט דער ייִד דעם חורבן בית המקדש.

זיין וויינענדיקער ניגון ווערט פאַרשלונגען אין די ווענט פון צימער. אויף יענער זייט פון דער גרויסער שטוב איז פינצטער. דאָרטן שלאָפט רחלע, דאָס מיידל מיט די לאַנגע צעפּ. איך האָב געהאַט חשק אַריינצו־גנבֿענען זיך אין איר צימער און זי זען שלאָפנדיק... איך האָב שוין גע־האַלטן דאָס עלעקטרישע טאַשן־לעמפּל אין האַנט. איין בליק וועל איך טאָן און זי זען. איך וועל זיך אַפילו נישט פאַרזוימען ביי איר בעטל, נאָר אַריינכאַפּן איר געשטאַלט אין מיין דמיון. דעמאָלט וועט זי שוין בלייבן ביי מיר אַ גאַנצע נאַכט. אָבער דעם אַלטנס ניגון האָט זי אַוועקגעריסן פון מיר.

כ׳האָב געצאָרנט אויף דעם אַלטן פאָטער אירן, אָבער באַלד האָט מיך אַרומגענומען אַ גרויס מיטגעפיל צום וויינענדיקן ייִדן, צו דער וויינענדיקער ייִדישער געשיכטע, וואָס איז אין יעדן דור געווייקט אין טרערן. איך האָב דערפילט זיין בענקשאַפט צום בית המקדש, צו ירושלים, און צוזאַמען מיט דער דאָזיקער בענקשאַפט האָט געפיבערט אין מיין לייב די בענקשאַפט צו רחלען. איך האָב דערפילט אַז מיר זענען שותפים צו אַ גרויסער ליידנשאַפט און זיינע ווערטער האָבן נאָך מער אויפגעוועקט מיין יוגנט־ברען. יעדעס וואָרט זיינס האָט זיך אויסגעדרייט צום מיידל און געזונגען צו איר אַ פאַרבענקט ליד, פּונקט ווי ער צו ציון.

— „אם אֶשכּחך ירושלים תשכּח ימיני״ האָט ער זיך פאַרגעסן און אויפגעהויבן העכער זיין האַרצרייסנדיקן ניגון.

און איך האָב אים נאָכגעזאָגט אין דער שטיל:

— כ׳וועל דיך קיין מאָל נישט פאַרגעסן רחלע!

— „הביטה וראה את חרפּתנו״ — האָט ער אויפגעהויבן די הענט צום הימל. איך האָב דערוויייל ווייטער געזאָגט מיין תפילה:

— גיב אים אין זינען אַריין איך זאָל ביי אים נושא־חן־זיין און ער זאָל מיר געבן זיין רחלען.

איך האָב זיך אַליין דערשראָקן פאַר מיינע ווערטער, ווייל איך האָב זיי ממש דערהערט מיט די אויערן. און אפשר, האָב איך געטראַכט, האָט דער דאָזיקער ייִד אַ רוח־הקודש און ער איז מרמז אויף מיינע געדאַנקען, אויף מיינע ווערטער צו זיין טאָכטער.

ער האָט איבערגעזאָגט דעם פסוק הביטה עטלעכע מאָל און איך האָב זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן איבער דעם אויסגעשפּרייטן טעפּיך, איבערן צאַנקענדיקן ליכט, אפשר קוקט ער אַריין אין מיין פענצטערל. אפשר ווייזט ער מיט זיינע הענט אויף מיר: ווי קומען אַריין אַזעלכע זינדיקע מחשבות אין זיין שטוב אַריין?

אַזוי קוקנדיק דערזע איך פּלוצעם ווי צווישן קעגנאיבערדיקן ווענטל וואָס טיילט אָפּ דאָס גרויסע צימער, האָט עפּעס אַ בליץ געטאָן. צוויי אויגן קוקן־אַרויס פון הינטערן פאָרהענגל און זיי זוכן עפּעס...

ערשט איצט האָב איך באַנומען אַז אויך זי רוט נישט. אויך איר האַרץ ציט צו מיר. איך האָב אַוועקגערוקט דאָס פאָרהענגל און אַריבער־געקוקט צו איר.

צו ערשט האָט זי אַוועקגעכאַפּט דעם קאָפּ, אָבער באַלד האָט זי זיך אויפגעזעצט צוקאָפּנס אויף איר בעטל און אונדזערע בליקן האָבן זיך ווידער צוזאַמענגעטראָפן... אָבער אין מיטן געפינט זיך אַ תהום... איר טאַטע ריכט־אָפּ תיקון חצות.

איך האָב מער נישט געקאָנט איינזיצן אויפן בעטל. כ׳בין אַראָפּ אויף דער פּאָדלאָגע. איך האָב איצטער געהאַט אַ באַגער אָפּצוריכטן חצות... כ׳האָב געזוכט ווערטער אויסצוגיסן מיין זיסן־טרויער.

— קום צו מיר געליבטע...

אין גרויסן צימער האָט זיך דער אַלטער צעוויינט. ער האָט אין אַלץ פאַרגעסן, אַפילו אין דעם שטיקל פּרנסה זיינעם — איבערצוּוועקן אַן אורח אין מיטן שלאָף... ער האָט געקלאַפּט מיט דער רעכטער האַנט אין דער פאָדלאָגע, ווי ער וואָלט קלאַפּן אין די טויערן פון הימל:

— „תדבק לשוני לחיכי אם לא אזכרכי, אם לא אעלה את ירושלים על ראש שמחתי!“.

און איך האָב געשעפּטשעט

— איז ווי אַזוי קאָן איך דיך דערגרייכן רחלן? אַז בעת מיין האַרץ איז פול מיט שימחה, צו דיר קלאָגט גאָר דיין טאַטע אויפן אַלטן חורבן...

— „ואני בתוך הגולה“ — האָט ער נישט אויפגעהערט צו קרעכצן.

— און איך געפין זיך אין דער קלעם. זאָל איך מאָרגן פרי זאָגן דיין טאַטן, אַז כ׳האָב דיך ליב? ווערט דיין טאַטע וואָס ריכט־אָפּ חצות דיך ווען געבן מיר פאַר אַ ווייב?

אַזוי האָב איך מיטאָפּגעריכט חצות. איך האָב געפּיבערט צום מיידל.



... אויך זי רוט נישט. אויך איר האַרץ ציט צו מיר.

עס איז מיר גוט געווען וואָס איך בין וואַך. איך האָב געהאַט אַ פאַרלאַנג, אַז די שוואַרצקייט פון דער נאַכט זאָל נישט צעגיין, בלויז דאָס ליכט וואָס צווישן אונדז ביידן זאָל בלייבן.

אָבער דאָ האָט זיך דער אַלטער אויפגעשטעלט. ער האָט געגעבן אַ קוש דעם גראָבן סידור, אים פאַרמאַכט און מיטן ליכט אין דער האַנט איז ער אַרויס אין די צימערן אויף יענער זייט פון דער גרויסער שטוב. אין דער רגע איז רחלע אַוועקגעשפּרונגען פון דער וואַנט. זי האָט זיך אַ וואָרף־געטאָן אין בעט אַריין און איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע... האָב איך איר אינסטינקטיוו נאָכגעטאָן. באַלד בין איך אַריינגעפאַלן אין האַלב־חלום, פול מיט בענקשאַפט און וויזיע...

ווען כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט איז שוין די זון געווען אין מיטן הימל. איך האָב דאָס מיידל אַרומגעזוכט אין גאַנצן הויז און זי נישט געפונען. אויך איר פאָטער איז מער אין שטוב נישט געווען. איך האָב זיך אַרומ־געדרייט אין דער גרויסער שטוב ווו דער ייד האָט אָפּגעריכט חצות. איך האָב געזוכט עפּעס אַ שפּור פון דעם וואָס איך האָב דאָ געזען ביי נאַכט, אָבער אַלץ האָט אויסגעזען אַזוי פּשוט און וואָכעדיק.

איך בין גרייט געווען צו וואַרטן ביז די נאַכט וועט צופאַלן, אָבער כ׳האָב זיך געשראָקן ווידער צו זעען און הערן דעם ווייַנענדיקן יידן... האָב איך זיך צערעכנט מיט דער אַלטער פרוי, באַצאָלט מערער ווי זי האָט פאַרלאַנגט און אַוועק פון דאָזיקן הויז.

ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן האָב איך זיך ווידער געוויגט אין אַן איינזאַמען וואַגאָן. לאַנגע שעהען האָט רחלע מיך באַגלייט מיט איר שמייכל אויפן פּנים, מיט אירע ציטערדיקע הענט ביים דערלאַנגען מיר דאָס גלאָז טיי. אין אָנהייב האָב איך זי נאָך נענטער געפילט לעבן מיר ווי אין איר פאָטערס הויז. אָבער וואָס מער די באַן האָט זיך דערווייטערט פון לעמבערג אַלץ מער האָט זי זיך צוריקגעצויגן, ווי זי וואָלט צוריקגעלאָפן אַהיים. איך האָב זי פעסט אָנגעהאַלטן אין מיין דמיון, און זי נישט געלאָזט אַוועק. אַזוי האָב איך זיך געראַנגלט מיט איר אַ גאַנצע נאַכט. ערשט ווען די שויבן פון באַן־פענצטער האָבן גענומען גרויען מיט אַ מאַטן ליכט, האָט זי זיך מיט אַ מאָל פון מיר אַרויסגעריסן און פאַרשוווּנדן.

איך האָב אַ לאַנגע צייט וועגן איר געטראַכט, אָבער קיין מאָל זי שוין נישט געזען.

# איך בין דאָ!

אויף דער זשאַנדאַרמען־סטאַציע, וואָס ביים טייך ראַוועקע איז נאָר דער עלטסטער וואַכמייסטער געווען אַ רייכס־דייטש. די איבעריקע ברוין־קעלנערדיקע זשאַנדאַרמען זענען געווען פאָלקסדייטשן.

אַלע זענען זיי געווען פעטלייביקע מיט רויט־פליישיקע באַקן און תמיד שיכורע אויגן. זייערע דיקלעכע בייכער זענען געווען אַרומגענומען מיט ברייטע פאַסקעס ווי רייפן אַרום פולע הערינג־פעסער. ביי דער רעכטער זייט האָבן אַראָפּגעהאָנגען לעדערנע פּיסטאָלעטן־שיידן.

דער ייִנגסטער פון זיי — פראַנצל, אַ געל־האָריקער יונג, באַשאָטן מיט זומער־שפּרענקעלעך איבערן פּנים און האַלדז, איז געווען אַן אָפּטער אַריינגייער אין געטאָ. אַ סך ייִדן האָבן אים געקענט פון זיין דאָרף. די וואָס האָבן אים געקענט פון דער היים האָבן זיך פאַר אים נאָך מער באַהאַלטן, ווייל זיי האָבן געוווּסט, אַז פראַנצל האָט נישט ליב, וואָס מען קען אים פון זיין היים, און ווו נאָר ער באַגעגנט אַ באַקאַנטן ייִדן, אַ דאָרפסגייער, צי אַ שניידער, ביי וועמען ער פלעגט אַ מאָל קויפן אַ שפּאַנצער, צי עפּעס אַנדערש — לייגט ער אים גלייך אַוועק מיט אַ קויל פון זיין שוואַרצן פּיסטאָלעט.

נאָך מיט אַ קורצער צייט צוריק איז פראַנצל געווען אַ געהילף ביי אַ קאָוואַל אין זיין געבוירן־דאָרף קאָכאַנאָוו. גאַנצע טעג איז ער געלעגן אין דער קוזשניע, געשמידט אייזערנע רייפן צו וועגענער. דאָרפס־ייִדן פלעגן זיך ביי דער קוזשניע אָפּשטעלן און לאָזן קאָווען די פערד. פראַנצל איז געווען אַ ספּעציאַליסט צו קאָווען די ווילדסטע פערד. איידער ער האָט נאָך אָנגעהויבן עפּעס טאָן, האָט ער קודם כל דערלאַנגט מיט דער לאַנגער אייזערנער צוואַנג דעם פערד אַ זעץ אין בויך אַריין, אַזש דאָס פערד האָט אַ שפּרונג־געטאָן און מיט פּחד געקוקט אויפן קאָוואַל אין לעדערנעם פאַרטוך. אַז ער האָט אויפגעהויבן אַ פוס פון אַ פערד, האָט ער

אַ געשריי געטאָן און אַזוי אויסגעקרומט דעם פּוס, אַז דאָס פערד איז געשפּרונגען פאַר ווייטיק. אַז אַ ייד איז צוגעפאָרן צו דער קוזשניע, איז פראַנצל דער ערשטער פון די אַנדערע יונגען אַרויסגעלאָפן צו דער אַרבעט. ער האָט געוווסט, אַז יידן פאָרן נישט אַוועק אָן טרינקגעלט.

אין געטאָ אַריין איז פראַנצל געקומען אָן אויסגעפוצטער מיט זיין „וואָלף" ביי דער זייט. זיינע געלע באַנאָגלטע שטיוול האָבן געקלאַפּט ווי פערדישע פּאָדקאָוועס און זיינע ווייס־פאַרלאָפענע אויגן האָבן תמיד עפּעס געזוכט פון דער ווייטנס.

זיינע טריט האָבן אָנגעוואָרפן אַזאַ מורא, אַז די געטאָ־געסלעך זענען באַלד ליידיק געוואָרן. אָבער פראַנצלס הונט איז תמיד געווען פלינקער צו כאַפּן אַ קרבן.

מיטן געכאַפּטן יידן פלעגט זיך פראַנצל לאַנג שפּילן. ער האָט דעם געפאַנגענעם אַוועקגעשטעלט מיטן פּנים צו דער וואַנט אונטער דער וואַך פון זיין הונט און אויסגעשאָסן איבער זיין קאָפּ, כדי דעם יידנס האַרץ זאָל אַנטפאַלן ווערן פאַר שרעק. דערנאָך האָט ער אַ פייף־געטאָן און זיך געשטעלט פון ווייטנס צוקוקן צום בלוטיקע ספּעקטאַקל. צו ערשט האָט פראַנצל דעם הונט אונטערגעטריבן און גערייצט אים מיט געשרייען: „נעם דעם יודע"! אָבער ווען דער הונט האָט דערזען די ערשטע בלוט־שנירלעך, איז ער אַריין אין אַזאַ ווילדער צערייצטקייט, אַז ער האָט זיך מיט די ציין טיף איינגעשניטן אינעם וואַרעמען קערפּער, אַרויסגעריסן גאַנצע שטיקער פלייש פון הינטן און זיי אַוועקגעלייגט ביי די פיס פון זיין באַוואָפנטן האַר. אַז פראַנצל איז געווען אין אַ שלעכטער שטימונג האָט ער דעם הונט ווידער צוריקגעשיקט:

— נאָך מאָל! נאָך מאָל!

טייל מאָל, אַז דער קרבן האָט הויך געשריגן איז פראַנצל אַריין אין אַ פוריע און גענומען שרייען מיט באַנומענע קולות. דאָס רעווען פון דייטש האָט זיך אויסגעמישט מיטן הונטס בילן. ביידע האָבן געזאָטן מיט בלוטדאָרשט. דער ברוינער זשאַנדאַרם האָט געריטשעט:

— נאָך מאָל צום יודע! נאָך מ—אָ—אָ—ל!...

שווער איז נאָר דעם „וואָלף" אָנגעקומען אַרויסצורייסן דאָס ערשטע שטיק פלייש, אָבער דערנאָך מאַכט ער עס גיכער און פראַנצל ציילט:

— איינס, צ—וו—יי, דריי...

אַז דער קרבן בלייבט ליגן אַן אומבאַוועגלעכער און דער הונט נעמט

אים באַשמעקן פון אַלע זייטן, קען זיך פראַנצל אַלץ נישט זאַט קוקן ווי דער שניי און דער ברוק פאַרבט זיך אויף רויט... עס ציט אים צו נעמען עפּעס אין מויל אַריין. עס ציט אים צו בראָנפן.

פראַנצל גייט אין יודענראַט אַריין. ווי וועט זיך צו זיי — שמייכלט פראַנצל אונטער די וואָנצעס — אויב זיי וועלן נישט האָבן אָנגעגרייט פאַר אים אַ פלאַש בראָנפן מיט איבערבייס.

— דער יודענראַט שאַצט אָפּ זיין אַרבעט — זאָגט פראַנצל גלייך ביים אַריינקומען דערזעענדיק די גרויסע פלאַש בראָנפן.

נאָכן אַריינגיסן אין זיך עטלעכע גלעזלעך ווערט ער באַרעדעוודיק:

— ווי פרעך דיינע יודען פירן זיך אויף — זאָגט פראַנצל צום עלטסטן — זיי געוואַלדעווען אין מיטן גאַס, ווען מיין הונט באַשמעקט זיי... אַזעלכע נידערטרעכטיקע...

— אַזוי?... — נו, איך וועל זיי שוין אָנזאָגן... טרינק פראַנצל, האָסט זיך אַוודאי גוט אָנגעאַרבעט...

— מענטשנס קינד — רעגט זיך אויף דער זשאַנדאַרם — אַז איך מאַך מיין דינסטלעכן מאָרגנשפּאַציר, מוז איך דאָך זען עס זאָל אָר־דענונג זיין...

— געוויס! געוויס, הער וואַכמייסטער. ווער האָט דען עפּעס צו דיר...

אָבער נישט אַלע מאָל האָט פראַנצל באַוויזן „אָרדענונגסמעסיק" צו פאַרענדיקן זיין מאָרגנשפּאַציר. טייל מאָל האָט דער קרבן נישט געוואָלט אויסהאַלטן די עינויים און זיך אויסגעדרייט מיטן פנים פון דער וואַנט. דעמאָלט איז פראַנצל אַריינגעפאַלן אין שרעקלעכן גרימצאָרן און אָן אויפהער געברעוועט, ווי ער וואָלט פאַרטייטשט פאַרן הונט: — געזען אַ חוצפּה! אַ יודע זאָל וואַגן צו ברעכן דעם באַפעל פון דער זשאַנדאַרמעריע? ער האָט פאַמעלעך אַרויסגעצויגן דעם לאַנגן פּיסטאָלעט פון דער געלער שייד און אויסגעשאָסן. צוזאַמען מיטן שאָס האָט זיך אַ יידישער אויסגעשריי, איבערגעהאַקט אַ — שמע י״ש...!

דער הונט האָט גיריק גענומען לעקן דאָס שטראָמל בלוט, אָבער פראַנצל האָט אים אין דער מיט אַ רוף געטאָן:

— קאָם הער!

און ביידע, דער דייטש און דער הונט, זענען אַוועק אומצופרידענע. מיט אַ מאָל איז פראַנצלען מיאוס געוואָרן דאָס גאַנצע עסק. ער איז געקומען אין יודענראַט אַריין און פראָסט פשוט געזאָגט:

איך קאָן נישט עסן קיין פרישטיק ביז איך דערשיס נישט קיין ייד. ערשט דערנאָך קאָן איך נאָרמאַל אָפּעסן.

דער יודען־עלטסטער האָט אים געגומען אויספרעגן: אפשר דאַרף ער האָבן אַ גוטע פלאַש קאָניאַק, אַ גוט שטיקל שינקע, אָדער אַ געפּרעגלט געגדזל צום פרישטיק — ער האָט דעם זשאַנדאַרם פאַררעדט און דערווייל אַ ווונק געטאָן, מען זאָל אַלץ באַזאָרגן. באַלד איז דער טיש געווען געדעקט מיט כל־טוב, ווי פאַר אַן אָנגעלייגטן גאַסט. פראַנצל האָט זיך צוגעבויגן צום טיש, אַלץ באַשמעקט, געפּרוווט נעמען אין מויל אַריין, אָבער באַלד צוריק אַוועקגעלייגט און געקרומט מיטן נאָז:

— איך פיל קיין טעם נישט! עס גייט נישט אַריין אין האַלדז!

— עס שמעקט גוט, הער וואַכמייסטער!

— איך קאָן נישט! איך מוז צו ערשט שיסן אַ יודע!

די יודן־ראַטלער האָבן נאָך געפּרוווט מיטן זשאַנדאַר איינטענהן, אפשר דאָס, אפשר יענץ... אָבער דער פאָלקס־דייטש האָט זיך אָנגעצונדן מיט כעס:

— ווילסטו „פאַרפלוכטער דרעקיקער יודע”, אַז איך זאָל קיין פרי־שטיק נישט עסן?!

דער יודען־עלטסטער האָט געזען אַז פון דעם וועט קיין גוטס נישט אַרויסקומען האָט ער זיך באַלד אַריינגעמישט און אָנגעשריגן אויף די אַנדערע:

— וואָס ווילסטו ער זאָל פאַסטן? דער הער וואַכמייסטער איז דאָך גערעכט... ער קאָן דאָך קיין פרישטיק נישט עסן...

פון דעם טאָג אָן האָט זיך שוין פראַנצל געפּעדערט אַריינצוקומען באַלד אין דער פרי אין געטאָ נאָך זיין קרבן.

אין געטאָ איז מען שוין צוגעוווינט געוואָרן, אַז יעדן טאָג מוז פאַלן אַ קרבן פון פראַנצל הענט.

אין איינעם אַ טאָג, ווען קינד און קייט האָט זיך באַהאַלטן ביז מען וועט הערן פראַנצלס „מאָרגנשאָס” גייט זיך גאָר דער דייטש רויק אַדורך די געטאָ־געסלעך און טשעפּעט קיינעם נישט. ער גייט אַריין ניכטער אין יודענראַט און זאָגט צום יודען־עלטסטן:

— עס וועט מער נישט אָנגיין אייער שווינדל, מיט אונטעררוקן מיר צו שיסן פּראָסטע יידן — אייער ראַבינער מוז איך היינט דערשיסן, נאָך פאַרן פרישטיק!

דער יודען־עלטסטער איז געווען אַ גריבענער יונג. ער האָט געהאַט אַן אויג ביי די דייטשן, פאַר צושטעלן זיי זאַכן, ממש פון אונטער דער ערד. מיט פראַנצלען האָט ער אויך גוט געלעבט, האָט ער זיך באַלד געכאַפּט וואָס דער דייטש איז אויסן:

— פראַנצל, וואָס איז מיט דיר? ווו וועל איך דיר איצטער נעמען אַ ראַבינער? ווען דו זאָגסט כאָטש אַ שיין מיידל — פאַרשטיי איך, אָבער וואָס זועסטו האָבן פון אַן אַלטן יידן, אַ צעבראָכענער שאַרבן, אונדזער ראַבינער?...

— פראַנצלס פּנים איז זיך פאַרלאָפן מיט אַ רויטקייט און ער האָט אַ בריקע געטאָן מיטן פוס:

— שוין זאָלסטו מיר ברענגען דעם ראַבינער!

אַ מינוט האָט געהערשט אַ שטילקייט. דער ייד האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז אַ שאָד יעדעס וואָרט, און ער האָט מיט אַ געבראָכענער שטימע אַ זאָג געטאָן צום פּאָליציסט פון דער געטאָ־„אָרדענונגסדינסט“.

— גייט, ברענגט דעם רב!

ווי נאָר די אָרדענונגס־דינער זענען אַרויס, האָט ער געעפנט דאָס פענצטער און זיי הויך נאָכגעשריגן, פראַנצל זאָל הערן:

— מאַכט דאָס שנעל, דער הער וואַכמייסטער איילט זיך!

און מיט דער האַנט וואָס איז געווען אַריבערגעבויגן אויף יענער זייט פענצטערברעט, האָט ער שנעל געוואָרפן אַהין און צוריק אַ צייכן אויף ניין!

פראַנצל טרעט נישט אָפּ. ער זיצט אין יודענראַט און וואַרט אויפן אַלטן רב. ס׳איז שוין אַ שפּאָר שטיקל צייט, און דעם רב זעט מען נישט. דער יודנראַטלער וויל דעם דייטש מיט עפּעס מפייס זיין, אָבער פראַנצל לאָזט נישט צו זיך רעדן. ער רויכערט איין ציגאַרעט נאָך דער צווייטער און וואַרפט האַלב ברענענדיקע ציגאַרן די באַאַמטע אין פּנים אַריין. דער יודענראַטלער גיט אַ ווינק אַלע זאָלן אַרויסגיין און ער הייבט ווידער אָן:

— וואָס פאַרא פּייערטאָג איז ביי דיר היינט, וואָס דו דאַרפסט אַ ראַבינער דערשיסן? ווייסט וואָס? זאָל מען אָננעמען אַז דער ראַבינער איז שוין דיינער. אפשר ווילסטו מיר אים פאַרקויפן אַ לעבעדיקן?

— דאָנערוועטער! — שפּרינגט דער זשאַנדאַרם אויף ווי אַן אָפּ־געבריטער.

— וואַכמייסטער, ווייסט וואָס? נאַ דיר פאַר אים אַ האַלבן קילאָ גאָלד!

— האַלט די פּרעסע!

— אַ קילאָ!

— האַלט די שנאָצן! דעם ראַבינער דאַרף איך, פאַרשטאַנען?

— נו, מען זוכט דאָך אים! האָסט דאָך אַליין געהערט ווי כ'האָב זיי נאָכגעשריגן „שנעלער, דער וואַכמייסטער האָט קיין צייט נישט!".

— איך שיס די יונגען אויס, אויב זיי ברענגען מיר נישט זאָפאָרט דעם ראַבינער. נאָך היינט נישט גענומען קיין ביסן אין מויל! פאַרשטאַנען?...

— פראַנצל, מען זוכט דאָך אים אין אַלע לעכער! גוט, כ'וועל שיקן נאָך זעקס יונגען זיי זאָלן זוכן דעם ראַבינער.

דער זשאַנדאַרם ענטפערט נישט. רעש שטעלט ער זיך אויף. ער ציט זיך אויס שטייף און פאַרקנעפּלט אַלע קנעפּלעך פונעם גרינעם רעקל ביז אונטערן ברוינעם קאָלנער. ער נעמט אַרויס דעם טאַשן־זייגער און שטיפט צו דעם ציפערבלאַט האַרט צום יודען־עלטסטנס נאָז:

— אין אַ האַלבע שעה אַרום קום איך ווידער אַהער מיט אַ מאַשין־ביקס. אויב דער ראַבינער וועט נישט דאָ וואַרטן אויף מיר, שיס איך היינט אויס הונדערט יודען. געדענק, הונדערט יודען! קיין איינעם נישט ווייניקער! דו אַליין וועסט מיטגיין און ציילן!

דער יודען־עלטסטער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ווי אַ פאַרמשפּטער וואָס נעמט אויף דעם גזר־דין. פאַרפאַלן! הונדערט קרבנות — מסכים! אָבער דעם רב גיב איך נישט! — האָט ער מיט זיך אָפּגעמאַכט.

ער האָט שוין געוווסט אַז דער רב איז באַהאַלטן אויף אַ זיכער אָרט. אַפילו ווען מען זאָל שיסן אין געטאָ וועט מען דאָרטן נישט צוקומען. ער איז געווען זיכער אַז פראַנצל וועט האַלטן וואָרט און באַלד צוריקקומען, אָבער זיין באַשלוס קלערט ער אַפילו נישט צו ענדערן:

— הונדערט יידן יאָ! אָבער דעם רב גיב איך נישט!

דער רב ליגט נאָך אַלץ באַהאַלטן אין אַ קעלער ביי אַ שוסטער. דאָס אַלטע הייזל זעט מען קוים אַרויס. עס איז שטיל אין גאַס. דער רב הערט נישט מער ווי דאָס טיקען פון זיין האַרצן און דאָס קלאַפּן פונעם שוסטערס העמערל אויבן אויף דער פּאָדלאָגע פון קעלער. פּלוצעם דער־הערט דער רב ווי פון גאַס דערטראָגט זיך אַ געוויין. עס דערנענטערן זיך ביטערע יללות. וויי, וויי! אפשר מיינט מען דאָס אים? זיינע ליפּן נעמען ציטערן. אַ גאַנץ לעבן האָט ער זיך צוגעגרייט צו אַ נסיון פון מקדש השם זיין, און אַז עס איז געקומען דערצו, ווייזט זיך גאָר אַרויס, אַז ער געפינט

זיך נאָך בבחינת פון אַ חלש, אַ שרעקעוודיקער, וואָס קאָן נישט אַריינ־קוקן אין זשאַנדאַרמס אויגן. און ווי לאַנג וועט ער דען דאַרפן אָנקוקן דעם דייטש? אין גאַנצן איין מינוט ביז פראַנצל וועט אַרויסציִען דעם רעוואָלווער פון דער שייד. תפילה בזמנה האָט ער זיין גאַנץ לעבן אָפּגע־היטן, און פון קידוש־השם אַנטלויפט ער? ער וויל לויפן, אַרויסלויפן פון קעלער, אָבער ער דערפילט ווי די פיס וואָלטן אין גאַנצן מורד געווען אין זיין ווילן און זיי שאַרן זיך קוים. מיט אַלע כוחות נעמט ער זיך דראַפּען אַרויף אויפן לייטערל. דער קאַרק ווי פאַרשטייפט וויל זיך נישט איינבייגן און ער פילט אַפילו נישט ווי דער פלושענער קאַפּעלוש קנייטשט זיך אין גאַנצן איין בעת זיין שפּיץ קאָפּ הייבט פּאַמעלעך אונטער דאָס צודעקל פון קעלער.

מיט איין אויג דערזעט דער רב שעיהלען דעם שוסטער ווי ער זיצט אויפן שוסטער־בענקעלע מיט אַ זאַק איבער די קניִען און קלאַפּט טשוועק־לעך אין אַלטע קאַפּטשעס אַריין. דער רב הייבט וואָס אַ מאָל מער אונטער דאָס צודעקברעט. שעיהלע רייסט אָפּ די אויגן פון דער קאָפּיטע און דערזעט ווי די קופּע שיך נעמט זיך אַראָפּשיטן פון פאַרדעקטן ברעט און דעם רבס שפּיץ קאָפּ שטעקט אַרויס. דעם רבס אויגן גליִען, און באַלד דערהערט ער זיין קול:

— זאָג, וואָס טוט זיך אין געטאָ?

— רבי, דערבאַרעמט אייך, קריכט צוריק אַריין אין קעלער!

— זאָג, שעיהלען וואָס איז געשען? עפּעס זאָגט מיר דאָס האַרץ אַז צוליב מיר איז אַן אומגליק געשען?

— רבי, ר—ב—י — וואַרפט זיך שעיהלע אַנידער אויף דער פּאָד־לאָגע, כאַפּט דעם רב אָן ביי די קניִען און וויל אים צוריק אַריינשטופּן אין קעלער אַריין.

אָבער דער רב שטויסט אים אָפּ פון זיך.

— שעיהלע, כ׳בין גוזר אויף דיר — שוין זאָלסטו מיר זאָגן דעם אמת!

דער שוסטער בלייבט צעטומלט. ער ווייסט נישט וואָס צו טאָן, אָבער אין דעם מאָמענט לויפט אַריין דעם שוסטערס פרוי מיט אַ ביטער געוויין:

— אוי וויי, אַ בראָך האָט אונדז געטראָפן! הונדערט יידן וויל דאָך פראַנצל פאַרן רב! דער יודען־עלטסטער אַליין וועט מוזן ציילן די דערשאָסענע.

שעיהלע דרייט אויס דעם קאָפּ צום ווייב. ער וויל איר עפּעס זאָגן, פילט ער ווי זיינע ליפּן האָבן זיך אים צוגעקלעפּט. וויל ער איר וואַרפן אַ קאַפּיטע, רירן זיך נישט זיינע הענט. ער זעט נאָר ווי דעם רבס פּנים איז שרעקלעך בלאַס געוואָרן. דערנאָך האָט עס ווידער אויפגעלעבט. דער רב שטייט נאָך אַלץ אויפן לייטערל און האַלט זיך אָן אין אים מיט ביידע הענט. אָבער באַלד איז ער אַזש אָפּגעשפּרונגען. דער רב האָט אַ שטעק אַרויסגעגעבן דעם קאָפּ ביז צו דער גאַרטל. אַלע קאַפּטשעס זענען זיך צעפלויגן פון צודעקל. דער רב דראַפּעט זיך אַרויף פון קעלער און שוין שטייט ער אין מיטן שטוב. ער גלעט אויס זיין ווייסע באָרד און זאָגט:

— שעיהלע כ׳האָב אונטן פאַרגעסן דאָס טלית־זעקל. גיי ברענג עס מיר אַרויף!

— רבי, גייט צוריק אַראָפּ אין קעלער! — בעט זיך דער שוסטער מיט געוויין.

— גיי ברענג מיר דעם טלית, זאָג איך דיר!

ווי אַ נישט־דאָיקער קריכט דאָס שוסטערל אַראָפּ אין קעלער און דערלאַנגט דעם רב דאָס טלית־זעקל. שעיהלע באַמערקט ווי דער רב זעט איצט אויס רויקער. ער גיט אַ ווינק די אשה זאָל אַרויסגיין, און דער רב נעמט זיך אָנטוען. צו ערשט טוט ער אָן אַ לאַנגן ווייסן קיטל. דערנאָך ציט ער אַרויף דעם טלית־קטן און די אַטלאַסענע קאַפּעטע. אויבן טוט ער אָן דעם טלית, פאַרלייגט ווי אַ שאַליק אויפן האַלדז. אַזוי ווי ער גייט אַהיים שבת פון דאַווענען. שעיהלע קוקט זיך צו דעם אַלעם צו ווי ער וואָלט געווען געליימט. דערנאָך זעט דער שוסטער ווי דער רב גייט צו צום קיבל וואַסער און וואַשט זיך די הענט מיט דער שעפּ וואָס הענגט אין ווינקל. ער גיסט דריי מאָל אָפּ די הענט מיט וואַסער, און ווישט זיי אָפּ. שעיהלע פאַרשטייט אַז דער רב גרייט זיך צו עפּעס און ווידער רייסט זיך אַליין אַרויס פון זיין האַלדז:

— רבי, גייט אַראָפּ אין קעלער! מ׳קאָן אייך נאָך דערזען!...

אָבער דאָ דערפילט שעיהלע פון דער נאָענט דעם רבס שטעכנדיקן בליק, אַז ער גיט אַזש אַ ציטער. זינט ער קאָן דעם רב האָט ער נאָך נישט געזען ביי אים אַזעלכע אויגן. דער רב וואַרפט אַוועק דאָס האַנטוך און דערנענטערט זיך צו אים פּנים אל פּנים:

— מיט מיר ווילן זיי שפּעקולירן? — בייסט דער רב די ליפּן —

הונדערט יידישע קרבנות וויל דער דייטשער רוצח פאַר מיין לעבן? און דו הייסט מיך צוריק אַריינגיין אין קעלער?

דער רב פאַרלאָזט דעם שוסטערס הויז און גייט אַרויס אין מיטן גאַס. ער איז געגאַנגען מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און מיט זיכערע טריט. יידן וואָס האָבן אים געזען גיין אין גאַס האָבן זיך געריסן די האָר. וויבער האָבן געכליפּעט אויפן קול, אָבער דער רב האָט זיך אויף קיינעם נישט אומגעקוקט און צו קיינעם קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט ווי ער וואָלט נישט וועלן מפסיק זיין אין מיטן אַ תפילה. און אָט איז ער שוין נאָענט ביים יודענראַט, ביים הויז פון דער יידישער גמינע. מ׳האָט אים שוין געהאַט דערזען, אָבער אַפילו די פּאָליציסטן פון יודענראַט וואַגן נישט צו זאָגן פראַנצלען אַז דער רב גייט. אפשר, טראַכטן זיי וועט דער רב די געפאַר אַליין דערפילן און פאַרקירעווען אין אַ זייטיקן הויז.

אינעוויניק שטייט פראַנצל מיט דער נייער מאַשין־ביקס. ער שטייט מיטן זייגער אין האַנט. נאָך צוויי מינוט און ער וועט אָנהייבן...

— נאָך איין מינוט!

אָבער דאָ פראַלט פלוצעם אויף די טיר און עס באַווייזט זיך דער אַלטער רב.

דער רב הייבט אויף די האַנט צו דער מזוזה פון דער טיר און בלייבט שטיין, ווי ער וואָלט מיטגעבראַכט מיט זיך אַ טויט־שטילקייט. דער ערשטער שפּרינגט אויף דער זשאַנדאַרם.

— איסט דאָס דער ראַבינער? — בליצט ער אויף מיט וועלפישע אויגן.

— אין דער רגע דערנענטערט זיך דער רב מיט אויפגעהויבענעם קאָפּ צום זשאַנדאַרם און זאָגט מיט אַ פעסטער שטימע:

— דאָס בין איך דער מרא דאַתרא!

— א י ך  ב י ן  ד אָ!

# ב ת י ה

דער געטאָ האָט אין די לעצטע שעהען פון זיין ליקווי־דאַציע געצאַפּלט אין קאָנוווּלסיע. דער פאַרגעשטאַנענער טויטן־מאַרש האָט שוין אויסגעזען ווי אַ דערלייזונג.

בתיה האָט אויף גיך איינגעפּאַקט אַ קליין רענצל, אויפגעשריבן אויף דעם איר נאָמען, דערנאָך האָט זי רויק פאַרקעמט אירע האָר, נישט אָפּ־ווישנדיק די נאָך הייסע טרערן, וואָס האָבן ווי טראָפּנס פרישער טוי גע־האָנגען איבער אירע באַקן, און געווען גרייט אין וועג אַריין.

אין די שמאָלע געטאָ־געסלעך האָבן געווילדעוועט די „ברוינע" זשאַנ־דאַרמען, אַרומגעלאָפן מיט הינט און געפּייערט פון פּיסטאָלעטן אין יידישע קעפּ.

בתיה האָט אַרויסגעקוקט פון הינטער דער פאָרהאַנג פונעם קליינעם פענצטערל, מיט אַ געפיל פון אַ מענטש, וואָס שטייט ביים ראַנד פון אַ תהום. פאַר די אויגן האָט איר געשוועבט דאָס געשטאַלט פון איר גוססדיקן פאָטער דוד, וועלכער האָט זיך צוגעאיילט און אַוועק אין דער אייביקייט. זי האָט אים שוין איצט נישט באַוויינט, נאָר מקנא געווען, און עס האָט זיך איר אויסגעדאַכט, ווי זי הערט דייטלעך די לעצטע ווערטער זיינע:

— „קינדער מיינע, איר זאָלט זיך היטלערן נישט איבערגעבן, נאָר קעמפן מיט אים".

אין דעם מאָמענט האָט זיך ביי איר דער גאַנצער קערפּער אַ טרייסל געטאָן. זי איז אויפגעשפּרונגען און מיט אַ דעצידירטער שטים אויס־געשריגן:

ניין, איך גיי נישט אויפן שונאס באַפעל!

זי האָט קוים זיך דערוואַרט די נאַכט זאָל צופאַלן. געיאָגט ווי דורך אַ שטורעם־ווינט איז זי געשפּרונגען איבער פּלויטן און שטאַכל־דראָטן, געבלאָנדזשעט איבער וואַסערן און זומפּן, און העט ווייט הינטער דעם

שטעטל האָט זי קוים דעם אָטעם אָפּגעכאַפּט, געוואָרפן איר בליק אויף דעם אונטערגעגאַנגענעם שטעטל אירן, און דערזען, אַז זי שטייט איינע אַליין אויפן פעלד...

*

ווי אויף צו להכעיס דעם ביטערן גורל, האָט אויף צו מאָרגנס די זון זיך דורכגעריסן דורך די טריבע וואָלקנס און שטיפעריש זיך געשפּילט מיט דער פייכטער ערד. בתיה האָט דערפילט ווי אַ וואַרעמע האַנט גלעט איר פּנים, לייכט־דורך די אויגן־אַפּלען און וועקט צום לעבן. אַ דערשראָ־קענע האָט זי זיך האַסטיק אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן — זי געפינט זיך ביים ברעג פון אַ יונגן סאָסנע־וועלדל. אין ווייטן האָריזאָנט ציען זיך פאַראַקערטע פעלדער און אַזעלכע, וואָס שפּראָצן שוין מיט גרינקייט פון פאַרזייטן קאָרן. די ערד האָט נישט אָפּגעשטעלט איר פּרוכפּערדיקייט.

פון טיפן האַרצן האָט זי געוואָרפן אַ קללה אויף דער האַרטער נאַטור, וואָס גרייט צו שפּייז פאַר די גרעסטע מערדער פון מענטשן־מין. זי, און איר שטעטעלע וועט פון נייעם קאָרן, וואָס שפּראָצט איצט סיי־ווי קיין ברויט נישט עסן, נאָר די „ברוינע“ און „שוואַרצע“ ס.ס.־לייט וועלן די תביאה־קאָנטיגענטן פון דאָרף אַרויסשלעפּן און דערמיט פאַרלענגערן די בלוט־באָד.

אַ טיפער זיפץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון איר ברוסט. די שטיפערישע זון־שטראַלן האָבן זי נאָך מער דענערווירט — „הימל און ערד האָבן זיך פאַראייניקט מיט די הענקער“ — איז זי געקומען צום אויספיר, און אַ רעזיגנירטע גענומען שפּאַנען טיף אין וואַלד. זי האָט געוואָלט אַנטלויפן פון די מיט פרישן ברויט שפּראָצנדיקע פעלדער, פון דעם פויערל וועלכן זי האָט אין דער ווייט געזען ווי ער גייט זיך רויִק נאָך דעם פערדל און מיטן אַקער־אייזן וואַרפט ער איבער די בייטן ערד צו אַ ניי לעבן, דער־ווייטערן זיך פון דעם פויערישן דאָרף אין וועלכן עס רויכערן די קוימענס, און פויערישע געזינדלען זיצן זיך רויִק אונטער זייערע דעכער...

שפּאַנענדיק אַזוי פאַרזונקען אין געדאַנקען, האָט זי אַליין נישט באַ־מערקט ווי דיביימער ווערן געדיכטער, דער וואַלד טיפער, און נאָר דער הונגער האָט איר ווי פון די געדאַנקען אויפגעוועקט און דערמאָנט, אַז זי האָט אַפילו קיין שטיקל ברויט נישט מיטגענומען מיט זיך.

*

בתיה האָט זיך צוגעוווינט צום וואַלד־לעבן ווי צו אַ נייער היים. די קליינע פּאַרטיזאַנען־גרופּע איז באַשטאַנען פון דרייסטע יונגע מענער. מער פון אַלעמען איז איר געפעלן לייב דער קאָוואַל מיט זיינע געוואַגטע איבערפאַלן אויף דייטשע זשאַנדאַרמען־פּאַטרולן. די גרופּע האָט שוין געהאַט מיט זיך פינף קאָמפּלעטע ברוינע אוניפאָרמען מיט געווער און געהאַלטן זיך פאַר די הערשער פון וואַלד.

עפּעס אַ נייע נשמה האָט אין איר אויפגעטויכט. די ביטערע רעזיג־נאַציע איז צעשוואומען געוואָרן און איר אָרט האָט פאַרנומען קאַמפּס־לוסטיקייט.

— דאָ, מיט דער חברה וועל איך באַקומען אַ פּרייז פאַרן לעבן — האָט איר אַ געדאַנק באַפליגלט און געגעבן אַ ציל און אויסדויער. מיט אַ ספּעציעלן פאַרגעניגן איז זי שעהען לאַנג געווען פאַרנומען מיטן געווער. געלערנט זיך באַגיין מיט קורץ און לאַנג געווער. זי האָט געקענט, ווי אירע פינגער, יעדן טייל פון דער מאַשין־ביקס און פּיסטאָלעט, דאָס ליבסטע געווער זענען ביי איר געווען די האַנט־גראַנאַטן.

ווען דער פאַרנאַכט איז צוגעפאַלן, האָט זיך פון דער זעמליאַנקע אַרויסגערוקט לייב דער קאָוואַל. ער איז נאָך געווען אַ ביסל פאַרשלאָפן און געריבן די אויגן, הויך אויסגעגענעצט, און דערזעענדיק בתיהן מיט דער ביקס אין האַנט האָט ער זיך אָפּגערופן:

— אַ צייט אַרויסגעקומען, אַז ווייבער האַלטן ביקסן...

בתיה האָט אַ לייכטן שמייכל געטאָן, דערנענטערט זיך צו אים מיט עטלעכע טריט.

מיט אַ שעה צוריק איז דאָ צו מזרח־צו געווען עפּעס אומרויִק. אַ מאַשין־ביקס האָט „געשטעפּט" און איינצלנע פּיסטאָלעטן־שאָסן זענען געווען זייער נאָענט.

לייבקע האָט איר געגעבן אַ גוט־ברודערישן קלאַפּ איבער דער פּלייצע.

— ס'מאַכט נישט אויס, מען מוז זיך צוגעוווינען צום פּולווער, ס'וועט נאָך זיין „היימלעך". היינט וועלן מיר מאַכן אַ „שפּאַציר". כ'קען זיך שוין נישט דערוואַרטן צו טרעפן זיך מיטן „גראָבן".

— נעם מיך מיט, שפּרינגט בתיה אויף מיט פרייד.

— דאָס וועלן מיר זען, וואָס די חברה וועט זאָגן דערצו.

*

ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטער שאָטן איבער די פאַרשנייטע פעלדער האָט זיך אַ קליינע גרופּע מענטשן דורכגעשלייכט איבער וויסטע שליאַכן, טייכלעך און אין שלאָף־פאַרזונקענע דערפער צו דער „ראַוועקע״־צו.

נאָענט פון אַ שטאָט האָבן זיי אָנגעקלאַפּט אין אַן איינזאַם הייזל.

— שטיי אויף „מאַטקאַ״, עפן!

אינעם קליינעם פענצטערל האָט זיך באַוויזן אַ רויטלעך פּנים פון אַ דיקלעכער פויערטע.

— אָלאַ באַגאַ! זשאַנדאַרמען זענען דאָ.

דער ריגל ביי דער טיר האָט אַ סקריפּע געטאָן און די „ברוינע חברה״ זענען אַריין מיט אַ געפּילדער.

— וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן „מאַטקאַ״? — האָסט אפשר אַ חזרל אויף שוואַרץ געקוילעט?

די פויערטע האָט נישט געענטפערט.

— מאַך אַ ביסל וואַרעמס, מאַטקאַ!

— אָט, שוין!

די פויערטע ציט אַרויס פון שעניק אַ וויעכעטש שטרוי, הייצט אונטער דאָס אייזערנע אייוועלע. אַ געדאַנק עגבערט איר אין קאָפּ: ווו האָט זי די שטימע געהערט?

חברה האָבן זיך אַוועקגעזעצט צום קאָכעדיקן טיי, פאַרביסן מיט ברויט און סאַלע. די מיידן האָבן פון הינטער די איבערבעטן אַרויסגע־שפּיזט מיט זייערע אויגן. עפּעס איז זיי אויסגעקומען פאַרדעכטיקט די זשאַנדאַרמס הונגער, און ווי נאָר די געסט זענען אַרויס פון דער כאַטע איז די עלטסטע מויד אויפגעשפּרונגען:

— מאַמאָ, דו האָסט אים נישט דערקענט? — עס איז דאָך דער יידישער קאָוואַל!

— ריכטיק, ביי גאָט, איבערגעטועטע זשידעס זענען געווען ביי מיר אין שטוב — קאַשיש כאַפּ נאָר אַ בליק ווו זיי גייען?

— צום וואַלד־וועכטער אין שטוב זענען זיי אַריין.

— ווו זענען מיינע שיך — האָט די פויערטע גענומען פּילדערן — גיי וועק־אויף איגנאַשן, זאָל ער לויפן צום סאָלטיס מעלדן.

דער טאָג האָט נאָך נישט אין גאַנצן אויפגעבראַכט ווען עס האָט זיך דערהערט דער געוויש פון מאָטאָרן — צוויי מאַשינען מיט באַוואָפנטע

ס.ס.־לייט זענען מיט אַ ווילדער שנעלקייט פאַרבייגעלאָפן דעם ברייטן שליאַך און זיך אָפּגעשטעלט ביים וואַלד־וועכטערס כאַטע.

די שוואַרצע זענען שנעל אַראָפּגעשפּרונגען און אַרומגעשטעלט דאָס הויז. באַלד דערנאָך האָבן זיי געעפנט אַ פייער.

אינעם הויז האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. קיין איין שאָס האָט נישט געענטפערט. די קליינע פאַרטיזאַנען־גרופּע האָט זיך פונאַנדערגע־שטעלט ביי די טירן און פענצטער און אָפּגעוואַרט.

— אונטערצינדן — האָט זיך דערהערט אַ באַפעל פון דרויסן.

אין דעם מאָמענט האָט פון הויז גענומען האָגלען מיט קוילן. די ס.ס.־לייט זענען אַ ביסל צעטומלט געוואָרן און זיך צוריקגעצויגן אויף אַ צענד־ליק טריט. אָבער לייבקע איז שוין געווען אין גערטנדל פון הויז. ער האָט דערזען פאַר זיך דעם גראָבן געסטאַפּאָוויעץ, אָט דעם זעלבן, וועלכער האָט קליינע קינדער פון געטאָ דערשטיקט מיט די הענט זיינע.

לייבקע האָט אַ שפּרונג־געטאָן פאָרויס און געוואָרפן אַ האַנט־גראַנאַט. די שויבן פון הויז האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן. דעם גראָבנס אַ פוס האָט אַ שפּרונג געטאָן אין דער הויך און דער בויך איז ביי אים געפּלאַצט, ווי אַ זאַק מעל. דאָס פייער פון הויז אַרויס איז געדיכטער געוואָרן. די צע־הוליעטע געסטאַפּאָ־לייט האָבן ווי קעץ זיך צוריקגעצויגן אויף אַלע פיר. עטלעכע מינוטן שפּעטער האָט די פאַרטיזאַנען־גרופּע צוגענומען דאָס געווער ביי די טויטע נאַצי־חיות און געשניטן זיך אַ וועג אין היימישן וואַלד אַריין.



די פאַרטיזאַנער־גרופּע אין די ניישטעטער וועלדער איז געוואָרן אַ שם־דבר אין דער געגנט. די זעמליאַנקעס זענען געווען טיף אין וואַלד, און די וועגן צו זיי זענען געוואָרן געהיטן דורך פאַרטיזאַנען־פּאָסטנס. פּלוצעם איז אַנשטאַנען אַ בהלה אין דער מחנה, אַ פּאָסטן האָט געמאָלדן: „דער וואַלד איז אַרומגערינגלט״.

אויסשפּיר־עראָפּלאַנען האָבן גענומען זשומען איבער די ביימער־שפּיצן. די ברעגעס פון וואַלד זענען געדיכט באַשאָסן געוואָרן, די קליינע מחנה האָט דערפילט איר סוף און באַשלאָסן צו פאַלן מיט זעלנערישן כבוד.

די ערב־פרילינג־זון האָט זיך גערייצט מיט די מענטשן וואָס זענען געשטאַנען ביים ברעג פון זייער קבר. בתיה האָט זיך פאַרהאַלטן רויק,

רוזקער ווי אין דעם טאָג ווען זי האָט פאַרלאָזט דעם געטאָ. זי האָט דער־פילט, אַז דער טאָג איז געקומען...

— צי וועט זי אָבער קאָנען נעמען ביים שונא אַ פרייז פאַר איר לעבן? דאָס איז דאָך אייגנטלעך געווען איר חלום, איר ציל, וואָס האָט איר געגעבן מוט זיך אָפּצורייסן פון אירע נאָענטסטע אין געטאָ. זי האָט דורכגעוואָרפן דאָס קליינע רענצל מיט אירע קליידער און זיך אָנגעטאָן די בעסטע, ווי זי וואָלט דווקא היינט געוואָלט געפעלן ווערן... דערנאָך איז זי צוגעקומען צו לייבקען, אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זיין נאַקן און געפרעגט:

— איז דאָ עפּעס אַ האָפענונג זיך אַרויסצובאַקומען פון דער קייט?

לייבקע האָט אַ ציק־געטאָן מיט די אַקסלען:

— דאָ בלייבן מיר שוין...

— אויב אַזוי, לייבקע — בעט איך דיך, טו מיין לעצטן ווילן.

— וואָס אַזעלכעס?

— איך וויל זיי אָקעגנגיין!

— מיט וואָס? מיט דער ביקס?

— ניין, אָט מיט דעם קאָשיקל.

בתיה האָט אַראָפּגעוואָרפן דאָס טיכל פון קאָשיקל. פאַר לייבקעס אויג האָט זיך אַנטפּלעקט אַ פולער קויש מיט גראַנאַטן.

אַ מינוט האָט לייבקע געשוויגן, דערנאָך האָט ער אָנגעכאַפּט בתיהס האַנט און אַזאַ פעסטן דרוק געטאָן, אַז דאָס מיידל איז אַזש אויפ־געשפּרונגען.

— גיי!

און ער האָט איר אַ קוש געטאָן אין שטערן.

ווי נאָר בתיה איז אַרויס פון וואַלד האָט זי דערזען די ביקסן־לופּעס וואָס זענען קעגן איר אָנגעשטעלט. זי איז געגאַנגען מיט רויקע טריט, און אין האַרצן האָט זי זיך געזעגנט מיט דער שיינער זון און פאַסקודנער ערד. זי איז אַרויף אויף אַ ברייטן שליאַך, וואָס האָט געפירט פון וואַלד אַרויס. ווילדע קולות האָט זי דערהערט:

— קום אַהער!

דאָ ביים שליאַך זענען געלעגן עטלעכע שוואַרצע אָפיצירן. זיי האָבן קיין גרויס אַכט נישט געלייגט אויף דעם פויערישן מיידל, און זי געלאָזט דערנענטערן צו זיך.

בתיה האָט געקוקט פאַר זיך מיט שטאַרע אויגן. די דייטשן האָבן

זיך געוויצלט איבער דער מויד, און זיך געדונגען ווען זי וועט געהערן, אָבער ראַפּטעם איז דאָס געשטאַלט פון מיידל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טיגער. מיט אַ תפילה אויף די ליפּן, אַז איר נקמה־ציל זאָל פאַרווירק־לעכט ווערן, האָט זי זיך אַ האַסטיקן ריס־געטאָן פאָרויס, פאָרויס... אָט קניט זי אַנידער און — אַ גראַנאַט רייסט־אויף ביים סאַמע קאָפּ פון שונא... באַלד אַ צווייטער, אַ דריטער... עס צילן אין איר איינצלנע שאָסן פון די זייטן. אָבער בתיה הערט זיי נישט און מיידט זיי נישט אויס. אַזוי האָט געדויערט אַן אייביקייט, אַן אייביקייט פון אַ צענדליק סעקונדן, און אָט זעט זי שוין פאַר זיך דעם גוססדיקן שונא, וועלכן זי האָט אַוועק־געלייגט מיט אירע אייגענע הענט.

— האַ! — שרייט בתיה אויס נצחונדיק: דער טאָג איז אַזוי שיין און דו, שונא, באָדסט זיך אין אייגענעם בלוט...

אַז בתיה האָט דערזען ווי דאָס קאָשיקל ווערט ליידיק, האָט זי מיט אַ געשיקטער גיכקייט אַריינגעפּרעסט דעם לעצטן גראַנאַט אין איר בוזעם און מיט אַ ליבשאַפט ווי זי וואָלט דערפילן אַ מאַמעס האַנט, האָט זי אים צוגעדריקט צו אירע וואַרעמע ברוסטן. בליץ שנעל האָט זי אַ ריס־געטאָן דעם צינדער, און באַלד האָט אַ דעטאָנאַציע זי איינגעוויקלט אין וואָלקנס רויך...

# פאַרקלאַמערטע הענט

דאָס מאָל איז די ריי געווען אויף יאַנקלען. ער האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך די וואַטענע קורטקע, אַראָפּגערוקט דאָס היטל איבער די אויגן און געווען גרייט.

— זאָלסט אויסמיידן דערפער, און נאָר גיין דורך די פעלדער. ביים איבערקרייצן דעם שאָסיי, זאָלסטו זיין פאָרזיכטיק — האָט וואָלף, דער עלטסטער, אים אָנגעזאָגט.

— גוט — האָט יאַנקעלע אַ מורמל געטאָן — און זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

אין דער זעמליאַנקע זענען איבערגעבליבן נאָך אַכט פון דער גרופּע. זיי האָבן זיך נערוועז געוואָרפן אויף דעם ביסל שטרוי פון געלעגער און זיך איבערגערעדט מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער:

— נישט באַדאַרפט שיקן דאָס ייִנגל.

— ווער ווייס, אויב ער וועט טרעפן אויף צוריק.

— ווער בורטשעט דאָרט? לאָזט כאַפּן אַ דרעמל — בייזערט זיך וואָלף.

דער וואַלד איז געלעגן איינגעהילט אין ווייסן. די ביימער האָבן גע־טראָגן אויף זיך געדיכטע שניי־שירעמס. דער רויש פון די צווייגן איז אַנטשוויגן געוואָרן, ווי אַ פאַרפרוירענער טייך.

דער דעצעמבער 1942 איז געווען אַ שווערער, אַ קאַלטער. עס האָט אויסגעזען, ווי די נאַטור איז אויך פאַראייניקט מיטן שונא אויף אומצו־ברענגען די רעשטלעך געטאָ־יידן, אַויסבאַהאַלטענע אין די וועלדער.

יאַנקעלע האָט געמוזט מאַכן עטלעכע זיגזאַג־וועגן ביז ער איז אַרויס פון וואַלד. דער שניי איז געווען פאַר די וואַלד־מענטשן דער ערגסטער מסור; לויט די טריט־שפּורן קאָן מען אויסגעפינען די זעמליאַנקע.

די געגנט אַרום האָט געווימלט מיט פאָלקס־דייטשן. זיי האָבן זיך

איצט געהאַלטן פאַר די באַלעבאַטים פון פוילישן דאָרף און נאָכשפּיאָנירט יעדן פּויער.

יאַנקל האָט אויסגעמיטן די צווייטע קאָלאָניע פון וואַלד, ווו ס׳האָבן געוווינט עטלעכע דייטשע פּויערים. ער האָט די געגנט געקענט נאָך פון קינדווייז אָן.

ער האָט זיך געשניטן אַ וועג איבער די בערג און טאָלן, וואָס האָבן געפירט דורכן סאַמע האַרץ פון די זאַמדן אין דער „קשענסטוואָ לאָוויצקיע", צום פאָלוואַרק פון וואַשילעווסקין.

ביים אַדורכקרייצן דאָס דריטע דאָרף, האָט ער זיך ראַפּטעם אָפּגעשטעלט. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז צוויי מענטשן קומען אים אַנטקעגן. ער איז געווען אין מיטן פעלד. נישט געווען ווו זיך צו באַהאַלטן און לויפן אויף צוריק אין אַ ווייטער נאַכט, האָט אים אויסגעזען צו זיין געפערלעך. ער האָט צוגעצויגן צו אַ בערגל פעלדשטיינער און זיך אַוועקגעלייגט אַפּוואַרטן.

— ווי פּחדנותדיק כ׳בין! — האָט ער זיך אַליין פאַרגעוואָרפן — דאָס זענען דאָך די קוסטעס אויף דער „מיעדזע", וואָס פירן צו דער וואַסער־מיל.

ער האָט אונטערגעאיילט די טריט און מער נישט געטראַכט פון וועלכער עס איז געפאַר. איצט שלאָפן מענטשן, האָט ער געמאַכט דעם חשבון, אַפילו די באַנדיטן גייען נישט מיטן פעלד. נאָר אַ לעבעדיקער מת, ווי איך, היפּט אין די טיפע שנייען איינער אַליין ביי נאַכט...

ער איז פאַרזונקען אין די געדאַנקען וועגן זיין חרוב־געוואָרענעם שטעטל. ווידער האָט אים געגנומען ווי אַ פּיאַווקע נאָגן ביים האַרצן דאָס געזעגענען זיך מיט זיין פאָטער אין געטאָ.

— קינד מיינס, ווו לאָזסטו מיך איבער אויף מיינע אַלטע יאָרן — האָט ער ווידער דייטלעך געהערט זיין פאָטערס קול און דערפילט די הייסע קושן אויף זיין האַלדז. ער האָט זיך אַזש אַ טרייסל געטאָן, ווי ער וואָלט איצט אַרויסגעריסן דעם קאָפּ פון זיין פאָטערס הענט און אַנטלאָפן. אַנטלאָפן ווי אַ חיה אין פעלד אַריין.

עטלעכע ביקסן־שאָסן האָבן אים אויפגעוועקט פון די געדאַנקען. ער איז שטיין־געבליבן און דערזען דעם שאָסיי. נאָך אַ האַלבן קילאָמעטער וועג איז ער צו וואַשילעווסקיס פאָלוואַרק.

— אוי, ווי דער וועג איז שנעל אַנטלאָפן.

אפשר איז דאָרט אַן אָבלאַווע? און מען דאַרף נישט אַריינשטעקן די נאָז — האָט ער זיך באַקלערט. ער האָט אַ שפּיי־געטאָן מיט אַ ווידער־ווילן צום אייגענעם לעבן און גענומען לויפן צום פּאָלוואַרק־צו.

די הינט האָבן זיך צעבילט און זיך געריסן צום וואַנדערער. ער איז אַריבערגעשפּרונגען דעם פּלויט, און איידער ער האָט באַוויזן אָנצוקלאַפּן אין דער טיר, איז שוין דער אַלטער וואַשילעווסקי געווען אין דרויסן.

— ווער איז דאָרט? אַהאַ, גיי אַריין! אַ שפּאָר ביסל שרעק געהאַט צוליב דיר. ביי אונדז ריכט מען זיך יעדע נאַכט אויף אַ וויזיט פון די „שוואַרצע״. אין דער בודע אַריין, הינט!

יאַנקל האָט אַראָפּגעוואָרפן דאָס היטל פון קאָפּ, אויפגעבונדן דעם גאַרטל פון די לענדן און זיך אַוועקגעזעצט ביי דער וואַרעמער קיך.

— עס איז נאָך דאָ אַ וואַרעמע קאַווע, נאַ, טרינק!

— ווו איז אייער טאָכטער? — האָט יאַנקל געפרעגט.

— זי האָט שוין אַוודאי דערהערט אַז אַ „גאַסט״ איז געקומען און וועט באַלד אַריינקומען. אָבער מאַך דאָס בקיצור, זאָג וועגן וואָס ביסטו געקומען און — היידאַ! היינט איז לייכטער צו האַלטן אין שטוב צען קוילנוואַרפער, ווי איין ייד. צימערמאַן, דער דייטשער געסטאַפּאָוויעץ, האָט ליב אַ מאָל ביי נאַכט אויך אַריינצושמעקן.

— מען האָט מיך געשיקט, — זאָגט יאַנקל — אייך זאָגן, אַז די אַלע זאַכן, וואָס מיר האָבן צו אייך אַריינגעפירט פון געטאָ, זאָלט איר אונדז פאַרטוישן אויף „שפּייערס״ מיט „אַרבעס״. פאַרקויפט וואָס איר קאָנט, איר מעגט צאָלן גוטע פּרייזן.

וואַשילעווסקי האָט זיך גענומען קראַצן אין קאָפּ און געמאַכט אַ זויערע מינע.

— שווער, זייער שווער. כ׳מוז ערשט רעדן מיט מיין איידעם. ער דאַרף די טעג עפּעס באַקומען, אָבער שרעקלעך טייער. אַ מאָל האָט מען עס געקאָנט גאַנצע קופּעס אָנשיטן, אָבער זינט מ׳האָט די יידן פון די געטאָס אַרויסגעפירט איז עס געוואָרן מיט גאָלד צוגלייך. צוויי שטיק האָב איך אָנגעגרייט. נאָר צו דער ביקס קאָן איך נישט צופּאַסן קיין שלאָס. וואַרט אונטער, כ׳קום גלייך.

די טיר האָט זיך געעפנט און וואַשילעווסקיס טאָכטער איז אַריינ־געקוועמן מיט שטילע טריט. זי האָט אויסגעזען צו זיין אַ ביסל דערשראָקן, איבערן נאַכט־העמד האָט זי געטראָגן אַ לייכטן טוך.

— ביזט שוין לאַנג דאָ נישט געווען, יאַנעק. ווו ביסטו? מיר האָבן שוין געמיינט...

— אין פעלד, אין וואַלד, צוזאַמען מיט די האָזן ווין איך.

— מ׳שמועסט, אַז די שוואָבן פעלט־אויס בענזין.

יאַנקל האָט געשוויגן און באַלד אַ פרעג־געטאָן:

— וואָס ווייסט איר וועגן יידן אין דער אַרומיקער געגנט?

— מ׳זעט איצט קיינעם נישט. ביי דער „ראַווקע״, דערציילט מען, האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן יידן, איבערגעטוענע אין דייטשע מונדירן, מיט די „ברוינע״. זיי האָבן אַוועקגעלייגט דריי זשאַנדאַרמען. יאָ, כ׳האָב פאַר דיר אַ וויכטיקע ידיעה: נעכטן בין איך געווען ביי דער באַן־סטאַציע קאָלושקי. הערסט, מען פירט איצט גאַנצע צוגן יידן פון פראַנקרייך. שפּאַצירנדיק אויפן פעראָן, זע איך ווי עס קוקט־אַרויס אַן עלעגאַנטער הער פון אַ פול־געפּאַקטן וואַגאָן־פּענצטער און זוכט עפּעס מיט די אויגן. איך דריי זיך אַהין און אַהער, אונדזערע בליקן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן. ווענדעט זיך יענער צו מיר אין אַ געבראָכענעם פּויליש:

— מאַדאַם, ביטע זאָגט מיר ווי ווייט איז נאָך צו דער גרויסער אינדוסטריע־שטאָט טרעבלינקע?

אַ ווײַלע האָב איך דעם מאַן אָנגעקוקט, ער איז געווען עלעגאַנט גע־קליידט, נאָך מיט גאָלדענע רינגען אויף די פינגער. כ׳האָב אַ בליק געטאָן אויף דעם לאַנגן צוג, און פאַר מיר איז געווען קלאָר וווהין מען פירט די מענטשן... טראַכט איך מיר: וואָס זאָל איך אים נאָך שיטן זאַלץ אויף די ווונדן, זאָגן וואָס טרעבלינקע מיינט? האָב איך אים אָפּגעענטפערט:

— עס איז שוין נישט ווייט, מיין הער, נאָך אַ הונדערט קילאָמעטער איז צו טרעבלינקע. מער האָב איך קיין וואָרט נישט געקאָנט אויסרעדן. דער וואַכמאַן האָט אַ ריטשע געטאָן אויף מיר און כ׳בין אַוועק נישט אומקוקנדיק זיך. שפּעטער האָבן מיר באַקאַנטע דערציילט, אַז יעדן טאָג לויפן פאַרביי עטלעכע צוגן מיט אַזעלכע עלעגאַנטע יידן. שרעקלעך! זיי ווייסן אַפילו נישט וווהין מען פירט זיי.

יאַנקל האָט אויפגעציטערט. ביי אים אין געדאַנק האָבן אויפגעוואַכט מאָדנע געפילן — געפילן פון אומבאַהאָלפנקייט געמישט מיט אַ שטאַרקן ווילן צו העלדישע מעשים. אַ קנויל פון צעפּלאָנטערטע געדאַנקען האָט זיך געוויקלט אין זיין מוח. דאַרף ער עס איבערגעבן זיינע חברים, ווען עס איז נישטאָ מיט וואָס צו העלפן? אַפילו די שטאַרקסטע הענט פון

צוויי צענדליק מענטשן, — קאָנען זיי דען פאַרלעשן דאָס פייער פון טרעבלינקע ?

ער האָט פאַרדרייט אַ מאַכאָרקע, טיף אין זיך אַריינגעצויגן דעם שאַרפן טאַבאַק־רויך, און דאָס האַרץ האָט אים אָנגעהויבן שטאַרק קלאַפּן. נאָך שרעקלעכער — האָט ער געטראַכט, — וואָס זיי די פאַרשלעפּטע יידן פון פראַנקרייך און פון אַנדערע לענדער, ווייסן אַפילו נישט וואָס עס מיינט טרעבלינקע און וואָס זיי דערוואַרט. אונדזערע, פון פוילן, זענען נאָך פאַרן אַריינזעצן אין די וואַגאָנען געווען צוגעגרייט צום טויט און שלום געמאַכט מיטן גורל. אַ טייל האָבן זיך געהאַלטן שטאַרק, אַנדערע ווידער האָבן זיך איינגעבראָכן, אָבער אַלע צוזאַמען האָבן באַוויזן אויפן שוועל פון שעכט־הויז אַ שפּיי צו טאָן אויפן לעבן.

פאַר זיי, די ברידער אונדזערע פון מערב, וועט דער לעצטער קלאַפּ זיין נאָך מער טראַגיש. זיי גלייבן נאָך אין דער לעגענדע פון יושר און דעם מאָראַלישן ווערט פון אַ קולטור־פאָלק...

זיינע געדאַנקען זענען איבערגעריסן געוואָרן דורך די שווערע טריט פון וואַשילעווסקין. דער פויער האָט עפּעס אַרויסגעצויגן פון הינטער דער קורטקע און אַוועקגעלייגט עס אויפן בענקל לעבן דער קיך.

— האָסט מזל, ביסט אומזיסט נישט געקומען. די בהמות האָבן עס געהאַט אַזוי טיף פאַרקאָפּעט, אַז כ׳האָב עס קוים אַרויסגעקראַצט. אויף אויסצופּוצן עס האָט איר דאָרט גענוג צייט. נאַ, נעם מיט דאָס פּלעשל. מיט נאַפט וועט עס זיך אויספּוצן ווי זילבער. און קלאַפּן קלאַפּט עס ווי אַ פויק! אָבער דער עיקר, נישט הולטייען מיט די „אַרבעס״, ווייל צו „ניינטלעך״ איז שווער צו באַקומען פּולווער. קאַשקאַ, גיב אים מיט ברויט אין וועג אַריין און זאָל ער גיין. שנייד־אָפּ נאָך אַ קאָרקע! דער יונג זאָל אין וועג נישט בלייבן הונגעריק.

יאַנקל איז אַזש אונטערגעשפּרונגען פאַר פרייד. יעדע מינוט איז אים געווען צו לאַנג צו בלייבן דאָ. ער האָט אין איילעניש זיך געזעגנט און אַרויס.

דער פויער האָט אים אַרויסבאַגלייט פון שטוב אַרויס. ער האָט צו־גערופן צו זיך די הינט און דורכן פּלויט אויסגעקוקט דעם וועג.

— נו, מאַך עס גיכער. אָבער געדענק צו זאָגן דעם „פּראָראָק״ דיינעם, אַז דאָס וואָס כ׳האָב דיר מיטגעגעבן באַטרעפט דאָס גלייכע פון

די צוויי קאָסטיומען מיטן זאַק וועש, וואָס איר האָט געהאַט ביי מיר. איצט זענען מיר קוויט.

יאַנקל האָט אַפילו נישט געהערט וואָס וואַשילעווסקי האָט גערעדט צו אים. ער איז אַרויס פון הויף ווי אונטערגעטריבן פון אַ שטורעמווינט. ער איז אַרויף אויף די לאָנקעס. אין די טיפע שנייען פון טאָל האָט אים געגומען אַלץ מער וואַרעמען דער געדאַנק, אַז ער האָט היינט אַ וויכטיקע אויפגאַבע. און ער האָט האַסטיק זיך געשניטן אַ וועג פאָרויס.



דער פאַרכמאַרעטער הימל האָט פון מזרח־זייט גענומען צעשווימען אין אַ ווייסן אָפּשיין.

די זעמליאַנקע איז געווען פוסט. די קליינע גרופּע האָט זיך צעשטעלט ביים ראַנד פון וואַלד און געשפּיזט מיט די אויגן אין דער ווייטקייט פון די ווייסע פעלדער.

וואָלף האָט מיט דער גאַנצער לאַסט פון זיין קערפּער זיך אָנגעשפּאַרט אין אַ סאָסנע. אַ דריקנדיקער געפיל האָט אים גענאָגט: נישט באַדאַרפט שיקן דאָס יינגל. ער האָט שוין באַדאַרפט זיין צוריק. ווער ווייס אפשר איז ער שוין ווי פאַרשפּאַרט ביי אַ „סאָלטיס". בעסער וואָלט ער שוין אַליין געגאַנגען דעם וועג, איידער אַזוי פיל איבערקלערן. נאָך אַ האַלבע שעה, האָט ער באַשלאָסן, וואַרט ער, און אויב יאַנקל קומט נישט, גייט ער אים זוכן. אָבער פּלוצלינג האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז עפּעס אַ שוואַרצער פלעק דערנענטערט זיך צום וואַלד. ער האָט אָנגעשטרענגט זיין בליק און דערזען, ווי וואָס אַ מאָל שניידן זיך קאָנטורן פון אַ סילועט. נישט קאָנענדיק באַהערשן די פרייד, האָט ער אויסגעשריען:

— יאַנקל גייט!

יאַנקל האָט נישט געוואַרט מען זאָל אים וואָס פרעגן. מיט אַ נצחונדיק שמייכל האָט ער דערלאַנגט וואָלפן דאָס געווער.

וואָלף האָט גענומען די פּיסטאָלעטן, באַטראַכט זיי אין אַלע זייטן און אַ זאָג געטאָן:

— נישט געבאַלעמוטשעט, חברה, קומט צו יאַנען!

יאַנס כאַטע, אין דער נאָענט פון וואַלד, איז געווען פאַרדעכטיקט אין דער געגנט. די זשאַנדאַרמען פלעגן האַלטן אַן אויג אויף איר און אָפט אַהין אַריינשמעקן.

וואָלף איז דער ערשטער אַריין אין קעלער און באַלד האָט ער געהאַ־מעוועט די טריט זיינע. אין ווינקל האָט זיך עפּעס אַ באַוועג־געטאָן.

— ווער איז?

— אשר.

דער קעלער איז געווען פול מיט קאַרטאָפל. פון די ווינקלען האָבן זיך אַרויסגערוקט נאָך קעפּ. אין די כלעבאָווער וועלדער קומען פאַר גרויסע אָבלאַוועס. אַשר מיט זיין „פינפטל" זענען פון דאָרט אַנטלאָפן צו וואָלפס גרופּע.

אַלעמענס אויגן זענען געווען געווענדט צו יאַנקלען. ער איז געקומען פון די וואַשילעווסקיס, ווייס ער זיכער וואָס עס טוט זיך אין דער וועלט.

יאַנקלען איז אויף אַ מינוט נישט אַרויס פון קאָפּ די געשיכטע פון די צוגן קיין טרעבלינקע. האָט ער דאָס גענומען דערציילן מיט אַזוי פיל בילדערישקייט, אַז אַלע האָבן בשעת מעשה געמיינט, אַז ער יאַנקל, איז עס געווען אויף דער סטאַציע און דאָס אַלץ אַליין געזען. ער האָט נישט באַוויזן צו ענדיקן זיין דערציילונג, ווי וואָלף האָט זיך אָנגערופן:

— גוט, מיר וועלן היינט ביי נאַכט עפּעס טאָן.

אַ ווײַלע האָט געהערשט אַ געפּרעסט שטילשווייגן. יאַנקל האָט מיט זיין נייעס ווידער אַן עפן־געטאָן אַן אייטערדיקע וווּנד.

— חברה, איר בלייבט דאָ, און איך וועל אַ קריך טאָן צו די מיאַזגעס וואָס וווינען ביי דער באַן־ליניע — האָט אשר געפּיבערט פאַר אויפרעגונג און געפאָכעט מיט זיינע ברייטע הענט.

— דו וועסט נישט גיין! — איז אים וואָלף אַריינגעשפּרונגען אין די רייד — וועסט קריכן ניין חדשים ווי אַ באַבע און דערנאָך וועסטו מפּלן. איצט ביסטו אונטער מיין קאָמאַנדע.

וואָלף האָט גענומען דאָס פויערישע קאָשיקל אין האַנט, פאַרדרייט אַ מאַכאָרקע און שטרענג אָנגעזאָגט:

— ביז כ'וועל צוריקקומען זאָלט איר דאָ פאַרבלייבן. ווען די נאַכט וועט צופאַלן, זייט גרייט. לאַנג וועט אייך נישט אויסקומען צו וואַרטן. ס'איז אַוודאי היינט דער „קורצער פרייטיק". דאָרט אין ווינקל ליגט די טאָרבע טאַבאַק. זייט שפּאָרזאַם מיט שוועבעלעך. רוט אויס די פיס, איר זאָלט זיי נישט שלעפּן ווי קלעצער.

חברה איז צוגעפאַלן צו דער טאָרבע טאַבאַק ווי אַ הונגעריקער צו

אַ וואַרעם ברויט. דערנאָך האָבן זיי „אויסגעבעט״ קאַרטאָפל־בערגלעך ווי קישנס צו־קאָפּנס.

ווען יאַנקל האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז אין קעלער שוין געווען שטאַרק פינצטער. ער האָט דערזען אַ טליִענדיק פּאַפּיראָסן־פּייערל.

— איטשע ?

— וואָס ?

— ער איז שוין דאָ ?

— נאָך נישט !

— קום אַרויס !

זיי זענען צוגעגאַנגען צום טירל און דערזען פּייערלעך אין די פענצטער פון די פויערישע כאַטעס. אויפן וועג האָט גערוישט אַ מאַשין.

— ווייסט וואָס — זאָגט איטשע — מיר וועלן זיך דערווייל אַריינ־כאַפּן צו יאַנען נאָך אַ פלעשל „בימבער״. כ׳בין שוין באַלד פאַרשטאַרט.

— קום !

זיי האָבן קוים באַוויזן שטעלן עטלעכע טריט פון קעלער, ווי קעגן זיי איז אָנגעקומען וואָלף אַ פאַרסאָפּעטער .

— וואָס פאַראַ שפּאַצירן מאַכט איר דאָס ? גיך צום קעלער ! איטשע, רוף אַרויס די חברה.

וואָלף האָט זיך אַנידערגעזעצט צווישן די טאָפּאָלעס צום פעלד־צו הינטער דעם שייער. ער האָט אַרויסגעצויגן פון קויש אַ פלעשל „בימבער״ און עס דערלאַנגט יאַנקלען.

— טו אַ נאַג און גיב עס ווייטער.

העלדזער האָבן זיך אויסגעצויגן און געשלונגען דעם ביטערן טראָפּן. דאָס פלעשל בראָנפן איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט און צוריקגעקומען צו וואָלפן ליידיק.

— פּאַסקודניאַקעס. אַפילו קיין טרער נישט איבערגעלאָזט, אַ נס וואָס כ׳האָב נאָך איינס.

וואָלף האָט דערווייל דערלאַנגט סוכאַרעס צום איבערבייסן, און אַליין אַ שפּאָרן שלוק־געטאָן פון פולן פלעשל. דערנאָך האָט ער מיט קוראַזש גערעדט צו זיי:

— בייסט־צו, חברה, עס זאָל נישט ווער אַוועק אַ הונגעריקער אויף יענער וועלט. היינט פאַרלאַנג איך פון אייך אַ ראַיעל שטיקל אַרבעט.

אַלע זענען געווען געשפּאַנט צו וויסן, ווו אַהין וועט וואָלף זיי פירן. יאַנקל האָט זיך צוגערוקט נענטער, כדי נישט צו פאַרלירן קיין וואָרט.

— האַלב אַכט פאָרט אַדורך דער צוג דורך ליפּצע. אַלץ מוז קלאַפּן. כ'האָב אַלץ אויסגעשפּיאָנירט. די וואָס וועלן אַנטלויפן, נעמען מיר מיט אין די וועלדער אַריין. אויפן וועג וועל איך דערציילן דאָס איבעריקע. און איצט — געגאַנגען!

זיי האָבן זיך אַוועקגעלאָזט מיט אַ פעלד־שטעג צום וואַלד. וואָלף האָט זיך אומגעקוקט.

— קריכט נישט ווי אַ סטאַדע, מאַרשירן אין „גענדזן־טריט"!

אין וואַלד האָבן זיך אַלע געפילט זיכערער. אויף יענער זייט האָבן זיך געפונען די באַן־רעלסן פון דער וואַרשעווער ליניע. דיביימער האָבן זיך געוויגט אין גערויש פון אַ פאַרבייפאָרנדיקן צוג.

די גרופּע האָט מאַרשירט צום אָרט פון דער אַקציע.

וואָלף איז געגאַנגען פאָרויס. און אַ צענדליק מאָל איבערגעוואָרפן אין די געדאַנקען דעם פּלאַן. אַז די ביימער זענען געוואָרן שיטערער און ער האָט דערזען אַ וויטן פעלד־פּאַס, האָט ער די גרופּע אָפּגעשטעלט און אַרויסגעגעבן די אָנווייזונגען.

יאַנקלען האָט ער מיטגענומען מיט זיך.

חברה איז געשטאַנען גרייט ביי ביידע זייטן פון דער באַן־ליניע. באַלד דאַרף אָנקומען דער צוג.

וואָלף שטרענגט אָן זיין בליק אויפן ציפערבלעטל פון זייגער. נאָך אַכט מינוט. ווידער זוכט ער מיט זיין בליק אין דער ווייטקייט אַריין. ס'לייכט דער רויטער סעמאַפאָר.

— קום, גיט ער אַ ברום צו יאַנקלען.

זיי שטייען האַרט ביים באַן־וועכטערס הייזל. דאָרט ווו עס געפינט זיך אַ באַן־וועקסל פאַר משא־צוגן. אין דעם מאָמענט קריכט אַרויס דער באַן־וועכטער און עס לויכט־אויף אַ גרינער סעמאַפאָר, אַ צייכן אַז די ליניע איז פריי.

פון מערב־זייט הערט זיך וואָס אַ מאָל דייטלעכער דאָס גרילצן פון אַ צוג.

מיט איין שפּרונג שטייט שוין וואָלף ביים באַן־וועכטער. יאַנקל לעבן אים. דער וועכטער באַוויזט קוים אַרויסצורײדן:

ווער איז דאָס?

— הייב־אויף דעם רויטן סעמאַפאָר! — שטעלט וואָלף צו דעם רע־וואָלווער האַרט פאַרן וועכטערס נאָז.

דער דערשראָקענער וועכטער וויל עפּעס פרעגן, זאָגן, אָבער אַ פיבער לויפט אים דורך די ביינער און ער שטייט ווי פאַרגליווערט.

— האָסט געהערט וואָס מ׳רעדט צו דיר? אָדער...

דער דערשראָקענער וועכטער וועקט זיך איבער פון דער איבער־ראַשונג און אָריענטירט זיך אין דער סיטואַציע.

— יינגלעך, איר מאַכט אַ טעות, איצט גייט ניט קיין אַמוניציע־צוג צום פראָנט, בלויז יידן פירט מען...

וואָלף האָט אויפגעציטערט ווי אַ הונט וואָלט אים אַ ביס געטאָן.

— גיכער, טויש דעם סעמאַפאָר! ווילסט איך זאָל דיך אַוועקלייגן?

דער באַן־וועכטער שפּאַנט עטלעכע טריט, מיט ציטערדיקע הענט נעמט ער אָן דעם שטאַנג וואָס טוישט די סעמאַפאָרן. דער צוג איז שוין נאָענט. עס זעען זיך שוין די רויטע פונקען פון לאָקאָמאָטיוו. דער צוג לויפט נאָך מיט אַ נאָרמאַלער שנעלקייט, דער לאָקאָמאָטיוו נעמט שווער סאָפּען, די האַמולצעס סקריפּען און פאַרהאַלטן די רעדער.

דער מאַשיניסט בייגט זיך אַרויס פון לאָקאָמאָטיוו־פענצטער און זוכט וועמען אין דער פינצטערניש.

— וואָס איז געשען?

מיט אַ שפּרונג פון אַ קאַץ איז וואָלף אַרויף אויפן טרעפּל פון לאָקאָמאָטיוו.

— שטיין בלייבן! פון אָרט זיך נישט רירן!

דער מאַשיניסט האָט קיין וואָרט נישט איבערגעפרעגט. ער האָט זיך עטוואָס צוריקגעצויגן פון אָנגעצילטן רעוואָלווער. דערזעענדיק פון דער צווייטער זייט נאָך אַ מענטשן מיט געווער אין האַנט, האָט ער יאושדיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו זיין געהילף.

— אַנידערזעצן זיך! — באַפעלט וואָלף די מאַשיניסטן — און דו האַלט זיי אויפן אויג — וואָרנט ער יאַנקלען. אַליין שפּרינגט ער אַראָפּ און לויפט צו די וואַגאָנעס.

דער צוג איז לאַנג, און די פאַרחתמעטע משא־וואַגאָנען זענען פול געפּאַקט מיט מענטשן. אשר רייסט שוין אויף די טירן און שרייט:

— ראַטעוועט זיך, אַנטלויפט, צו דער שחיטה פירט מען אייך!!!

— אין עטלעכע שפּראַכן שרייען דאָס זעלבע — קאָמאַנדעוועט וואָלף!

אַ מינוט בלייבן די מענטשן שטיין ווי אַ פּאַרגליווערטע מאַסע, אָבער באַלד דערהערן זיך קולות.

— פּאַרטיזאַנען! יידישע פּאַרטיזאַנען, ראַטעוועט אונדז, לאָמיר לויפן!

אין ווילדן געלויף נעמען די געפּאַנגענע שפּרינגען פון די וואַגאָנען. אַ סך ציִען זיך צוריק טיף אין וואַגאָן אַריין.

די וואַך פון לעצטן וואַגאָן נעמט זיך ווייזן!

— אייער! באַלייגט די שוואָבן מיט אייער!

עטלעכע מינוט איז שטיל. באַלד דערהערן זיך די ערשטע שאָסן.

עקספּלאָזיעס, האַנט־גראַנאַטן רייסן־אויף ביים לעצטן וואַגאָן. אַ מינוט הערט־אויף די שיסעריי, צוויי וואַגאָנען זענען שוין העלפט אויס־געליידיקט.

— אין וואַלד אַריין, יידן!

נחום און איטשע העלפן די געפּאַנגענע אויסשטייגן און ווייזן זיי אָן: דאָרט, אין די קוסטעס אַריין! די וואַך רופט זיך ווידער אָן מיט פייער. אַ יונגע פרוי פאַלט לעבן טרעפּל פון וואַגאָן.

וואָלף שרייט: נאָך שפּרינגען, אַנטלויפן!

פלוצלינג דערהערט זיך אַ פייף. נחום און איטשע כאַפּן די פאַרוווּנ־דעטע פרוי און איילן אין וואַלד אַריין. יאַנקל שפּרינגט־אַראָפּ פון לאָ־קאָמאָטיוו־טרעפּל.

— פּאַרטיק! צוריקציִען!

די מחנה לאָזט זיך טיף אין וואַלד אַריין.

די דייטשע וואַך שיסט נאָך כאַאָטיש לענג־אויס דער באַן־ליניע. דער צוג הייבט ווידער אָן סאַפּען און אַנטלויפט פון אָרט. פון לעצטן וואַגאָן פאַלן שאָסן אין וואַלד אַריין.

אַ טאָפּלטער פייף רופט צוזאַמען די מחנה.

— אַן ערך זעכציק מענטשן זענען אַנטלאָפן — ראַפּאָרטירט אשר — אַ סך האָבן מורא געהאַט אַרויסצוגיין פון די וואַגאָנען. פון אונדזערע זענען אַלע דאָ.

— יעדער נעמט צו פינף מענטשן און גייט אין אַ באַזונדערן פונקט — באַפעלט וואָלף, אָבער נישט אָפּשטעלן זיך אויף קיין נענטערן פלאַץ ביזן דערגרייכן די לויוויטשער וועלדער.

יאַנקל בלייבט ביי די פאַרוווּנדעטע.

*

ווען דער טאָג האָט אויפגעבראָכן, איז נאָך יאַנקל געווען לעבן דער פאַרווונדעטער פרוי. פון איר נאַקן האָט שוין מער קיין בלוט נישט גע־טריפט. איר בלאָנדער קאָפּ האָט נאָך עטלעכע מאָל אַ צאַפּל־געטאָן אין קראַמפן און איבער די לאַנגע קאַרשן־אויגן האָט זיך פאַרצויגן אַ ווייס הייטל. זי האָט אים נאָך אָנגעהאַלטן מיט פאַרקלאַמערטע הענט. יאַנקל האָט געקוקט אויף אירע צאַרטע פינגער און דערפילט ווי אירע הענט ווערן וואָס אַ מאָל קעלטער און פאַרשטאַרט.

ער איז געשטאַנען פאַר דעם קערפּער מיט אַ געבויגענעם קאָפּ. און ס׳האָט זיך ביי אים אַן עפּן געטאָן אַ קוואַל פון טרערן... דערנאָך האָט ער זיך ראַפּטעם אויפגעהויבן און מיט אַלע כוחות דעם קערפּער אַרויפגע־וואָרפן אויף זיינע אַקסלען און אַריינגעטראָגן אין דער זעמליאַנקע.

דריי רעוואָלווער־שאָסן האָבן אָפּגעהילכט אין וואַלד...

# אַ ציגיינערין אין דער זעמליאַנקע

נאָך חצות האָט זיך אויפגעהויבן אַ זילבערהימל איבער די צעוואָרפענע דאָרפישע כאַטעס און זיך אַראָפּגעלאָזט צו מערב־צו, איבער די שוואַרצע סאָסנעקעפּ פון אַלטן פוילישן וואַלד. אַ פרישער טוי האָט געקילט די טרוקענע ערדבייטן, צעשפּאָלטענע פון היץ, און זיך אויסגעשפּרייט איבער די זאַטע ווייצנפעלדער, וואָס זענען רחבותדיק געלעגן באַדעקט מיט זייער פּרוכט — די בינטלעך פרישן ווייץ.

די אָפּגעגאָלטע פעלדערקעפּ האָבן געשטאָכן די פּיס פון אַ מידן וואַנדערער, וואָס האָט אין מיטן דער נאַכט אומעטיק געשפּאַנט איבער בערג און טאָלן איינער אַליין, באַגלייט פון אַ פויל געבילערײַ פון דער־וואַכטע הינט אין נאָענטן דאָרף.

אין לבנה־זילבער האָט זיך געשניטן אַ מענטשן־שאָטן. די קאָנטורן האָבן זיך וואָס אַ מאָל בולטער געצייכנט, געוואָרן נענטער. די מידע פּיס זײַנע האָבן זיך געוואַשן אין טוי פון לאָנקעגראָזן אין טאָל.

מיט אַ וואַכער אָנגעשפּיצטקייט בין איך געשטאַנען צווישן די סעדער־ביימלעך ביי אַן איינזאַמער כאַטע לעבן וואַלד. באַלד האָב איך דערזען ווי ס׳גענענט אין מײַן זייט אַ פאַרשלייערטע געשטאַלט, וואָס האָט פאַר־האַלטן די וואַקלדיקע טריט און געבליבן שטיין אין אַ נישט־דעצידירטער פּאָזע.

„צוציק״, דער הונט מײַנער און איינציק איבערגעגעבענער פרײַנד, האָט זיך טיף־סאָפּענדיק אויסגעצויגן אויפן בויך און מיט זײַנע פאָ־דערשטע לאַפּעס נערוועז געריסן די ערד. כ׳האָב אים צוגעהאַלטן די מאָרדע, וואָס האָט געהייסן פאַר אים, ער זאָל שווייגן. כ׳האָב זיך פאָרזיכטיק אַרויס־געשלייכט פון הינטער אַ געדיכט־פאַרצווייגטן עפּלביימל און באַגעגנט זיך פּנים־אל־פּנים מיטן וואַנדערער.

— ווער ביסטו?

קיין ענטפער איז נישט געקומען.

כ׳האָב געמאַכט אַ פּאָר טריט פּאָרויס און דערזען פאַר זיך אַ פרויען־געשטאַלט. כ׳האָב אָפּגעדעקט דאָס טיכל, וואָס איז געווען אַראָפּגערוקט איבער איר פּנים און געוואָרן איבערראַשט: אין אָפּשיין פון דער לבנה האָבן אויפגעבליצט אַ פּאָר שוואַרצע אויגן מיט אַ וועלפיש פייערל...

זי האָט אויפגעציטערט און מיט אַ געבראָכן קול, און אין אַ שלעכטן פּויליש, מיך געבעטן:

— נעמט־צו דעם הונט. לאָזט ווייטער גיין.

— שרעק זיך נישט פאַר מיר און קום אַראָפּ פון מיטן וועג. זעסט דאָך וואָס דאָרטן קומט פאָר.

זי איז מיר שטיל נאָכגעגאַנגען, נישט פרעגנדיק וווהין. מיר זענען אַדורך דעם גאָרטן און אָפּגעשטעלט זיךביים קאַרטאָפל־קעלער, וואָס איז געלעגן ביים שייער.

ס׳איז געווען אין מיטן ברען פון וואַרשעווער אויגוסט־אויפשטאַנד. פייערצונגען האָבן אָפּט אויפגעבליצט אין צפון־מזרח, און אין שיין האָב איך דערזען איר יונג מיידלשן פּנים.

די ערד האָט געקרעכצט פון די שווערע דייטשע האַרמאַטן, וואָס האָבן געשפּיגן מיט פייער אויף וואַרשע.

— ביסט פון דאָרט אַנטלאָפן? — האָב איך איר געוויזן אויף מזרח.

— ניין, כ׳בין אין וואַרשע קיין מאָל נישט געווען.

זי האָט אַראָפּגעלאָזט אַ קליינעם רוקזאַק פון די אַקסלען און זיך אַנידערגעזעצט אויפן שוועל פון קעלער. אַ טעמפּע רוּיִקייט האָט אַרויסגע־קוקט פון איר, ווי זי וואָלט געשטאַנען ביים ראַנד פון אַן אָפענעם קבר.

כ׳האָב זיך אַוועקגעזעצט לעבן איר. „צוציק" האָט זיך אויסגעלייגט ביי מיינע פיס און זיך געוואָרפן אין אויפרעגונג אויף די פייערן פון מזרח.

— ביסט אַ יידישקע?

— ניין!

— ווי קומסטו אַהער? און ווו וואַנדערסטו איינע אַליין ביי נאַכט? — האָב איך מיט דער פראַגע איבערגעריסן די שפּאַנונג.

— און ווער זענט איר?

— אַ וואַלד און פעלד־מענטש.

— אפשר אַ ייד?

— יאָ!

זי האָט צוגעבויגן צו מיר דעם קאָפּ און מיך טיף דורכגענומען מיט אירע בליקן.

— אויב אַזוי, הייסט עס, בין איך נאָך נישט פאַרפאַלן.

— זיי פולשטענדיק רויק.

— זענען היינט אויך דאָ געווען רעוויזיעס פון די שוואַרצע?

— כ׳קום ערשט פון וואַלד.

— און וווּ וווינט איר?

— נישט ווייט פון דאַנען, אין טיפע קוסטעס.

— איז דאָרט זיכער?

— שוין צוויי וואָכן נישט געווען קיין אָבלאַווע.

— און איך לויף אַרום ווי אַ האָז, כ׳האָב קיין מנוחה נישט.

— ביסט אַליין?

— מיט אַ ברודער.

— וווּ איז ער?

— כ׳דאַרף אים דאָ אין דער געגנט טרעפן.

— ביסט הונגעריק?

— איר האָט דען וואָס?

— סוכאַרעס, ווילסט עסן?

זי האָט מיט אַ ווילדער הנאָה געגריזשעט די פאַרטריקנטע שטיקלעך שוואַרצע ברויט. כ׳האָב פאַרדרייט אַ מאַכאָרקע פון די אָפּגעפּליקטע טאַבאַקבלעטער און פאַררויכערט. דורכן חוט־השדרה לויפט מיט אַ מאָל דורך אַ ציטער פון אַ פאַרקוועטשטער תאווה, וואָס האָט אומגעריכט אויפֿ־געברויזט אין מיר. עס איז געווען די ערשטע פרוי, זינט 20 חדשים, וואָס איז אַזוי נאָענט געזעסן לעבן מיר. די האַרטקייט פון מיין טרויעריק לעבן איז פאַרשוווּנדן. דער בליק פון אירע אויגן נעמט איבער מיר הערשן...
עס האָט מיך אַ טראָג־געטאָן צו די ביימלעך הינטערן שייער. עס זענען נאָך געווען איבערגעבליבענע שפּעטע־קאַרשן. מיט ווילדער גיכקייט האָב איך אַ פליק־געטאָן פון זיי אַ פול היטל און אויסגעשיט אויף איר שויס.
שלינגענדיק די זאַפטיקע שוואַרצע קאַרשן, האָב איך ווידער דער־הערט איר שטים:

— האָט איר עפּעס אַ לייטיש באַהעלטעניש?

— אַן אייגענע זעמליאַנקע.

— און ווער נאָך איז מיט אייך?

— איינער אַליין. אַ מאָל קומען חברים.

— פּוילישע ?

— ניין, באַהאַלטענע יידן.

— און איך בין אויסגעשטעלט אויפן חסד פון די פּוילישע דאָרפס־יונגען... אָט אַזוי לויף איך פון שייער צו שייער, פון דאָרף צו דאָרף. אין די וועלדער האָב איך מורא אַריינצוגיין.

— שוין לאַנג ווי דו וואַנדערסט ?

— זינט מען האָט גענומען ליקווידירן די געטאָס.

— ביסטו, הייסט עס אַ יידישקע ? זאָג, שוועסטערל, שרעק זיך נישט.

— ניין, אַ ציגיינערין בין איך !

— אַ צ י ג י י נ ע ר י ן ?

— יאָ, געבליבן נאָר מיר אַ ברודער. אונדזערע שיסן די דייטשן ווי די הינט. ברענען אויפן פייער. כ׳בין אַנטלאָפן פון טרעבלינקע.

— האָסטו געטראָפן אַ מאָל אין וועג אַ יידן ?

— פּסח־צייט זענען זיי נאָך געווען אַ סך, אָבער, איר ווייסט דאָך, אַז אין דער מאַי־אַקציע זענען כמעט אַלע געפאַלן. כ׳האָב נאָר באַגעגנט ביי דער „ראַווקע״ צוויי יידישע פרויען.

זי האָט שאַרף אָנגעשטעלט די אויגן אויף מיין פּנים, געוואָלט אָפּנים זען דעם איינדרוק וואָס אירע ווערטער מאַכן אויף מיר.

עס איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבער נאַכט. מיינע באַהאַלטענע חברים האָבן זיך נישט באַוויזן, און כ׳האָב לענגער נישט געטאָרט בלייבן אויף דעם פּלאַץ. נאָך פאַרן מאָרגנרויט האָב איך געמוזט זיין אין מיין באַהעלטעניש. כ׳בין אויפגעשטאַנען און זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן פון שייער־אַרויס צו די פעלדער, וועלכע זענען מיר גוט־באַקאַנט פון מיינע וואַנדערונגען.

— שוין צייט, כ׳מוז גיין.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט אַ טריט פאָרויס זיך דערנענטערט צו מיר.

— און איך בלייב ווידער אַליין אויפן פעלד — האָט זי ווי צו זיך גערעדט אַ רעזיגנירטע.

אַ באַהאַלטענער חשד איז אין מיר פלוצעם אויפגעשווומען. אַ פרוי... ווער ווייסט ?... אפשר אונטערגעשיקט צו דערוויסן זיך ווו ס׳איז מיין

מלינה... יאָ, אַ סך אומגליקן האָבן שוין פּאַסירט אין אונדזערע רייען צוליב מיידלעך. פּאַרראַט, שוואַכקייט און אין בעסטן פאַל אַ לויזע צונג.

— האָסט עפּעס אַ ווונטש? אפשר אַ פּאָר סוכאַרעס אין וועג אַריין?

זי האָט זיך איינגעבויגן, אַרויסגעוואָרפן דאָס זעקל אויף אירע לענדן, און נישט אויסגלייכענדיק דעם קאָפּ ברוגזלעך געענטפערט:

— דערווייל בין איך זאַט, און דעם טאָג וועל איך סיי־ווי נישט איבערלעבן.

— וואָס מיינסטו דערמיט צו זאָגן?

— איר ווייסט נישט, וואָס עס טוט זיך אין דער געגנט. די אָבלאַוועס הערן נישט אויף. אין דאָרף קאָן מען זיך נישט באַווייזן. די פּויערים טרייבן ווי אַן אָנגעשטעקטן מיט פּעסט. צוויי זשאַנדאַרמען זענען דאָ נעכטן דער־שאָסן געוואָרן, און די שוואַרצע לויפן־אַרום ווי משוגענע הינט, שיסן אויף יעדן וואָס גייט נאָר מיטן פעלדוועג. נעמט איר מיך נישט צו זיך, בין איך אַ פאַרפאַלענע. אָט דאָ וואַרט איך ביז זיי וועלן מיך דערשיסן.

פאַרשידענע געדאַנקען האָבן אויפגעבליצט און זיך געקרייצט: פאַר־דאַכט און ריזיקע. די זאַך שמעקט דאָ מיט טויט... אָבער אויפן לעבן האָב איך שוין פון לאַנג געשפּינעט, און די איינזאַמקייט האָט מיך אויפגעפרעסן.

— קום!

רעש בין איך אַוועק איבער די פעלדער. זי איז נאָכגעגאַנגען אַ שווייגנ־דיקע. מיינע בליקן אין דער ווייטקייט אַריין, פאָרויס און אַרום זיך, זענען געווען שאַרפער, אָנגעשפּיצטער ווי אַלע מאָל.

נאָך אַ לעבן האָב איך איצט געטראָגן, מיטגעשלעפּט מיט זיך, און גלייך פון ערשטן מאָמענט אָן שוין דערפילט אַן אַחריות. מאָמענטנווייז האָב איך זיך אָפּגעשטעלט. עס האָט זיך מיר דאָס מאָל מער ווי תמיד אויסגעדאַכט, אַז פון ווייטנס גייט אַ גרופּע. אָט זענען מיר שוין פאַרביי אַ טיפן טאָרף־גרובן, וואָס האָט זיך געצויגן לענג־אויס די לאָנקעס און האָט געשטראָמט מיט אַ פרישן וואַסער. אָט שניידט זיך שוין אַרויס אין דער טונקלקייט דער סילועט פון יאַנס כאַטע, וואָס שטייט אַן איינזאַמע הינטערן וואַלד, אָןביימער און אָן פּלויטן אַרום, ווי אויסגעשטעלט אויף אַ טרוקענער טאַץ. כ׳הייס מיין באַגלייטערין צוואַרטן, און שטיל ווי אַ קאַץ שלייך איך מיך צו צום שטאַל, און בינד צו דעם הונט אויף דער קייט, ער זאָל דאָ שטיין איבערן טאָג. פון דער ווייטנס הערט זיך דעם פּויערס כראָפּען פון בעט אַרויס.

יאַגנען קאָן מען גוט. ער אַרבעט אין וואַלד, איז אָרעם און באַוואָרפן מיט קינדער. ער האָט געררן אַ זייטיק פאַרדינסטל פון אַ יידן. בלייבן ביי אים איז געפערלעך, ווייל די הייזלעך נאָענט ביים וואַלד ווערן כסדר באַפאַלן פון דער ברוינער זשאַנדאַרמעריע. אָבער אַן אָפּמאַך וועגן הונט האָט ער מיט מיר געמאַכט. כ׳האָב אים אַוועקגעגעבן דאָס לעצטע ביסל וועש און אַ פּאָר גראָבע מטבעות, דערפאַר האַלט ער ביי טאָג מיין הונט ביי זיך. כ׳גיי צוריק און נעם די ציגיינערין מיט זיך. זי זעט אויס צו זיין אַ קרעפטיקע. אין די ערשטע קוסטעס ביים אַריינגאַנג צום וואַלד שפּאַנט זי מיר נאָך, נישט צו פאַרזוימען אַ טראָט.

ערשט ווען די ערשטע פרימאָרגן־שטראַלן האָבן זיך דורך די מאָך־שפּאַלטן אַריינגעריסן אין דער זעמליאַנקע, האָב איך דערזען איר שוואַרצן קאָפּ האָר און פולן פּנים. זי האָט קניִענדיק גענומען פלעכטן די צווי שוואַרצע לאַנגע צעפּ אירע.

— איר זענט ביי נאַכט ערגעץ געווען?

— ביים ראַנד פון וואַלד, געוואַרט אויף נאָך פאַרבלאָנדזשעטע יידן, קיינער איז אָבער נישט געקומען.

— און איר שרעקט זיך נישט אַרומצוקריכן ביי נאַכט?

— ביי נאַכט איז זיכערער ווי ביי טאָג. די זשאַנדאַרמען האָבן מורא דעם קאָפּ אַרויסצושטעקן. זיי האָבן נישט קיין חשק „אויסצוציִען די פיס" צוליב אַ דרייסטן וואַלד־מענטש. דאָס לעבן איז ביי זיי זייער טייִער. ליגן זיי בעסער ביי זייערע דינסטן, די פוילישע פעטע שיקסעס ביז עס ווערט טאָג. ביי טאָג זענען זיי גרויסע העלדן. אַז אַן אויסוואורף ווייזט זיי אָן וווּ עס באַהאַלט זיך אויס אַ קליין יידיש מיידעלע, דערשטיקן זיי עס מיט די הענט.

די טאָג־שעהען, וואָס האָבן זיך אַלע מאָל געצויגן מיט זייער פּיינלעכן לאַנגווייל און סכנה, זענען דאָס מאָל שנעלער פאַרלאָפן. זי האָט זיך גע־האַלטן פון מיר פרעמד און זיך געשראָקן פאַר דער איינזאַמקייט. אַז די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָב איך זי ווידער געלאָזט אַליין און אַוועק זוכן שפּייז און וואַסער. איצט האָב איך שוין געמוזט זאָרגן פאַר צוויי. איבערן וועג האָב איך געטראַכט וועגן איר. געטראַכט, אַז זי פּילט מיר אויס אַ שטיק איינזאַמקייט און אַז ס׳וועט מיר לייכטער זיין צו דערשטיקן די טעג פון מיין טרויעריקן לעבן.

ווען כ׳בין באַגין צוריקגעקומען, האָב איך זי געטראָפן אַ גרייטע

זוי צום אַוועקגיין. זי האָט מיך באַגעגנט מיט שטאַרע גלייכגילטיקייט, אָבער דאָך פּייערדיקע אויגן ,ווי זי וואָלט פרעגן, ווו כ׳גיי אַוועק אויף גאַנצע נעכט און פאַר וואָס כ׳בין אַזוי קאַלט און טרוקן, און לאָז זי איבער אַליין.

עפּעס אַ מאָדנער געפיל האָט מיך באַהערשט. כ׳האָב זיך גענומען שרעקן פאַר איר ווייבלעכקייט, און גלייכצייטיק זי געוואָלט פאַר זיך.

אויפן פערטן טאָג האָט זי זיך שוין געפילט מיט מיר היימיש. זי האָט מיר דערציילט די געשיכטע פון איר לעבן .אַ גרויסע זאַך איז פון מיין זייט, האָט זי געזאָגט, אַז איך באַליידיק זי נישט. אַ סך, זייער אַ סך האָט זי דאָך געליטן פון די פּויערים־שקאָצים. זיי אַלע ווילן זי אויסבאַהאַלטן, נאָר בתנאי... און זי אַנטלויפט פון זיי ווי פון טייוול אַליין. בעסער וויל זי שוין זיך באַגעגענען מיט די דייטשע זשאַנדאַרמען און פאַלן פון אַ קויל. זי וויל אויך נישט גיין צום „האַקער״, אַ פּאַרטיזאַנער וועלכן כ׳האָב געקענט. נאָך איידער יענער האָט זי צו זיך אין באַהעלטעניש אַריינגענומען, האָט ער איר קלאָר געזאָגט: זי וועט ביי אים האָבן עסן און אויפהאַלט, אָבער זיין וועט זי מוזן — זיינע... איצטער האָט ער אפשר חרטה און זוכט זי אַרום, זי וועט אָבער צו אים קיינמאָל מער נישט גיין.

ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָט זי מיר געזאָגט, אַז זי האָט באַשלאָסן צו גיין אויסזוכן איר ברודער און מאָרגן קומט זי צוריק. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז איר געוואָרן איינזאַם דערעסן. זי וויל מיך אויף אייביק פאַרלאָזן. דעם וועג פון וואַלד אַרויס האָט זי שוין גוט געקענט, און זי האָט נישט באַדאַרפט איך זאָל זי באַגלייטן.

באַלד נאָך איר אַוועקגיין האָב איך דערפילט, אַז זי האָט מיר שלעכטס געטאָן. די איינזאַמקייט האָט מיך גענומען פרעסן נאָך מער ווי פריער. אַן אינערלעכער אומרו האָט אָן אויפהער ווי אַ שטורעם אין מיר געבושעוועט. כ׳האָב געזען, אַז זי פעלט מיר אין דער זעמליאַנקע, און האָב גענומען טראַכטן וועגן אַנטלויפן פון דאַנען. געדאַנקען ווי שפּיציקע פייגל־שנאָבלען האָבן געעגבערט וועגן אומצוטרוי צום דאָזיקן מיידל. ווען זי איז נישט געקומען צו דער צייט, בין איך געוועזן זיכער, אַז זי וועט אָנווייזן ווו איך געפין זיך. דאָך האָב איך באַשלאָסן דאָ צו בלייבן.

עס איז געווען אין דער שטורעמסדיקער צייט. ווען די פּוילישע

„אַ. קאַ״. האָט געשאָסן יידן ,אפילו אויפשטאַנדס־חברים. פאַר מיר האָט דאָ נישט געקענט פאָרקומען קיין שום איבערראַשונג. איך האָב שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז כ׳בין אַריינגעפאַלן צוליב אַ פּרוי. יעדע ווײלע האָב איך זיך געריכט אויף אַן איבערפאַל פון דער געסטאַפּאָ, אָדער אַ באַנדע.

ווי גרויס איז אָבער געווען מיין איבערראַשונג און פרייד ,ווען כ׳האָב זי נאָך אַ וואָך צייט ווידער באַגעגנט אַרום יאַנס כאַטע.

דאָס מאָל האָט זי זיך מיט אינטימער פרייד אַ וואָרף געטאָן צו מיר.

— דאָס איז מיין ברודער. זעסט וואַסיל ,אָט דער מענטש האָט מיך אין יענע טעג געראַטעוועט — און זי ווענדט זיך צו מיר:

— כ׳וואָלט ווען צו אייך צוריקקערן, אָבער מיט מיין ברודער. עסנוואַרג האָבן מיר מיט זיך אויף אַ וואָך צייט. נאָר אויב איך שרעקט, קאָן איך גיין...

עס האָט זיך מיר שטאַרק נישט געוואָלט דעם פרעמדן ווייזן די הייל. זי האָט דאָס פאַרשטאַנען און זיך אָפּגערופן:

— מיר רעדן איצט אָפּ, נאָר אויף פינף טעג, ביז עס וועט שטיל ווערן אין געגנט. נייך, מיר וועלן גיין ערגעץ אַנדערש, איר קאָנט נאָך צוליב אונדז ליידן, און אפשר אויך אַריינפאַלן.

זי האָט די ווערטער אַרויסגעזאָגט אַזוי פשוט, אַז כ׳האָב שוין אַנדערש נישט געקאָנט רעדן. כ׳האָב זיך אָפּגערופן:

— קומט, מיר גייען.

— ניין, כ׳האָב זיך באַטראַכט.

— וואָס, כ׳דאַרף אייך נאָך בעטן?

— נישט אין דעם גייט עס. איר קאָנט דורך אונדז אַריינפאַלן, און איך וועל עס נישט איבערטראָגן.

— נו, זייט נישט קינדעריש, מיר גייען!

איצט, אַז מיר זענען געווען זאַלבעדריט, האָב איך זיך גאָר בעסער געפילט. כ׳בין געווען אַ סך פרייער און צופרידן, וואָס כ׳האָב דערפילט אַ צוים איבער מיינע אינסטינקטן, וואָס האָבן אין דעם ווילדן לעבן גע־וועלטיקט ווי ביי דער פעלד־חיה. איר ברודער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גרויסן זולל וסובא. דאָס ברויט און די אומצייטיקע עפּל האָט ער אויפ־געפרעסן פריִער פאַר דער צייט ,וואָס עס איז געווען אויסגערעכנט. ס׳האָט אָנגעהויבן אויספעלן עסן.

נאָך צוויי טעג זענען מיר שוין געווען צוזאַמענגעבונדן ווי געבוירענע אין איין חיה־נאַרע. דאָס מיידל האָט זיך צו מיר באַצויגן מער וואַרעמער. דאָס אָבער וואָס זי האָט נאָך אַלץ דערמאָנט דעם „האַקער״, האָט מיר אַ ביסל ווייַ געטאָן. מיר האָט זיך אויסגעדאַכט אַז זי מוז אים אַ ביסל ליב האָבן. כ׳האָב געזוכט אַלע וועגן צו אימפּאָנירן איר .

ס׳האָט זיך געלאָזט מערקן, אַז איך נעם זי אינטערעסירן. זי האָט זיך גענומען אויספרעגן וועגן מיין פאַרגאַנגענהייט. זי וויל וויסן צי כ׳בין אַ בחור, אויב כ׳האָב געפירט ליבעס.

דער ברודער אירער איז געווען פון מיר שטאַרק נתפּעל. ער איז די גאַנצע צייט געלעגן אין ווינקעלע, ווו דורך אַ שפּאַרע איז אַריין אַ בעזעם ליכטשיין, און מיר אויסגעלאַטעט די צעפליקטע הויזן און צוגענייט די נעט פון איינציקן העמד מיינעם פון גראָבע פּויערישע לייוונט.

איין מאָל ווען כ׳האָב איר געגעבן אַ שטיקל פּאַפּיר און בלייפעדער, זי זאָל מיר עפּעס אָנשרייבן, האָט זי אויפגעצייכנט אַ האַרץ און שעמעוו־דיק מיר געגעבן אין האַנט אַריין.

פון דעם מאָמענט אָן האָב איך זיך געפלייסט איר מיט עפּעס צו נעמען, צוציִען צו זיך. כ׳האָב איר דערציילט וועגן מיינע שטודיעס, וועגן מיינע רייזעס, וועגן מיין טעטיקייט ביי געהיימע ראַדיאָ־סטאַציעס אין ענדע 39סטן יאָר. זי אָבער בלייבט גלייכגילטיק און קאַלט:

— כ׳קאָן אַלץ נישט וויסן, ווער איר זענט אייגנטלעך, און זי רוקט זיך אָפּ פון מיר.

אין ווינקל האָט זיך דערהערט אַ כראָפּען. דער יונג איז איינגעשלאָפן, און עס איז געווען אַ מורא, ער זאָל נישט פאַרלירן די נאָדל אין שטרוי, וואָס קומט אַזוי צוניץ. איך ציִ זי אַרויס פון צווישן זיינע פינגער, און זעץ זיך אַוועק ביי דער ציגיינערין. עס גייט מיר שוין פּשוט אין לעבן, כ׳זאָל איר געפעלן ווערן. כ׳האָב איר שוין דערציילט אַ האַלבע ביאָגראַפיע פון מיין לעבן.

מיר פלוידערן שוין פריי און וועגן אַלעם וואָס טוט זיך אַרום אונדז. זי פרעגט מיך, פאַר וואָס כ׳בין אַזוי אָרעם, און ווייזט מיר אויף וואַסילס אָפּיצערסקע שטיוועלעך פון אַ „ביינאַכטיקער אַרבעט״. זי דערציילט מיר אויך וועגן די חברה וואָס געפינט זיך אין די ליפּצער וועלדער, און האַלטן זיך אויס פון גנבענען שפּסן.

איך באַמערק, אַז זי איז גאָר פאַרכאַפּט פון די גניבות וואָס קומען

פּאַר אין דער געגנט. כ׳ליג אָבער אויף דעם נישט קיין צו פיל אַכט. פּלוצלינג פּאַלט מיר איין אַ פּלאַן. כ׳רוף זיך אָפּ צו איר:

— ווילסט וויסן ווער איך בין? אָבער געדענק, קיין פּיפּס נישט טאָן! דו ווייסט דאָך וואָס עס באַטייט אַ „גריפּס״? אָבער דו, גלייב איך, ביסט דאָך מיר געוויס טריי — טאָ פאַר וואָס זאָל איך דיר דיין האַרץ באַשווערן? ווייסט, ווער כ׳בין?

זי שטעלט אָן אַ פּאָר גלאַנציקע כישופדיקע אויגן, וואָס שפּיגלען נאָך מערער אין דעם שוואַכן ליכט, און אַרויפלייגנדיק אַ האַנט אויף מיין האַלדז, בעט זי זיך:

— זאָג ליבער, זאָג טאַקע ווער ביסטו און וואָס טוסטו?

— כ׳לאַך־אויס די אַלע קליינע גנבימלעך, נעם איך אָן אַ ווילערישן טאָן — אָט די וואָס גנבענען ביי די פּויערים אַ גאַנדז אָדער אַ פּאָר שטיוול. איך גיי זעלטן אויף אַזעלכע אַרבעטן. דערפאַר בין איך דער ערשטער ווו ס׳איז פאַראַן אַ פעטער ביסן. אָבער געדענק! שאַ! ש־אַ־אַ!!!... אָט יענע וואָך האָב איך אויסגעליידיקט אַ „קאָמאָרע״ ביי אַ רייכן קולאָק: העמדער, קליידער, שטיוול, סחורות און בראָנפן .דעם בראָנפן האָב איך איבערגעלאָזט פאַר זיך, און פאַרן איבעריקן „רעשטל״ האָב איך באַקומען פון דער האַנט־אַוועק אַ שאָק טויזנטער. וואָס אַן אמת האָט זיך דער פּויער אין מיטן דערינען אויפגעכאַפּט און אַריין אין דער קאָמער. נו, וואָס טוט מען מיינסטו? האָב איך אַוועקגעשטעלט דעם שפּייער פאַר זיין נאָז און געהייסן אים צוריקגיין צו דער באַבע אין בעט אַריין... זיי, אָט די חברה מיטן „האַקער״ בראש, זענען דען בעל־מלאכות? פּענטאַקעס, זענען דאָס, וואָס כ׳וואָלט אַפילו אויף „צונג״ נישט געוואָלט אַוועקשטעלן! פאַר־שטייסטו, ביי מיר איז פאַראַן פּראַקטיק. אָט וועל איך דיך לערנען, ווי אַזוי מען דאַרף זיך אויפפירן ביי אַ שטיקל אַרבעט, און אויב מען דאַרף „שלאָף־פּולווער״, קען איך איינשלעפערן אויך. פינף הונדערט גאָלד־שטיקלעך האָב איך מיר שוין איינגעקויפט פון דער אַרבעט, אָבער אין קיין געגנבעט העמד וועל איך זיך נישט באַווייזן. קיין שפּור טאָר נישט זיין!...

די ציגיינערינס אויגן בליצן־אויף מיט אַ לעבעדיק פייערל. זי וואַרפט מער נישט אַוועק מיין האַנט פון איר טאַליע. זי רוקט זיך נאָענט צו צו מיר. איר קערפּער פיבערט, און כ׳דערפיל דעם לייכטן ציטער פון איר לייב.

— איצט רעכן איך — צי איך ווייטער — אויסצופירן אַ ניי שטיקל אַרבעט. אַט דאָרט, זאָג איך, ווו מיר האָבן זיך באַגעגנט, ווינט דער רייכסטער פויער פון דאָרף. דריי טעג פיר איך שוין דעם אויסשפיר. ביי מיר גייט עס נישט אַזוי בחפזון, אָן אַ פּלאַן און נישט צוגעגרייט. אויף צו פאַרשטומען די הינט בין איך אַ קינסטלער, און דאָס דאַרפסטו וויסן איז דער עיקר. אַ בילנדיקער הונט איז אַ זיכערע מפּלה. די רייכע פּאַרמער, דאַרפסטו וויסן, האָבן די בייזסטע הינט. דערנאָך וועט מען דאַרפן איינ־שלעפערן די מוידן, וואָס שלאָפן אין דער קיך. אַט דאָס מאַך איך מיט דעם פלעשעלע — ווייז איך איר אויף אַ פלעשל יאָד אין ווינקל.

די ציגיינערין טוליעט זיך וואָס אַ מאָל מערער צו מיין ברוסט. אַט האַלט זי מיך שוין אַרומגענומען. פּלוצלינג שפּרינגט זי רעש אויף.

— אַט אַזוי טייערער, דאָס האָב איך האַלט! וועגן אַזאַ איינעם האָב איך געטרוימט! ווען גייסטו אויפן נייעם שטיקל אַרבעט?

— היינט ביי נאַכט.

— נעמסט מיך מיט? אָבער אויף אַ גלייך שותפות... קענסטו זיך אויף מיר פאַרלאָזן. וועסט זיין צופרידן; שוין נישט דאָס ערשטע מאָל ווי כ'בין מיטגעגאַנגען. אַט זע!...

פון איר אויפגעקנעפּלטן בוזעם שלעפּט זי אַרויס אַ לייוונטן טאָר־בעלע אָנגעפּאַקט מיט פּוילישע באַנקנאָטן.

דאָס איז מיין אייגן פאַרדינסט, און דער ברודער האָט אויך אַ פּעקל.

— כ'לאַך פון די קליינע גנבימלעך, די קאָלעגן דיינע. אַז געטאָן, זאָל זיין אויף גרויס!

זי איז אַנטציקט. זי רעדט שוין וועגן חתונה האָבן. זי האָט, זאָגט זי, באַהאַלטן אַ גרויס פאַרמעגנס. זי פּרעסט מיין האַנט צו איר טאַליע, דאָרט ווו זי טראָגט דאָס בייטעלע געלט. דאָס ווייסע בלוזקעלע מיט רויט־אויס־געהאָפּטענע קאַרשן לאָזט זי אויפגעשפּילעוועט און עס דערזעט זיך אַ פאַרכישופדיק ראָוועקל, וואָס פאַלט אַריין אינעם אָפּגרונט פון איר צעהיצט לייב. איר אָטעם ווערט טיפער און וואַרעמער, און דרייסט כאַפּט זי זיך אויף:

— אָפּגערעדט? היינט נעמסטו מיך מיט צו דער אַרבעט!

מער האָבן מיר צווישן זיך נישט גערעדט. כ'בין געוווען פאַרזונקען אין מיינע רעיונות וועגן דער ציגיינערין. עס האָט מיך באַהערשט אַ

גרויס פוסטקייט. נישט בלויז האָב איך נישט געפילט קיין נצחון־פרייד, נאָר עס האָט מיר בכלל פאַרדראָסן פאַר וואָס מיין פלאַן האָט זיך איינגעגעבן און דאָס מיידל האָט זיך געלאָזט כאַפּן אויף דער ווענטקע. כ׳האָב מיך קוים דערוואַרט, אַז די נאַכט זאַל צופאַלן.

און אַז עס איז נאַכט געוואָרן האָב איך זיך שטיל און אומבאַמערקט אַרויסגעשלייכט פון דער זעמליאַנקע. אַ מאָדנער ווידערגעפיל האָט מיך גענומען נאָגן ווי אַ וואָרעם און באַגלייט מיך פון וואַלד־אַרויס ביז דעם אָפענעם פרייען פעלד.

צו דער זעמליאַנקע האָב איך זיך מער נישט צוריקגעקערט.

# אויף צו מאָרגנס

דער שטורעם פון מזרח האָט זיך דערנענטערט. די וואַלד־ביימער האָבן זיך צעשאָקלט, בייז צעברומט. די יונגע קוסטעס האָבן אויפגעציטערט און אַראָפּגעטרייסלט פון זיך דעם געדיכטן שניי.

אָוונטצייט האָט זיך דער פּוילישער וואַלד צוזאַמענגעגאָסן אין אַ שוואַרצער בייזקייט. ביים ראַנד פון וואַלד האָבן שטיקער פייער זיך געריסן צום אָנגעברוגזטן, פאַרוואָלקנטן הימל.

דער יי׳אוש, וואָס האָט מיטן אָנקום פון יאָר 1945, צוזאַמען מיט דעם פּרעסנדיקן פראָסט, באַזעצט זיך אין די ביינער, פאַרשטאַרט די געלענקען און אויסגעלאָשן יעדן פונק פון האָפענונג, האָט מיט אַ מאָל זיך גענומען שמעלצן פון די פייערן, וואָס האָבן אויפגעהעלט אויפן פאַרנעפּלטן הימל איבער דער לענג פון דער ווייסל.

ביים ראַנד פון וואַלד האָט מען געזען, ווי די פייערן באַווייזן זיך וואָס אַ מאָל נענטער און העלער.

כ׳האָב זיך אָנגעשפּאַרט אָן אַ יונגביימל. דער ווייטאָגלעכער הונגער וואָס האָט אַזוי שטאַרק געגריזשעט אין אינגעווייד און דער פראָסט, וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין לייב, איז מיט אַ מאָל פאַרשוווּנדן. גאָר אַ ניי געפיל האָט מיך באַהערשט. אַ וועלט פון פרייהייט! און דאָרט אויפן באַרג, האָט זיך מיר פאַרגעשטעלט, שטייט אויף תחית־המתים מיין שטעטעלע, דאָס געטאָ. אַלע גרייטן זיך אַוועקצוגיין פון טרעבלינקע און מיידאַנעק. אָט די אַלע געפּאַקטע, פאַרזיגלטע צוגן מיט די קאַלכוואַגאָנען זענען איצט אָפן און לופטיק און מיט דער גרעסטער שנעלקייט לויפן זיי צוריק באַרג־אַרויף. מיט דער מחנה ציען זיך געוויס אויך אַלע חברים מיינע, די וואָס זענען אַוועק און מער נישט צוריקגעקומען, און איך — איך שטיי דאָ אַליין. אַן אימפּעט האָט מיך אַ ריס געטאָן פאָרויס. קיין רו׳ק ווינקל דאָ אין וואַלד האָב איך מער נישט.

די זעמליאַנקע מיינע צווישן די קוסטעס איז אַנטדעקט געוואָרן דורך די וואַלד־אַרבעטער, און כ'האָב דאָרט מער נישט געקאָנט פאַרבלייבן. די לעצטע טעג איז די געגנט פול מיט באַוואָפנטע וולאַסאָווצעס, אוקראַאינער און ליטווינער פון די דייטשע אַרמייען. זיי לויפן זיך שוין באַהאַלטן אין די נאָרעס, און זעען־אויס ווי צעשראָקענע האָזן, ווען אַ גרויס געיעג קומט אויף זיי.

כ'בין איצט דער איינציקער פון די לעצטע פיר אויסבאַהאַלטענע יידן, וואָס זענען לעבן־געבליבן. מיט אַ יאָר צוריק האָבן מיר געציילט אַכציק.

דער וואַלד איז היינט פול מיט סכנות. ער ווימלט מיט די רעשטן פון צעשלאָגענע דייטשן, און פליִער פון מזרח האָגלען אויף אים מיט פייער. אונדזערע לעצטע פיר האָבן זיך צעשפרייט, זאָל כאָטש ווער אַנטרונען ווערן.

עס איז שוין נאָך האַלבער נאַכט, איך שנייד מיר דורך אַ וועג דורך פעלדער און טאָלן — אין אַ דאָרף אַריין. דער הימל האָט זיך אויסגעלייטערט, די פלאַמען פון מזרח האָבן זיך געלאָשן, בלאַסער געוואָרן. די פיס שווער ווי קלעצער, דער שניי סקריפּעט אונטער די פיס.

עס האָט מיך געצויגן אין דאָרף אַריין. דאָרט הינטערן שייער איז געלעגן אָפן יאַנס קעלער, דאָרט פלעג איך אַ מאָל טרעפן מיינע חברים דעם וועג האָבן איבערגעשניטן דריי ליניעס פון אָקאָפּעס. חדשים־לאַנג האָבן ביי די שוצגראָבנס געאַרבעט פויערים פון דער אַרומיקער געגנט. און אָט בין איך שוין נאָענט צום שאָסיי. כ'שטרענג אָן דאָס געהער. דאָ אויף דעם אָרט זענען שוין עטלעכע יִדן געפאַלן פון די קוילן פון לויערנדיקע זשאַנדאַרמען. קומענדיק נענטער, זע איך, אַז דער שאָסיי איז אויפגעריסן.

עס האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן. אָט דעם אָקאָפּ האָבן מיר געהיט ער זאָל נישט צעשטערט ווערן, אונדזער אויפגאַבע איז געווען, אַז דער מאַרש זאָל נישט אָפּגעהאַלטן ווערן, און די תליינים פון אונדזער פאָלק זאָלן נישט קאָנען אָפּטעמען ביים אַנטלויפן. כ'אייל אונטער די טריט.

דאָס דאָרף איז איינגעהילט אין ווייסן, פאַרזונקען אין זיין טיפן ווינטער־שלאָף. ערגעץ־ווו גיט אַ ביל אַ הונט. איך שפּאַן פאָרזיכטיק פאַרביי די שייערן. דאַכט זיך, ביים דריטן שייער איז שוין יאַנס קעלער. פון הינטער אַ סטערטע שטרוי וויקלט זיך פּלוצעם אַרויס אַ פיגור. איך האַלט זיך אָפּ, נאָר אַ צען טריט טיילט אונדז אָפּ איינער פון צווייטן.

צוויי מאָל גיט אַ הוסט די געשטאַלט — אונדזערס אַ צייכן. איך לויף

צו נעענטער — יאַנקעלע! ער פאַלט מיר אַרויף אויפן האַלדז און קאָן אַ וואָרט נישט אַרויסברענגען.

— קום אין קעלער אַריין.

יאַנקעלע איז געווען דער ייִנגסטער צווישן אונדז. אָפט מאָל פלעגט ער באַדויערן הלמאַי ער האָט אַכזריותדיק געהאַנדלט קעגן זיין טאַטן אין געטאָ. ביים געזעגענען זיך האָט דער טאַטע אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זיין קאָפּ און געבעטן זיך ביי אים:

— קינד מיינס, קום מיט מיר, לאָמיר גיין צוזאַמען, לאָז מיך נישט אַליין.

האָט יאַנקעלע אַרויסגעריסן דעם קאָפּ פון אונטער דעם פאָטערס הענט און איז אַנטלאָפן. אַנטלאָפן זיך אַליין צו ראַטעווען.

איצט האָט זיין עלטערער ברודער אים פאַרלאָזט און זיך אויסבאַהאַלטן פון אים.

יאַנקעלע האָט געהאַט ביי זיך אַ ביסל טאַבאַק־בלעטער, האָבן מיר פאַררייכערט.

— ווען מיר איבערלעבן? — האָט ער פאַרצווייפלט אַ פרעג־געטאָן, און אין זיין קול האָב איך דערפילט די חרטה און די שרעק וואָס מאַטערט אים.

— ווערסט זיין מיט מיר ביז...

— ווו וועלן מיר זיין?

— אָט דאָ אין דעם דאָרף — ענטפער איך. — און פון וואַנעט קומסטו איצט?

— פון ליפּצע.

— האָסטו געטראָפן וועמען פון אונדזערע ייִדן?

— אַלע זענען אַנטלאָפן, ווער וויס... אויף טריט און שריט זשאַנדאַר־מען און אוקראַיִנער. זיי נעמען צו די פערד, די חזירים. פויערים זאָגן, אַז זיי וועלן אונטערצינדן די דערפער. אַלע אַנטלויפן. טאָ ווו טוט מען זיך אַהין?

— קום צו יאַנען.

מיר האָבן זיך אַדורכגעשלייכט דורך די סעדער אַרום די שטאַלן. יאַנקעלע האָט אָפּגעבראָכן אַ פאַרטרוקנט צווייגל און געעפנט דאָס טירל אין הויף אַריין. די הינט האָבן אַ ביל־געטאָן, אָבער יאַן האָט זיי באַרויִקט.

דער פויער איז מיט לאַנגזאַמע טריט צוגעקומען צו אונדז, עס האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן.

ער האָט אונדז גוט געקענט און זיין באַציִונג צו אונדז איז געווען אַ

מענטשלעכע. אַליין אַ געוועזענער סאָלדאַט אין דער צאַרישער אַרמיי, האָט ער געוווּסט דעם טעם פון גלות.

זינט איך האָב געוואַכט פיר נעכט ביי זיין בעט, ווען ער איז זומער געלעגן אויף לונגען־אָנצינדונג, האַלט ער זיין נדר צו העלפן געפּלאָגטע יידן.

— קומט אַריין אין שטאַל, עס וועט זיין וואַרעמער. היינט זענען דאָ אַלע וואַך. נאָר שטיל. זעסט דאָך וואָס ס׳טוט זיך אויפן הימל. די שוואַבן לויפן אַרום ווי פאַרסמטע מייז. די קליאַטשע האָבן זיי מיר היינט צוגענומען. אַליין זי אויסגעהאָדעוועט. נאָר זאָלן זיי שוין ברעכן דעם קאָפּ... און אפשר וועל איך זי נאָך דערקענען, געפינען?... אָבער לאַנג וועט איר דאָ נישט קאָנען בלייבן. ביז פאַרנאַכט איז דאָ פאַרן הויז געשטאַנען אַ שוואַרצער ס. ס.־מאַן. ער האָט אַלע פויערים געוויזן אַ מאַשינביקס אויף הונדערט קוילן און געזאָגט, אַז ער וועט די באָלשעוויקעס אין דאָרף נישט אַריינ־לאָזן... מיר האָבן אַלע געציטערט. איצט איז ער געגאַנגען פּאָפּן — דער טייוול ווייסט וווהין. מען זאָגט, זיי זענען אַרומגערינגלט, זיי וועלן זיכער פאַרברענען די כאַטעס. אַ ביסל בעטגעוואַנט האָב איך איינגעגראָבן. דאָס ווייב מיט די קינדער שלאָפן. וואַרט, כ׳וועל ברענגען אַ ביסל קאַווע.

אין שטאַל האָט דאָס מיסט פאַרשפּרייט אַ וואַרעמקייט. די קי האָבן דערשראָקענע אויפגעהויבן די קעפּ. געוואָרפן מיט די קייטן און ווידער גענומען קייען פון די לאַנגע קאָרעטעס, אָנגעפּראָפּטע מיט שעטשקע און היי. אין דער פינצטערניש האָבן צווישן די פיס אַרומגעטאַנצט יונגע קיניגלעך.

יאַן איז אַריין מיט אַ פול טעפּל. די הענט האָבן אים געציטערט.

— עס רוישן מאַשינען... קומט, וועלן מיר זען. ער האָט אַרויסגערוקט דעם קאָפּ פון הינטערן פּלויט, געקוקט צום שאָסיי און מיט אַ געבראָכן קול געזאָגט צו אונדז:

— זיי וועלן זיך דאָ אָפּשטעלן. דאָ וועט זיין די פּאָזיציע. היינט האָבן שוואַבישע אָפיצירן דאָ באַקוקט די אָקאָפּעס. אָבער מ׳זאָגט אַז באַהאַלטענע יידן האָבן אַריינגעלאָזט אין די שוצגריבער וואַסער פון דער סאַדזשעווקע. דאָס וואַסער איז איינגעפרוירן און ס׳איז קיין פוס נישט אַריינצושטעלן. אַוודאי אייערס אַ שטיקל אַרבעט, האַ? פונקט איז דער פראָנט אין אונדזער דאָרף. אַלץ וועט אַוועק מיטן רויך... אויף אייך איז באמת אַ רחמנות, אַזוי פיל זיך אָנגעמאַטערט... ווו וועט איר זיך איצט אַהינטאָן? גייט אפשר

בעסער אָן רוקזעק. עס איז אַ סומאַטאָכע און אין טומל וועט איר אפשר זיך אַדורכשמוגלען. האַלט זיך נאָר צווישן כאַטעס... אין וואַלד איז איצטער אַ סך ערגער... פול מיט דייטשע האָזן און באַנדעס. איר זייט אָבער אַזוי באַוואָקסן, אַז מען זעט באַלד ווער איר זייט.

מיר האָבן פון טעפּל קאַווע געטרונקען שלוקנווייז. יאַן האָט נאָך אַרויסגעצויגן פון קעשענע אַ דין פּענעצל ברויט און מיר דערלאַנגט. ער האָט צוריקגענומען דאָס ליידיקע טעפּל און געגעבן צו פאַררייכערן.

— נו, יינגלעך, היידאַ! פאַר די פּויערים־יונגען דאַרפט איר שוין נישט מורא האָבן. זיי וועלן שוין אייך נישט טשעפּען. מען זאָגט, אַז די רוסן זענען שוין אויף דער זייט ווייסל, פאָרויס גייט די פּוילישע אַרמיי. די אַמעריקאַנער צימבלען, אַז ס׳גייט אַ רויך. אָבער אַלץ איז גאָרנישט אַקעגן דעם, וואָס איר דאַרפט נאָך דורכמאַכן די עטלעכע טעג... צום בעסטן וואָלט געווען, איר זאָלט גיין אין קאָשטשאָל אַריין, דאָרט איז פאַראַן אַ לאַנגער קעלער...

כ׳האָב זיך אַביסל דערוואַרעמט און דערפילט אַ דערפרישונג. יאַנקעלע האָט נאָך אַלץ געציטערט און ווי צו זיך געשעפּטשעט: וואָס טוט מען איצט ?...

יאַן האָט געוואַרט מיר זאָלן אַרויס פון זיין הויף. יעדער מינוט, וואָס מיר זענען דאָ געשטאַנען, איז אים געווען צו לאַנג.

— מיר גייען שוין. ווי איז אָבער מיטן שאָסיי — איז ער טאַקע איבערגעריסן ?

— ערשט נאָך מיטאָג האָבן די שוואַבן דעם וועג דורכגעבראָכן. פון דעמאָלט אָן איז שטיל.

— קאָנט איר אונדז געבן צוויי לאָפּעטעס ?

— ער האָט אַרויפגערוקט דאָס פוטערנע היטל העכער אויפן שטערן און פאַרגאַפט אונדז אָנגעקוקט.

— איר זייט די אמתע חברה־לייט. איר ווילט שוין ווידער די סאַ־דזעווקע עפּענען און דאָס וואַסער אַריינלאָזן אין די אָקאָפּעס אַריין... מיינע לאָפּעטעס זענען געצייכנט, און די שכנים פלעגן זיי אַלע מאָל באָרגן. קענען זיי גוט.

— און אפשר וואָלט איר מיטגעשיקט יוזשעקן, אייער זון ?

— נאָך דאָס פעלט מיר ! — האָט ער זיך אַ ריס געטאָן ווי אַ געביסע־נער, — אַ גאַנצן טאָג האָב איך אים געהאַלטן אין אַ נאָרע... אַזאַ יונגער,

מען קאָן אים נאָך צונעמען; נאָט אייך שוין די לאָפּעטעס, פאַרשווינדט וואָס גיכער. אין דריטן הויז זענען דאָ די „שוואַרצע"...

— מיר ווילן ראַטעווען דאָס דאָרף. אַז דער וועג וועט זיין פריי וועט די כמאַרע פאַרבייגיין... געדענקט, עס גייט אויך אַ פוילישע אַרמיי, מען דאַרף צוהעלפן... אַ גאַנצן פאָלוואַרק וועט איר דערפאַר באַקומען... אייער כאַטע וועט בלייבן... און דריי פערד וועט איר פאַר דער קליאַטשע צוריק־באַקומען... אין גאַנצן אַ שעה אַרבעט!

— נו, אויב אַזוי...

פאָרזיכטיק האָט ער זיך מיט אונדז אַדורכגעשלייכט צווישן די שייערן. מיט זיין פעלדוועגל האָבן מיר זיך דערנענטערט צום שאָסיי. אַרום איז געווען שטיל. נאָר פון דער ווייטנס האָט דער מזרח געברויזט מיט צאָרן, ווי ער וואָלט זיין כעס אויסגעגאָסן אויפן ברייטן מערב.

יאַן האָט מיטגענומען זיינע ביידע הינט.

— מענטשנס טריט דערשפּירן זיי אַ קילאָמעטער ווייט — רוימט ער מיר שטיל איין — קוקט אייך גוט אַרום. ביי נאַכט זע איך שוואַך. אָבער כ'וועל שיקן די הינט פאָרויס, אפשר איז ווער דאָרט אין אָקאָפּ. אָבער געדענקט, טאָמער וואָס־ווען — באַלד אין די אָקאָפּעס אַריין. איך בין אַן אַלטער ניקאָלייעווסקער סאָלדאַט.

די ערד איז נאָך געווען פריש און ווייניק פאַרפרוירן. מיט אַ ווילדן טעמפּאָ האָבן זיך געשאָטן די לאָפּעטעס ערד אין אָקאָפּ אַריין. יאַן האָט אַריינגעוואָרפן די גרויסע שטיינער. כ'האָב זיך דערוואַרעמט. יאַן האָט זיך אָפּגעשטעלט און מיך אַ צי געטאָן ביים אַרבל:

די הינט זענען געוואָרן אומרויִק...

צערייצט פון דער אַרבעט, האָב איך נישט געוואָלט אַפילו אויפהייבן די אויגן און האָב נאָר אַ מורמל געטאָן:

— באַלאַמוטשעט נישט, יאַן, איר שטייט נאָר אויף דער וואַך און האָרכט זיך איין. מיר וועלן עס שוין פאַרענדיקן.

— אָ, זעט, פלאַמען! — ציטערט אויף דער פויער — אַ דאָרף ברענט שוין ווידער!

יאַן איז צופרידן. משמעות אים טוט שוין הנאה, וואָס ער איז מיט אונדז מיטגעגאַנגען. אויף עטלעכע מעטער די לענג איז שוין דער גראָבן אויסגעגליכן מיטן וועג.

— ס׳וועט געווען גענוג זיין אַז טאַנקען זאָלן אַדורך. זאָלן זיי דעריאָגן די זשאַנדאַרמען, וואָס האָבן דערשטיקט יידישע קינדערלעך...

יאַן האָט געכאַפּט די לאָפּעטעס און אַוועק אָן אַ זיי־געזונט. כ׳האָב יאַנקלען אָנגענומען ביי דער האַנט.

— צו דער ציגעלניע, אין פּוסטן שייער אַריין!

אין שייער איז געווען קאַלט. מיר האָבן נישט געקאָנט איינליגן אין דעם פּייכטן שטרוי, וואָס איז געווען אַדורכגענומען מיט פראָסט. פאַר טאָג האָט זיך דער פראָסט נאָך מער געשטאַרקט. מיר האָבן געפילט ווי די העמדער קלעפּן זיך צום לייב. אומרו און נייגער האָט געצויגן צום טראַקט.

פאַרזיכטיק האָבן מיר דורכגעשפּאַנט צווישן שורות הייזער. אָט שטייען מיר שוין אַ פּאָר צענדליק טריט פון שאָסיי. עטלעכע מינוט איז שטיל, דערנאָך האָט זיך דערהערט אַ גערויש.

דאָס גערויש פון די טאַנקען האָט זיך דערנענטערט. פּלוצעם איז דער גערודער פאַרשטומט געוואָרן. באַלד האָבן מענטשלעכע שאָטנס זיך באַוויזן אויפן וועג, געדרייט זיך אַרום די פאַרשידענע כאַטעס. יאַנקעלע האָט מיך אָנגעכאַפּט ביי די הענט.

— הערסט? מ׳קלאַפּט דאָרט אין פענצטער — ס׳איז טאָמאַשעס כאַטע, דאָס ערשטע הייזל פון דאָרף.

— ווסטאַוואַי!

פונעם געפרוירענעם פענצטערל האָבן אַ קלונג געטאָן די שויבן. אַ פויערל איז אַרויסגעשפּרונגען אין ווייסן און אַ דערשראָקענער זיך גע־ווענדט אין אַ צעבראָכענעם דייטש:

— ווער איז דאָרט?

אַן עלעקטריש לעמפּל האָט באַלויכטן דעם האַלב־נאַקעטן פויערל. קעגן איבער אים זענען געשטאַנען צוויי באַוואָפנטע סאָלדאַטן. איינער האָט אַרויסגענומען אַ מאַפּע און זי צעשפּרייט איבער די רעדער פון טאַנק.

— ווי הייסט דאָס דאָרף? איז נאָך ווייט ביז לאָדזש?

דאָס פויערל האָט ווי אין פיבער אַרויסגעשעפּטשעט: „ביטשקי“! לאָדזש איז נישט ווייט, גלייך מיטן טראַקט — האָט ער געפאָכעט מיט ביידע הענט צו מערב־צו. ביידע סאָלדאַטן זענען צוריק אַריינגעשפּרונגען אין פאַנצער־וואָגן. די שטאָלענע קליאַפּע האָט זיך האַסטיק פאַרהאַקט און אַ פעסטע שטים האָט זיך דערהערט:

— ד אַ וו אַ י, נ אַ ב ע ר ל י ן!

אַ מאָטאָר האָט זיך רוגזדיק צערוישט. די טאַנק־קייטן האָבן פּאַוואָלינקע זיך גענומען איינבייסן אין גליטשיקן וועג און וואָס אַ מאָל מיט מער רעש, ווי זיי וואָלטן מיטגעריסן מיט זיך די שטיינער פון שאָסיי. מיט אַ שטאָלענעם קול האָבן די טאַנקיסטן זיך צעשריִען טיף אין דער ווייטקייט אַריין, געשניטן זיך אַ וועג פאָרויס, און פון ווייט האָט אָפּגעהילכט:

— נאַ בערלין — נאַ בערלין!

✶

צו מאָרגנס ווען דער מאָרגנטוי האָט זיך ווי אַ בלוטסטראָפּן אויס־געפּיקט אויפן גראָען הימל — האָבן הינטער די טאַנקען זיך אַנטפּלעקט די חורבות פון ייִדן־ריינע שטעט און שטעטלעך אין דעם איינגענומענעם פּוילן.

## פערנוואַלד

### א

פאַרנאַכט־צו האָט זיך דער מיליטערישער לאַסט־אויטאָ מיט פּליטים אָפּגעשטעלט פאַרן מעלקישן מוזעאום אין מינכען. די מענטשן זענען געווען מיד און אויסגעמאַטערט. זייערע פּנימער זענען געווען פאַרחושכט און פון זייערע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַפּאַטיע צו אַלץ און אַלעמען.

אַן אַמעריקאַנער סאָלדאַט איז געשיקט אַרויסגעשפּרונגען פון פאַ־דערשטן טירל. ער האָט געעפנט די קלאַפּע פון אויטאָ און געהייסן דעם עולם אַראָפּשטייגן.

ברוך לעדערמאַן האָט גענומען זיין קליין טלומיקל אין האַנט, אַריין אינעם גרויסן הויף און געבליבן שטיין צווישן אַ ריי אומגעהייערע גע־ביידעס. ער האָט נאַכלעסיק זיך אַרומגעקוקט אויף די מאַסיווע מויערן, וועלכע האָבן אָנגעוואָרפן אַן אומהיימלעכקייט, און ער איז אַן אומעטיקער אַריין אין איינעם פון די זאַלן.

די הויפּטזאַלן זענען געווען אויסגעליידיקט. אויף די פּוסטע ווענט זענען נאָר איבערגעבליבן סימנים ווו ס׳האָבן געהאָנגען די בילדער. אין די ווינקלען פון זאַל זענען געווען אָנגעוואָרפן פעלד־בעטלעך מיט אָפּ־גענוצטע זעלנערישע קאָצן, פון וועלכע ס׳האָט זיך געפילט אַ טוכל־ריח.

— מאַך דיר באַקוועם! — זאָגט צו אים אַן אויפזעער, וואָס איז אַרויס־געקומען ווי פון אַ נישע אַרויס. נעם דיר אַ בעטל און גרייט דיר צו אַ געלעגער.

לעדערמאַנען איז דאָס באַפעלערישע קול אויסגעקומען באַקאַנט. ווו האָט ער עס געהערט? אפשר אין געטאָ? ס׳איז אים פאָרגעקומען ווי מ׳וואָלט אים אַריינגעבראַכט אין אַ פאַרמאַכטן לאַגער.

— ווו זענען מיר דאָ? — האָט ער אומרויִק געפרעגט.

— איר זענט דאָ אונטער דער שוץ פון „אונראַ" — האָט דער אויפזעער געענטפערט. דאָ איז דער „זאַמל־פונקט". לאַנג בלייבט מען דאָ נישט. פון דאַנען צעשיקט מען אין די די־פּי־לאַגערס איבער גאַנץ בייערן.

ברוכן איז געוואָרן אַנגעזאַלצן אויף דער נשמה. שוין ווידער אין אַ לאַגער? איז דאָך שוין צעלענדאָרף אין מערב־בערלין געווען אַ גן־עדן אַקעגן די דאָזיקע פּוסטע מויערן דאָ.

ער האָט אַ שליידער־געטאָן דאָס טלומיקל אין איינעם פון די ווינקלען און אַרויסגעלאָפן אין דרויסן. ער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג צו אַנטלויפן פון דאַנען. ער איז אַרויסגעגאַנגען אויפן הויף און גענומען שפּאַצירן לענג־אויס דעם טייך איסאַר, וואָס פליסט שטיל ביי דער מערב־זייט פון מוזעאום. אויפן הויף האָבן געברענט שוואַכע לעמפלעך, וואָס האָבן געוואָרפן אַ מאַטן שיין און איינגעהילט דעם גאַנצן אַרום אין עפּעס אַ פאַר־הוילנקייט. לעדערמאַנען האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מען היט אים ער זאָל נישט אַנטלויפן.

ווען ער איז צוריקגעקומען אין זאַל אַריין, זענען שוין געווען אויס־געשטעלט אַ סך בעטלעך. עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן וואָס אַ מאָל ענגער. עס האָט געווימלט מיט מענער און פרויען. לעדערמאַן האָט גלייך באַמערקט אַז קיין קינד זעט מען דאָ נישט. טראָץ דעם שוואַכן ליכט וואָס האָט געצאַנקט אין זאַל, האָט קיינער נישט געטראַכט פון מאַכן נאַכט. די מענטשן האָט נישט גענומען דער שלאָף, און זיי האָבן גערעדט צווישן זיך אויפן קול:

— מאָרגן פרי שיקט מען שוין אַוועק די ערשטע פּאַרטיע.

— וווּ אַהין?

— אונדז שיקט מען קיין פערנוואַלד.

לעדערמאַנס בעטל איז אויסגעקומען אַנטקעגן אַ יונג פּאָרל פון נאָך דער מלחמה.

— פון וואַנעט קומט איר?

— פון אוישוויץ.

— כ'מיין פון וואַנעט שטאַמט איר אָפּ?

— פון פּאַביאַניץ.

— און ווי איז דאָס פערנוואַלד?

מיר האָבן אויך דעם נאָמען צום ערשטן מאָל געהערט — האָט זיך

אָנגערופן די פרוי פון געלעגער אַרויס. מיר ווייסן נאָר אַז דאָס איז אַ לאַגער פון בלויז יידן.

אין זאַל איז געוואָרן פינצטער. צוזאַמען מיט דער פינצטערניש איז וואָס אַ מאָל שטילער געוואָרן. באַלד האָט זיך געהערט אַ כראַפּען.

לעדערמאַן האָט געלעכצט נאָך אַ ביסל שלאָף. אָבער ער האָט נישט געקאָנט צומאַכן מיט אַן אויג. ער האָט געפּרוּווט אַוועקטרייבן פון זיך די שרעקלעכע מחשבות, וואָס זענען געקראָכן צו אים אין קאָפּ און געוואָלט זיך דערמאָנען אין עפּעס פון זיין אַמאָליקן לעבן אָבער קיין שום בילד האָט זיך נישט געזען קלאָר. אַלץ האָט זיך באַוויזן אים ווי דורך אַ געדיכטן נעפּל. ענדלעך האָט ער זיך דערזען אַלס קינד און אויך דאָס מיידעלע מיט די שוואַרצע אויגן מיט וועלכע ער האָט זיך געשפּילט אין זאַמד, אַרומגעלאָפן מיט איר אויף די לאַנקעס פון שטעטל. זי האָט געריסן פעלד־בלומלעך און געפלאָכטן פון זיי אַ קראַנץ פאַר אים. ער האָט שוין דאָס בילד נישט אָפּגעלאָזט און ביסלעכווייז איז ער איצט מיטגעשוווּמען מיט די דמיונות. פון גרויס הנאָה האָט אַ גאַוער געריבנען פון זיין מויל. אין מיטן דערינען האָט אים איבערגעוועקט אַ פאַרדישעט קול. ער האָט זיך האַסטיק אויפגעזעצט אויפן בעטל און קלאָר דערהערט אַ געוויין. אַ יונגע פרוי איז געליגן אין אַ ווינקל און געהעשעט.

לעדערמאַן האָט זיך צוריק אַנידערגעלייגט. נישט קיין נייעס — האָט ער ביי זיך געטראַכט. ווינציק קלעמענישן און פאַרדראָסן ליגן טיף אין האַרצן ביי אָט די מענטשן. וואָס וואַרפן זיך דאָ אויף די בעטלעך. ס׳איז אים אַ שאָד געוועזן דער איבערגעריסענער חלום און ער האָט ווידער געוואָלט איינשלאָפן.

— הער וואַכמייסטער שיסט נישט! האָט ווער געשריגן פון שלאָף.

ער האָט אויפגעריסן די קלעבעדיקע אויגן־ווִיעס. ס׳איז פאַר אים קלאָר געוועזן, אַז מער וועט ער שוין די נאַכט נישט קאָנען אַנטשלאָפן ווערן. ער האָט אונטערגעשפּאַרט די לינקע האַנט אונטערן קאָפּ, אַזוי אַרום האָט ער בעסער געקאָנט זעען דאָס געלעגער פון דער העשנדיקער פרוי.

— מסתמא האָט זי אויף וואָס צו וויינען. אַוודאי געבליבן איינע אַליין, אָדער אפשר זעט זי אין דער האַלב־פינצטערניש דאָס קעפּל פון קינד וואָס מ׳האָט איר פון די אָרעמס אַרויסגעריסן? צי גאָר אַן אַנדער

גריזשעניש? ווער וויס? נייך, אַזאַ געוויין קאָן מען נישט איינהאַלטן — עס רייסט זיך אַרויס פון די שלונזן.

ער האָט שוין מער פון יענעם ווינקל קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט און געוואָלט דערגיין ווער זי איז. ער דערמאָנט זיך בעת ער איז צוריקגעקומען אין זאַל אַריין האָט ער אויף דעם בעטל ביים פענצטער נישט מער געזען ווי אַן איבערגעדעקטן מענטשן. ער איז דאָרט געווען שטיל און קיינער האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן. איצט ווען ער הערט איר שלוכצן, דוכט זיך אים אויס, אַז ער הערט אין דעם אויך זיין געוויין, ווי ער וואָלט געווען אַ שותף צום געיאָמער, וואָס טראָגט זיך פון יענער פרוי.

מיט אַ מאָל זעט ער ווי פון יענעם בעטל פאַלט־אַראָפּ דער קאָפּ און ס׳הייבט זיך אויף אַ יונגע פרוי. מיט ביידע הענט האַלט זי צו דעם קאָפּ אירן. ער זעט ווי איר שאָטן שלייכט זיך פּאַמעלעך ביי דער וואַנט. לעדערמאַנען דאַכט זיך אויס, אַז זי גייט צו צו זיין בעטל. ער האַלט איין דעם אָטעם ווי ער וואָלט זיך וועלן צוגרייטן צו אַן איבעראַשונג. און אפשר קאָן זי אים? קומט אים אויפן געדאַנק, אפשר וויל זי ער זאָל זי טרייסטן... זי גייט פאַרביי נאָענט פון אים. אָט באַלד וועט זי זיך אַנידערזעצן אויפן ראַנד פון זיין בעטל און אַרויפלייגן די האַנט אויף זיין קאָפּ... ער וויל זיך אויפזעצן, אָבער איידער ער באַוויזט זיך אַ ריר צו טאָן שטייט זי שוין ביי דער האַלב־געעפנטער טיר און פאַרשווינדט אין דער פינצטערניש.

— גאָט! זי גייט זיך דאָך אַ מעשה אָנטאָן — ציטערט ער אויף.

ער האָט געוואָלט איר נאָכלויפן, אָבער עפּעס אַ טערפּקע געפיל האָט אים באַהערשט: ווער האָט אַ רעכט איר אָנצוואַרפן זי זאָל אויסטראָגן אירעליידן ביזן סוף פון איר לעבן? אפשר איז אַזוי בעסער?

לעדערמאַן האָט נישט געוווסט ווער די פרוי איז. לויט דער פיגור וואָס ער האָט געזען אַדורכשלייכן צווישן די בעטלעך האָט זיין דמיון איר אויסגעמאָלן אין די שענסטע פאַרבן: אַ יונג שיין פּנים מיט שוואַרץ־פאַרחלומטע אויגן. נאָר אַזאַ פרוי וואָס האָט דורכגעמאַכט אַזוי פיל ליידן — האָט ער געטראַכט — וואָלט געקענט זיין פאַר אים אַ טרייסט. מיט אַזאַ איינער וואָלט ער געקאָנט אָנהייבן אַ ניי לעבן. ער האָט אַ זעץ־געטאָן זיך מיט דער פויסט אין שטערן:

— פאַר וואָס בין איך איר נישט נאָכגעלאָפן? אָבער ער האָט דעם קאָפּ נישט אויפגעהויבן. אַ טעמפּער געפיל האָט אים צוגענאַגלט צום בעטל.

„ס'האָט נישט געלוינט דער גאַנצער עסק" — האָט ער געיאַדעט זיך. אַזוי יעדעס מאָל ווען ער האָט זיך אַ ריס־געטאָן און געוואָלט איר נאָכלויפן האָט דאָס טריבע געפיל אים אָפּגעהאַלטן דערפון.

— צו וואָס? צו וואָס אָנהייבן אויף ס'ניי? ווידער אויפשטעלן אַ ניי דור און אויסהאָדעווען יידישע קינדער צו דער שחיטה? ס'וועט דויערן 25 צו 40 יאָר ווי ס'וועט אויסברעכן אַ דריטע וועלט־מלחמה און ווער וועט דעמאָלט זיין דער קרבן? ווידער דער ייד! אַזוי שטייט זי איצט אין דרויסןביים ברעג פון טייך. בלויז אַ פּלעסקע אין וואַסער וועט זיך אין דער שטילער נאַכט דערהערן... קיינער וועט זיך נישט מצער זיין. קיינעם וועט עס נישט אָנגיין ווען איר קערפּער וועט פון אונטערן וואַסער אויפטויכן און שווימען ווי אַ ווייסער פיש אויפן בויך...

ברוך לעדערמאַן האָט אָנגעשפּיצט די אויערן. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער הערט אירע טריט און אין דעם שוואַרצן שטיק פינצטערניש וועט זיך באַלד ווידער באַווייזן אַ העלער פלעק פון אַ ווייסן נאַכט־העמד און זי וועט צוריקקומען. דעמאָלט וועט ער זי שוין מער נישט אָפּלאָזן. ער וועט וואַרטן ביז עס וועט טאָג ווערן. ער וועט צוגיין צו איר בעטל, און איר זאָגן, אַז ער איז געווען וואַך. ער האָט אַלץ געהערט. געהערט איר פאַרשטיקט געוויין און געפיבערט ווען זי איז אַרויס צום איסאַר... זי וועט אים פאַרשטיין. מענטשן פון איין גורל פאַרשטייען זיך, זיי ווערן זיך נאָענט דורך געציילטע מינוטן.

ער האָט זיך איבערגעדרייט אויף דער צווייטער זייט פון אייזערנעם בעטל מיטן פנים צו דער וואַנט. דאָס געלעגער איז געווען האַרט און די זייטן האָבן אים ווי געטאָן פון ליגן. ער האָט געפּרווט צו־טאָן מיט אַן אויג, אָבער ער האָט נישט געקאָנט. נישט געקאָנט ווייל פון אַלע זייטן האָבן זיך געדרוקט צו אים די קאָשמאַרנע איבערלעבונגען פון נעכטן. ער האָט געשוועבט אין אַ וועלט פון גרימעניש און צאַפּלעניש, וואָס האָבן שווער געדרוקט אויף זיין נשמה. און אָט נעמט אים פּלוצעם עגבערן אַ פראַגע אין זיין מוח: צי קאָן אַזאַ פרוי וואָס האָט דאָס אַלץ מיטגעמאַכט נאָך האָבן דעם מינדסטן געפיל פאַר ליבע? זענען דאָך אַלע מילדע געפילן ביי איר געוויס אָפּגעטויט. די ווייבלעכקייט און צערטלעכקייט אויסגעוועפּט. וואָלט זי געהאַט אַן איידעלע נאַטור, וואָלט זי דאָך פון דעם טרעבלינקע־גיהנום נישט אַרויס אַ לעבעדיקע. טאָ צו וואָס צובינדן זיין ביסעלע גליק צו איר?

די דאָזיקע גריבלענישן און צעריסנקייט מיט דער אייגענער נשמה האָבן אים נישט נאָכגעלאָזן, ביז דער טאָג האָט אַריינגעבראַכן אינעם גרויסן זאַל און די פּליטים האָבן זיך געגומען וועקן.

— נו, מען דאַרף אויפשטיין — האָט ער געהערט ווי דאָס יונגע פּאָרל וואָס לעבן אים וועקט זיך. וואָס שלאָפט איר? אין אַ שעה אַרום גייט אָפּ דער טראַנספּאָרט קיין פערנוואַלד.

לעדערמאַן האָט איבערגעריסן דעם שמועס מיט זיך.

— ס'איז געקומען ווי פון הימל אַראָפּ — האָט ער געזאָגט. גוט וואָס מ'שיקט אונדז פון דאַנען אַוועק, אַנדערש וואָלט איך אַליין אַנטלאָפן.

מיט זיינע צעשטורעמטע געדאַנקען, וואָס האָבן אים נאָך אינגאַנצן נישט אָפּגעלאָזט האָט ער אויפגעטרייסלט דעם מידן גוף און אַראָפּ פון געלעגער. „אַז מען שטייט נאָר אויף די פיס הערט אויף צו שלעפערן" — האָט ער געמורמלט צו זיך. ער האָט אַריבערגעצויגן דעם צעפּליקטן סוועדער איבערן קאָפּ. אים איז נאָך אַלץ פאָרגעקומען אַז ער איז אַ געפאַנגענער. אָבער די סיטואַציע האָט זיך געענדערט. קיין באַוואָפנטע שומרים שטייען טאַקע מער נישט ביי אים, נאָר דאָס לעבן אַליין האָט אים גענומען אין דער געפאַנגענשאַפט. יעדן טאָג קומען פאָר געשעענישן, און ער אַליין איז נאָר אַ פּאַסיווער צושויער, וואָס קוקט זיך צו דעם אַלעם צו, אָן אַ כוח און אָן אַ ווילן עפּעס צו ענדערן. און אַזוי וועט עס זיך מסתמא ווייטער פירן. ער האָט זיך אַרומגעדרייט איבערן זאַל און נאָך אַלץ אַריינגעטראַכט: „אַ פרעמדע פרוי"? איז זי טאַקע פאַר אים אינגאַנצן פרעמד? ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכט אַז זי שטייט אונטער די טיר און וואַרט מען זאָל זי צוריקפאַרבעטן אין זאַל אַריין. ער האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ אין לאַנגן קאָרידאָר אַריין. אפשר וועט ער זי דערזען.

— עי! וועמען זוכט איר דאָרט? שרייט ווער פון זאַל.

— איר האָט אפשר געזען די פרוי וואָס איז אַרויס אין מיטן נאַכט?

— וואָס פאַר אַ פרוי? וואָס האָט זיך אים דאָרט געחלומט?

— אָבער עס שטייט דאָך ליידיק אַ בעטל ביי דער וואַנט.

— ווער קאָן וויסן וועמענס בעטל דאָס איז. איילט זיך בעסער צו פּעטער, טוט זיך אָן, ווייל איר וועט פאַרשפּעטיקן דעם טראַנספּאָרט קיין פערנוואַלד.

לעדערמאַן האָט נישט געוואָלט אָפּלאָזן דאָס יונגע פּאָרל. אין זייער גליק האָט ער געזען, אַז אויך פאַר אים וועט צוריק אויפשיינען די זון.

ער האָט באַגערט, אַז דאָס לאַגער־לעבן זאָל זיך נישט פאַרשלעפּן אויף לאַנגע יאָרן. די מלחמה האָט אים צעטרענצלט אַ שיין ביסל יאָרן. פאַר וואָס זאָל ער נישט אָנהויבן זוכן אַ יונגע פרוי ווי לאַנג עס איז נאָך צייט?

ער איז געווען פון די ערשטע וואָס זענען אַרויף אויפן גרויסן לאַסט־אויטאָ וואָס איז געשטאַנען גרייט זיי אַוועקפירן קיין פערנוואַלד. אין דער לעצטער מינוט האָט ער זיך נאָך אומגעקוקט, אפשר קומט זי צוריק פון טייך? זיינע אויגן זענען אַזוי געווען פאַרווירט צום „איסאַר", אַז ער האָט אַפילו נישט באַמערקט ווי דער אויטאָ איז אַרויסגעפאָרן פון מוזעאום־הויף און פאַרקירעוועט צום וועג וואָס פירט צו די טיראָלער בערג.

וואָס מער דער אויטאָ האָט גענומען פאָרן שנעלער אַלס מער האָבן זיך צעוויגט זיינע מחשבות: ווהין דערנענטערט ער זיך? צום גליק, אָדער אומגליק? פלוצים האָט ער זיך אַ האַסטיקן באַוועג געטאָן. ער האָט אַ וואָרף געטאָן מיט די הענט ווי ער וואָלט אָפּגעשטיפּט ווערן.

— ניין! ניין!, האָט ער געהערט זיין אייגן געשריי וואָס איז געקומען פון דער טיפעניש — עס קאָן נישט זיין, אַז נאָך אַזויפיל ליידן זאָל מען דיך נאָך אַ מאָל וועלן אַרויפלייגן אויפן ראַסן־מזבח.

מיטביידע הענט האָט ער באַדעקט זיין פּנים. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט ווי אַ מחנה פּרעסע־פאָטאָגראַפן זענען אַריינגעדרינגען אין דער אַמעריקאַנער זאָנע פון מערב־דייטשלאַנד און ווילן אויפכאַפּן זיין פּנים צוזאַמען מיט זיינע מחשבות און אים פאַרשטעלן פאַר דער גאַרער וועלט:

— אָט אַזוי זעט אויס אַ די־פּי, אַ ייד פון דער שארית־הפּליטה.

— שלאָפט נישט שכן — האָט דאָס יונגע פּאָרל, אים איבערגעריסן זיינע פינצטערע געדאַנקען — נעמט עפּעס אין מויל אַריין.

לעדערמאַן האָט אַ קוק־געטאָן אויף דעם מאַן און אים מקנא געווען וואָס ער האָט שוין באַוויזן צו באַקומען אַזאַ שיינע יונגע פרוי.

— איך האָב דאָך איר געקאָנט נאָכגיין ביזן סאַמען ברעג פון טייך און ביי דער קלענסטער באַוועגונג זי אָנכאַפּן פאַר די הענט און זי צוריק אַריינפירן אין זאַל. אפשר איז זי טאַקע געווען מיין באַשערטע?

אונטער וואָלפראַטסהאַוזען איז דער אויטאָ אַראָפּגעפאָרן פון אַ שטאַרק משופּהדיקן באַרג. דער זעלנער וואָס איז געזיצן ביים רעדל האָט זיך גע־וואָלט אַ רייץ־טאָן מיט די פּליטים און ער איז הפקרדיק אַראָפּ דעם באַרג ביזן טאָל אַריין. אַלע האָבן זיך צוזאַמענגעקניילט אין איין קופּע. לעדערמאַן

איז געווען אַריינגעפּרעסט צווישן ייִנגן פּאָרל. ער האָט זיך אַליין פאַר־שעמט ווען ער האָט דערזען אַז ער ליגט צופוסנס ביי יענעמס פרוי.

— ס׳מאַכט נישט, ס׳מאַכט נישט — האָט זי געלאַכט לעדערמאַנען אין פּנים אַריין, דער שאָפער איז אַ נעגער.

אונטן אין טאָל איז געפלאָסן אַ שאַרף־שטראָמענדיק וואַסערל. אין דעם ווינקל זעט די נאַטור אויס קאַפּריזנע און ווילד, ווי זי וואָלט נישט ווען דעם מענטשן דורכלאָזן דורך איר לייב.

אויף לעדערמאַנען האָט דער וואַסער־שטראָם געווירקט דערקוויקנדיק. זיינע מחשבות זענען געוואָרן אָפּגעקילט און אָפּגעפרישט. ער האָט דערזען ווי אַרום עפנט זיך אַ שיין נאַטור־בילד. דער וועג שלענגלט זיך צווישן יונגע סאָסנע־וועלדלעך. פון פאָרנט הייבט זיך אויף אַ הויכער טומאַן.

— מיר דערנענטערן זיך צום לאַגער האָט דער אונראַ־באַאַמטער ייאָס איז געזיצן אין דער שאָפער־קאַבינע אַריינגעשריגן אינעווייניק.

לעדערמאַן האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ אין דרויסן.

צווישן משופּהדיקע אַלט־בייערישע בערג, באַוואַקסענע מיט גרינע ביימער־קעפּ קוקן־אַרויס נידעריקע הייזלעך מיט רויטע דעכער און ברוינע ווענט — פ ע ר נ וו אַ ל ד.

עס דערזעט זיך אַ ריזיק־פייערדיק אויג וואָס הייבט זיך שפּעט אויף פון אונטער די טיראָלער בערג. דאָס קאָלירטע אויג הייבט אָן אַ שפּיל אויף די שויבן פון די נידעריקע הייזלעך. דערנאָך לויפט עס אַרום איבער די לאַנגע שורות הייזער ביז עס צעהעלט זיך אויפן גאַנצן אַרום.

ווי נאָר ברוך לעדערמאַן האָט איבערגעטראָטן דעם טויער פון לאַגער האָט ער דערזען אַ גרויס וווּנדער — אַ יידיש זויג־קינד.

פערנוואַלד איז אַרום און אַרום פאַרצוימט מיט אַ הויכן פלויט שטעכל־דראָטן. דער לאַגער איז גרויס אין פאַרנעם און גרענעצט זיך מיט פעלדער און אַ וואַלד. אויף יענער זייט פלויט פאַשעט זיך אַ סטאַדע בייערישע קי. נאָענט ביים פלויט זענען די גראָזן העכער און זאַפטיקער. די קי שטעקן אַריין די קעפּ צווישן די שטאַכלדראָטן. דער בייערישער פויער מיט דער אָפּגעהאַקטער האַנט טרייבט זיי פון דאָרטן:

— העי, העי! אַוועק, אַוועק פון די דראָטן!

דער פאַסטעך מיט דער אָפּגעהאַקטער האַנט קוקט אַ גאַנצן טאָג אַריין אין לאַגער. ער וויל זעען וואָס עס טוט זיך דאָרטן. וואָס טאָן די יידן אין לאַגער?

— זיי איז גוט! זיי פּאַשעט די „אונראַ", קאַפּעע און ציגאַרעטן פעלט זיי נישט.

שוין עטלעכע חדשים ווי דער בייער דרייט זיך אַרום דעם לאַגער און ער קאָן אַלץ נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי דאָס איז געשען, אַז די שול פון היטלער־יוגנט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לאַגער פון באַפרייטע יידן. אַז ער דערזעט דאָס איינציקע ווּעגעלע מיטן קינד גייט ער עס נאָך אַרום דעם פלויט און ער ברעכט זיך דעם קאָפּ: פון וואַנעט קומט שוין ווידער צו יידן אַ זויגלינג?

— ס'האָט דאָך געהייסן, אַז אַלע יידישע פרויען זאָלן סטעריליזירט ווערן, טאָ ווער האָט עס אַרויסגעלאָזט איינע וואָס זאָל קאָנען ווערן אַ מאַמע? ווער האָט דעם באַפעל נישט אויסגעפירט?

ער, דער בייער, ווייסט נישט וואָס אַזוינס דאָס הייסט נישט אויס־פירן קיין באַפעל. אים אַליין האָט דאָס געקאָסט אַן אָפּגעשאָסענע האַנט, אָבער ער באַדויערט עס נישט: „באַפעל איז באַפעל". נישט אויספירן קיין באַפעל קאָן פּאַסירן ביי אַלע פעלקער, אָבער נישט ביי דייטשן!

אַלע טאָג פירט אַרום די מאַמע אין לאַגער איר קליין קינד. אַלע טאָג גייט זי דעם זעלבן וועג ביז זי קומט צו צום טויער פון לאַגער. שטענ־דיק ברומט זי דעם קינד דאָס זעלבע שטילע לידל ביז עס שלאָפט איין אויף דער פרייער לופט. אַזוי האָט דער דאָקטאָר איר געהייסן. — אַ קינד דאַרף האָבן אַ סך פרישע לופט. און אַז די מאַמע קומט צו צום טויער הייבט זי אויף די אויגן אויף דעם זייגער. יעדעס מאָל ווען זי גיט אַ קוק אויף די גרויסע ווייזערס דערשרעקט זי זיך פאַר דער צייט, און איר בליק פאַלט אויפן קינד. איר דאַכט זיך אויס אַז דער דייטש מיט דער אָפּגע־האַקטער האַנט קריכט איר נאָך ווי אַ שאָטן, און אַז ער וויל איר קינד שלעכטס טאָן. זי דרייט האַסטיק אויס דאָס וועגעלע און פאָרט צוריק אַריין טיף אין לאַגער אַריין.

## ב

ברוך לעדערמאַן האָט זיך דאָס גאָר נישט פאַרגעשטעלט. פון מעל־קישן־־מוזעאום ביז דאָ אַהער איז דאָך אַן אונטערשיד ווי פון נאַכט ביז טאָג. ער זעט ווי אין פערנוואַלד קלאַפּט שוין אַ ניי לעבן. גלייך פון וואָגן־אַראָפּ האָט מען אים אַריינגעפירט אין איינע פון די הייזקעס, אויפגעשלאָסן אַ שטוב און אים איבערגעגעבן אַ צימער. אין צימער איז געוועזן: אַ טיש,

צוויי שטילן און אַ שענקל אויף וועש. אויפן בעטל האָט מען אים אַרויפ־געלייגט צוויי וואַרעמע קאָצן, אָפּגעשטעמפּלטע מיט די צייכנס פון „אונראַ".

אין הייזל זענען געווען דריי צימערן. צוויי אונטן און איין גרויס צימער אויבן, און אַ בשותפותדיקער וואַש־צימער פאַר אַלע. ער איז אַרויף אויף די שטיגן און געעפנט אַ טיר. עס איז געווען אַ גרויס ליידיק צימער מיט צוויי קליינע דאַך־פענצטער. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און געוואָלט פאַרמאַכן די טיר, אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך פון אַ ווינקל ווער אָפּגערופן: — ווער איז דאָרט?

אַ ברייט־פּלייציקער מאַן איז צוגעקומען צו דער טיר. ברוך האָט זיך געפונען אין אַ פאַרלעגנהייט און נישט געוווסט וואָס צו זאָגן.

— אַוודאי אַ נייער? — האָט יענער געפרעגט.

— כ׳בין נאָר־וואָס אַריין אין לאַגער. איך קוק זיך אַרום אין הייזל. איר ווויִנט דאָ?

— יאָ. דאָס איז עס...

— איינער אַליין אין אַזאַ גרויסן רוים?

— דערווײַלע איז נאָך דאָ קנאַפּ פאַמיליעס און ס׳איז נישטאָ וועמען אָוועקצוגעבן די גרויסע צימערן. ווו האָט מען אייך אַריינגעזעצט?

— אָט דאָ אונטן, אין צימער מיטן פענצטער צום וואַלד־אַרויס.

— אַ שכן?

— יאָ אַ שכן.

— איר האָט מיך דאָ צופעליק געטראָפן. וויינשטיין איז מיין נאָמען. איך בין אַריין אויף אַ ווײַלע איבערוואַשן דאָס קעסעלע צום מיטיק. אָט אַזוי שטייט עס נאָך פון נעכטן אָן. וואַרט אַ ווײַלע, איך גיי באַלד אַראָפּ און כ׳וועל אייך מיטנעמען אין דער קיך.

ברוך האָט נישט געפילט קיין הונגער אָבער ער איז מיט אים מיט־געגאַנגען. פון דערווייטנס האָט ער דערזען אַ גרויסע שילד, אויסגעזעצט מיט עלעקטרישע לעמפּלעך „במדבר". די שילד האָט געהאָנגען אויף אַ לאַנגער געביידע. אינעווייניק איז געווען די קיך.

— פון וואַנען קומט דאָ אַהער דער „במדבר"? — פרעגט דער נייער.

— אַזוי רופן מיר דעם לאַגער, זאָגט וויינשטיין און דרייט מיטן ליידיקן קעסעלע.

— ווער האָט דעם נאָמען אויסגעטראַכט?

— עפּעס אַ שרייבערל וואָס וווינט דאָ אין אַ בוידעם־שטיבל און שרייבט אין דער לאַגער־צייטונג מיטן זעלבן נאָמען: במדבר.

ווײַנשטיין האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין דער ריי מיטן קעסעלע אין דער האַנט, און לעדערמאַן איז געשטאַנען לעבן אים ווי אַ פרעמדער. ער האָט גענומען אויספרעגן יעדן פון וואַנען ער איז? ווו ער האָט איבער־געלעבט? און ווער פון זיינע האָט זיך געראַטעוועט.

— איינער פון אַ משפּחה און צוויי פון אַ שטאָט — האָט ער גע־שאָקלט מיטן קאָפּ.

לעדערמאַנען איז פאַרגאַנגען דער אַפּעטיט צום פאַרעדיקן עסן. די ריי איז געוועזן אַ לאַנגע און די מענטשן דענערווירטע.

— ס׳מזל אויף זיי ווי זיי פּאַשן אונדז.

— נישט איינער דערכאַפּט זיך גוט ס׳האַרץ...

— ווער דאַרף אַ קיך? זיי קענען דען נישט אַהיימגעבן די פּראָ־דוקטן, מען זאָל אַליין אָפּקאָכן!

— טאָ פון וואָס וועלן די קאָמיטעטניקעס „נעמען חלה״?...

— זיי זעען זיך שוין איין מאָל צום קאָפּ!...

— מ׳האָט דאָך נעכטן ביי נאַכט געכאַפּט פאָגעלן אַרויסשלעפּן אַ זאַק צוקער פון מאַגאַזין!

— נו, האָט מען אים אָפּגעשמיסן? אַז דער „דזשוינט מאַכער איז אַוודאי אַ שותף, טאָ פאַר וועמען האָט פאָגעל מורא?

— די קאָמיטעטניקעס וועלן זיך גוט באַפּעדערן...

— זיי האָבן זיך איינגעטיילט מיט דער ירושה: איינער האָט צוקער, איינער אַ מאַגאַזין מיט ציגאַרעטן, און איינער מלבושים...

— זיי קומט אַלע מאָל די ברכה אַריין. זיי נעמען פאַר 500 מענטשן מער און פאַרקויפן די קאַפע און ציגאַרעטן צו די דייטשן.

לעדערמאַן האָט נישט געקאָנט מער צוהערן. ער איז אַוועק פון דער קיך, דערווייטערט זיך פון דער ריי און זיך אַרומגעדרייט איבערן לאַגער. ער האָט איבערגעלייענט יעדן אויפשריפט אויף די ווענט. די גאַסן האָבן דאָ געטראָגן נעמען פון אַמעריקאַנער מדינות: „אָהיאָ־גאַס״, מיטשיגען, קאַליפאָרניאַ, ניו־יאָרק. דער רוב הייזלעך זענען נאָך געשטאַנען ליידיק.

אויף וויסקאָנסין־גאַס וואָס איז געשטאַנען ביים עק פון לאַגער, האָרט צום וואַלד צו האָט ער אָנגעטראָפן אויף עטלעכע משפחות פון אונגאַרן. זיי האָבן אַלע געוווינט צוזאַמען. די מענער זענען שוין געווען באַוואַקסן

מיט פאות און קליינע בערדלעך און די יונגע ווייבלעך האָבן געטראָגן טיכלעך אויף די קעפּ. אַ סך האָבן געלערנט אין דער ישיבה. לעדערמאַן האָט זיך מיט זיי דערפרייט. פאָרט היימישע מענטשן, לעבעדיקע עדות ווי אַזוי יידן האָבן אַ מאָל אויסגעזעען... ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און מיט זיי פאַרפירט אַ שמועס.

— יידן האָבן דעם גזר־דין אָנגענומען?

— וואָס מיינט איר ר׳ ייד, האַ?

— כ׳מיין — זאָגט לעדערמאַן — אַז עס איז היינט מער נישטאָ קיין בערדיטשעווער וואָס זאָל לאַדענען דעם רבונו של עולם צו אַ דין־תורה?

— וואָס, איר זענט געקומען קיין פערנוואַלד כדי זיך צו קריגן מיט גאָט?

— וואָס זשע דען ווילט איר? איך זאָל ווייטער אָפּהיטן זיין תורה און זיינע מצוות, כדי ער זאָל קאָנען מאַכן אַ מבול פון יידיש בלוט?

די אונגאַרישע יידן האָבן עפּעס געערעדט צווישן זיך וואָס לעדערמאַן האָט נישט פאַרשטאַנען. באַלד זענען זיי ביידע, אָן אַ זיי געזונט אַוועק פון אים.

ווי נאָר ס׳האָט אין דרויסן אָנגעהויבן דעמערן, איז לעדערמאַנען באַפאַלן אַ מידקייט אין די ביינער און אַ טיפער שלאָף האָט אים אַרומגענומען אויף זיין נייעם געלעגער. וויינשטיין האָט געמוזט לאַנג קלאַפּן ביז ער האָט אים אויפגעוועקט.

— אַזוי פרי שלאָפט איר שוין? — האָט וויינשטיין זיך אַריינגעשאַרט מיט אַן אויסרייד.

לעדערמאַן האָט זיך נאַכלעסיק אַוועקגעזעצט ביים טישל און געפרעגט: — איר ווילט עפּעס זאָגן?

— צו זאָגן האָב איך אַ סך, עס איז נאָר נישטאָ ווער עס זאָל מיך אויסהערן. אָ, ווען מען זאָל מיך לאָזן אַריינרעדן אין ראַדיאָ, וואָלט איך מיין רוף געלאָזט הערן איבער דער גאַנצער וועלט. ווי איר הערט האָב איך אַ געזונטן באַס, און מוסקולן — אָ, זעט! איך אַרבעט ביי אַן עלעקטרישע זעג־מאַשין. איך זעג פרישע קלעצער וואָס מען ברענגט פון וואַלד. איר מיינט אפשר, אַז איך האָב נישט געקאָנט טאָן אַן אַנדערע אַרבעט? מען האָט מיך געוואָלט נעמען אין דער פאַרוואַלטונג אַריין; כ׳האָב געקאָנט האַנדלען מיט ציגאַרעטן און קאַפע אויף שוואַרץ און מאַכן אַ קאָפּיקע... אָבער דאָס אַלץ גייט מיר מער נישט אין. וואָס האָבן אויפגעטאָן יידן

ווען זיי האָבן צוואַנציק דורות־צייט געמסחר׳ט אין פוילן? ווער האָט געירשנט מיינע זיידעס? וואָס פּאַראַ פּאַרמעג האָבן מיר איבערגעלאָזט מיינע עלטערן? אפשר די חזקה צו מעגן שטיין מיט אַ קעסעלע ביי דער פּערנוואַלדער קיך? האָט איר שוין פאַרזוכט פון די קעסט? מיט האַבער־פלאָקן פּאַשעט מען דאָך אונדז דאָ, גלייך ווי די וועלט איז אויסן צו פאַרקלעבן מיט דער געדיכטער פּאַפּקע אונדזערע ווונדן. ווער האָט גע־ווונען, און ווער פאַרשפּילט? — אַלע פעלקער האָבן געוווּנען, נאָר מיר, דאָס יידישע פאָלק האָבן פאַרשפּילט אַלץ, טאַקע אַלץ! איך זע ווי דער בייער מיט דער אָפּגעהאַקטער האַנט לאַכט ווידער אין די פויסטן אַריין.

אין שטוב איז געוואָרן קאַלטלעך. לעדערמאַן האָט זיך אויפגעשטעלט אַ דערשלאָגענער און געוואָלט אַריינגיין צוריק אין בעט אַריין.

— ניין, איר טאָרט איצט נישט שלאָפן — זאָגט וויינשטיין. קומט מיט מיר אַרויס אין גאַס. אין דרויסן איז וואַרעמער ווי דאָ.

דער הימל איז געווען אַן אויסגעשטערנטער און די נאַכט אַ וואַרעמע. ביים טויער פון לאַגער זענען געזיצן דריי דייטשע מיידלעך. געוואַרט, מסתמא אויף ווּעמען. זיי זענען געווען שמאָל אין די טאַליעס און הויך געוויקסיק. זיי האָבן געטראָגן קורצע קליידלעך מיט ווייסע בלוזקעס און גערויכערט אַמעריקאַנער ציגאַרעטן.

— זיי וואַרטן אויף אַ פאַרדינסטל — זאָגט וויינשטיין.

פון דער ווייטנס זענען אָנגעקומען עטלעכע קצבים־יונגען וואָס האָבן זיך געמאַכט געהיימע יאַטקעס אין די קעלערן. די מיידלעך זענען זיי אַקעגנגעלאָפן.

— האָסט געבראַכט ציגאַרעטן?

— אויך שאָקאָלאַד — האָט אַ קצב־יונג אַרויסגענומען אַ פּעקל שאָקאָלאַד פון דער טאַש און געפּאָכעט פאַר איר נאָז.

— קומט — האָט איינער פון די יונגען אַ זאָג געטאָן — ווי לאַנג משהלע פּאָליציסט שטייט אויף דער וואַך, קאָן מען זיי אַריינפירן.

די מיידלעך זענען אַדורכגעגאַנגען דורכן לאַגער־טויער אָנהאַלטנ־דיק זיך אונטער די אָרעמס פון די יונגען. זיי זענען געגאַנגען מיט שנעלע טריט און געאיילט אין די שטובן אַריין.

— אָט דאָס זענען זיי — זאָגט וויינשטיין. פאַר אַ פּעקל שאָקאָלאַד שמעקן זיי אויס אַ גאַנצע נאַכט דעם טוכלע ריח פון אַ קצב־יונג, און ביי טאָג טראָגן זיי זיך אַרום מיט שילערס ביכער אונטערן אָרעם. און דו

מיינסט, אַז נאָר די וויבער זייערע זענען אַזוי ? קאָן איך דיר זאָגן ווי איך האָב מיט אייגענע אויגן געזען ווי געסטאַפּאָ־לייט אין שוואַרצע מונ־דירן וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין אונדזערע הענט האָבן געקניט פאַר אונדזערע פיס און געבעטלט מען זאָל זיי שענקען דאָס לעבן, געבעטלט אויף אַזאַ נעבעכדיקן אופן, נאָך ערגער ווי די־אָ מיידלעך בעטלען ציגאַ־רעטן ביי די קצבים־יונגען.

— אַזעלכע יונגע קינדער, און שוין... שאָקלט לעדערמאַן מיטן קאָפּ.

— איך האָב דאָך דיר ערשט אויפגעקלערט ווער זיי זענען, און די באַדויערסט זיי ?

זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון שמאָלן וועגל וואָס האָט געפירט פון לאַגער־אַרויס צום הויפּט־שאָסיי. שפּאָגל־נייע אַמעריקאַנער מאַשינען זע־נען אַדורכגעלאָפן מיט אַ ווילדער שנעלקייט. אין די שאָפערקעס זענען געזיצן דייטשקעס.

— זעסט, זאָגט ווינשטיין — אַבי מען זאָגט אַז די אַמעריקאַנער האָבן באַזעצט מערב־דייטשלאַנד. אין דער ווירקלעכקייט האָבן די דייטש־קעס באַזעצט די אַמעריקאַנער סאָלדאַטן...

לעדערמאַן איז געגאַנגען ווי אַ נישט־דאָיִקער, פאַרזונקען אין שווערע געדאַנקען. פּלוצעם האָט ער באַמערקט אין די ראָוועס בערגלעך ערד. די בערגלעך זענען געווען צעוואָרפן איבער דער גאַנצער לענג פון שאָסיי.

— וואָס איז דאָס אַזוינס ? — האָט ער געפרעגט.

— איך בין אין דער געגנט באַפרייט געוואָרן — ענטפערט ווינשטיין שטיל. דאָ איז פאָרגעקומען דער „מאַרש אויף טיראָל". ווען גאַנץ פרייסן איז שוין געווען פאַרנומען און די רוסישע אַרטילעריע האָט געקלאַפּט אויף בערלין, האָבן זיי דאָ אַהער געטריבן די קאַצעטלער. מען האָט גע־טריבן און געשאָסן. ווער ס'איז געבליבן הינטערשטעליק האָבן זיי צוגע־שטופּט צום ראָוו און פון הינטן אַריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ. מער ווי איין קויל איז אַ קאַצעטלער ביי זיי נישט ווערט געווען. אַפילו ווען דער מענטש האָט נאָך געצאַפּלט האָבן זיי אים אַזוי געלאָזט ליגן אין ראָוו און ווייטער געגאַנגען. איך אַליין בין דערגאַנגען ביז באַד־קיסינגען. אַז איך האָב געפילט, אַז די כוחות גייען מיר אויס און כ'קאָן מער נישט אָנהאַלטן דעם מאַרש האָב איך זיך אַוועקגעשאַרט אין וואַלד אַריין. ביז די טיראָלער בערג איז דער גאַנצער וועג אויסגעלייגט מיט קברים.

אַ שפּאָר שטיקל וועגס זענען זיי ביידע געגאַנגען אומעטיקע מיט

אַראָפּגעלאָזטע קעפּ אין אַ טיפן שטילשווייגן. זייערע אויגן האָבן זיך איינגע־גראָבן ביי יעדן קבר, ווי זיי וואָלטן וועלן דערזעען דאָס פּנים פון דעם מענטשן וואָס ליגט דאָרט. באַרג־אַראָפּ זענען די קברים געווען שיטערער, ווייט איינער פון צווייטן.

לעדערמאַן האָט אַ זיפץ־אָפּ געטאָן און מיט אַ טערפּקע קול געזאָגט ווי פאַר זיך:

— מען מוז פאַרגעסן!

— וואָס האָסטו געזאָגט? — שפּרינגט וויינשטיין אויף צערייצט — פאַרגעסן? ווילסט אפשר כ'זאָל פאַרגעסן מיין ברודער וואָס ליגט דאָ אין איינעם פון די בערגלעך; פאַרגעסן מיין חרוב־געוואָרן שטעטל, מיינע נאָענטע וואָס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַש. פאַרגעסן זיך אַליין?

— איך האָב דערין אַ סך אַריינגעטראַכט — זאָגט לעדערמאַן צע־קלעמט. אויב מיר ווילן אָנהייבן אַ ניי לעבן מוזן מיר פאַרגעסן וואָס עס האָט מיט אונדז פּאַסירט אין די לעצטע זיבן יאָר און שלום מאַכן מיטן געדאַנק אַז מיר זענען ערשט איצט געבוירן געוואָרן. איך אַליין רעד מיר איין, אַז כ'בין געבוירן געוואָרן אין פערנוואַלד. מיר מוזן פאַרשטיין אַז אונדזער גורל איז אַ ביסל אַנדערש מיט דעם, וואָס מיר זענען געקומען אויף דער וועלט בן ארבעים... ווילסט נעמען נקמה? — נעם! ווילסט דווקא „עין תחת עין, שן תחת שן״? דאָס וואָלט מעגלעך געווען ווען דו האָסט צו טאָן מיט איין מערדער, מיט צען, אָדער אַפילו הונדערט. אָבער ווען אַ גאַנץ פאָלק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מערדער, טאָ ווי אַזוי וועסטו דאָס קענען אָנווענדן? אַפילו ווען דו זאָלסט נאָר יעדן צענטן געבן די שטראָף וואָס עס קומט אים, מוזסטו דיינע הענט, אַזוי איינטונקען אין בלוט, אַז דיין נשמה וועט זיך פאַרקלעפּן און ס'וועט די חיה איבער דיר געוועלטיקן.

וויינשטיין איז אַריינגעפאַלן אין אַ פּוריע. ער איז פאַרלאָפן לעדער־מאַנען דעם וועג און זיך געשטעלט אים פּנים אל פּנים.

זאָג מיר — האָט ער אים גענומען טרייסלען פאַר די אַקסלען — ווי אַזוי קאָן איך פאַרגעסן?

דאָס פּנים פון שארית־הפליטה־ייד האָט זיך פאַרכמאַרעט, אין די ווינקלען פון זיין מויל איז אַרויסגעקומען אַ צעקלעמטע גרימאַסע און פון זיין פאַרביטערט האַרצן האָט זיך געעפנט אַ הייסער קוואַל:

— אַלע עצה'נען מיר כ'זאָל פאַרגעסן. אָבער ווי אַזוי קאָן איך פאַרגעסן,

ווען מיינע אויגן האָבן געזען, ווי מענטש האָט געפרעסן מענטש: ווי אַ קולטורעל פאָלק האָט זעקס יאָר צייט געווילדעוועט אין אַ שדים־טאַנץ.

כ׳פרעג: צי האָסטו געהערט דערוועגן, אַז פרויען פון אַן אייראָפּעישער מדינה האָבן אָנגענומען מתנות פון זייערע בלוטיקע יונגען: הענטשקעס וואָס זענען געמאַכט געוואָרן פון אָפּגעשינדענער הויט פון יידישע פרויען? צי פאַרשטייסטו, ווי עס איז דערנידעריקט מיין מענטשלעכער ווען, ווען כ׳ווייס, אַז מיליאָנען דייטשן האָבן זיך אָן שום סקרופּול געוואַשן מיט „ר. י. פ.״־זייף און נאָך געסטאַרעט זיך צו באַקומען וואָס מער צוטיילונגען פון דער קרעמאַטאָריום־פּראָדוקציע? צי קאָנסטו מיר אויסטייטשן, ווי אַזוי האָבן די „קולטורעלע דייטשן״ געקאָנט שלאָפן אויף מאַטראַצן מיט אויסגעבעטע האָר פון דערמאָרדעטע פרויען פון אוישוויץ און טרעבלינקע? און זאָג מיר, לעדערמאַן, כ׳בעט דיך: צי האָב איך געהאַט רעכט זיך צו ראַטעווען און נישט טיילן דעם גורל פון מיינע ברידער?

ער האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם אויף אַ מינוט און באַלד ממשיך געווען:

צי ווייסטו, אַז ביי יעדן ביסן, וואָס כ׳נעם אין מויל אַריין, דערמאָן איך זיך אין אַ בילד וואָס כ׳האָב אַ מאָל געזען אויפן פעלד: ווינטער־צייט איז עס געווען. איבער די פעלדער ליגט אַ דינער שניי. פון אונטערן שניי קוקן אַרויס די שפּיצן פון קאָרן־גרעזלעך. עס גייען מענטשן מיט יעגער־ביקסן. אַ געוויינלעכע יאַגד אויף פעלד־חיהלעך. און אָט טרעפן די יעגער אַ געזינדל פון עטלעכע האָזן! פון זייערע קוילן האָט זיך נאָר איין האָז געראַטעוועט. אָבער באַלד נאָך דער שיסעריי, ווי נאָר די יעגער זענען אַוועק מיט די דערשאָסענע האָזן, שטייט ער אַזוי דער ניצול־געוואָרענער האָז אין מיטן פעלד און ציפּט ווידער די גרעזלעך פון אונטערן שניי־אַרויס...

— ווינשטיין, מען מוז פאַרגעסן!

— ווי קאָן איך פאַרגעסן — האָט זיין קול זיך גענומען ברעכן — ווען אין האַרצן אייטערט אַ טיפע וווּנד? פאַרגעס די צעשפּאָלטענע קינדערישע מוחלעך וואָס האָבן באַשפּריצט די מויערן פון געטאָ; פאַרגעס די זקנים וואָס זענען געטריבן געוואָרן אויף די בית־הקברות׳ן פון יידישע שטעטלעך און האָבן זיך געמוזט אַליין אויסגראָבן קברים.

זיינע פינגער האָבן זיך געעפנט ווי ביי אַ חולה וואָס הערט אויף צו שפּירן זיינע הענט, און ער האָט אָפּגעלאָזט לעדערמאַנס אַקסלען. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און געפונען אַ ברייטן שטיין, וואָס איז געליגן לעבן וועג.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט און ס׳האָט זיך אויף ס׳ניי געעפֿנט ביי אים אַ קוואַל פֿון רייד:

ערשט נעכטן איז דאָס געווען. פֿאָרנדיק אין טראַמוויי אין מינכען, קומט אַריין אַ בלאָנדע דאַמע, אָנגעטאָן אין אַ וואַרעמען פּעלץ־מאַנטל, מיט פֿיינע הענטשקעס און בריליאַנטענע אויררינגען. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט פּונקט קעגן איבער מיר. איין הענטשקע האָט זי אויסגעטאָן און ס׳האָט זיך אַנטפּלעקט אַ ווייסע האַנט. קוק איך זיך אַזוי גוט איין אין דער דאַמע און עס דאַכט זיך מיר אויס אַז פֿון אירע הענט שפּירט זיך ר. י. פּ.־פּעטס. איך וואָלט געשווירן אַז די הענטשקעס זענען געמאַכט געוואָרן פֿון דער הויט פֿון מיין שוועסטערס פּנים, און אַזעלכענע אויררינגלעך האָט דאָך געטראָגן מיין מאַמע. מיין מאַמע האָט זיי קיין מאָל נישט אויסגעטאָן.

איז פֿרעג איך דיך: צי קאָן מען, צי מעג מען און צו לאָזט זיך דאָס אַלץ פֿאַרגעסן?

לעדערמאַן האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן אים און טיף אָפּגעזיפֿצט:

— די וועלט וועט זיי דערפֿאַר נישט באַשטראָפֿן — האָט ער געזאָגט מיט פֿאַרביטערטקייט. איך האָב דיר געראָטן ווי אַ פֿריינד — האָט ער וויינשטיינען דערלאַנגט אַ האַנט ער זאָל זיך אויפֿשטעלן. די וואָס הייסן אונדז פֿאַרגעסן, זענען דערמיט עפּעס אַנדערש אויסן... איך אָבער זע איין, אַז די ברירה שטייט־איין ביי דיר: אָדער געדענקען, דאָס מיינט: כסדר זיך עסן, כסדר גרימעניש און גראַבלעניש אין דער אייגענער נשמה ביז... משוגע ווערן, אָדער — פֿאַרגעס און הייב אָן אַ ניי לעבן! ביידע זאַכן קענען נישט הויזן צוזאַמען!

## ג

באַלד אין דער פֿרי איז לעדערמאַן אַרויס אין גאַס און זיך אַוועקגעשטעלט פֿאַרן קאָמיטעט־בנין צו הערן די נייעס פֿון טאָג. דער ערשטער „גרויסער פּראָצעס" פֿון די נאַצי־פֿאַרברעכער. פֿאַר דעם מיליטערישן טריבונאַל פֿון די אַליִרטע, איז געווען אין פֿולן גאַנג.

קיינעמס נאָמען האָט ער אַזוי נישט געדענקט ווי גערינגען. דווקא גערינג — האָט לעדערמאַן געגלייבט — איז געווען דער, וואָס האָט געקאָנט אַראָפּזעצן דעם מטורף פֿון נאַצי־דייטשלאַנד. ער, גערינג האָט זיך גוט אויסגעקענט אויף סטראַטעגישע ענינים. זיין גרעסט פֿאַרברעכן

באַשטייט אין דעם וואָס ער האָט שטיל און אונטערטעניק צוגעזען ווי דער מטורף מאַכט וואַנזיניקיע שטיק מיט דער דייטשער אַרמיי, וואָס קאָסט מיליאָנען לעבנס. אויב ער האָט נישט דעמאָלט געהאַט דעם מוט עפּעס צו טאָן, וועט ער איצט מוזן זיך אָננעמען מיט מוט — ווי עס פּאַסט פאַר אַ פעלדמאַרשאַל — און גיין צו דער תליה.

גערעדט האָט מען אָבער דעם טאָג אויפן פּראָצעס וועגן אַנדערע.

ימח שמם וזכרם! האָט ער אויסגעשריגן דערהערנדיק די נעמען פון ד״ר פראַנק און יוליוס שטרייכער.

אַרום זענען געשטאַנען אַ געזעמל מענטשן.

— מען דאַרף זיי צעשניידן אויף שטיקער!

— צעשניידן איז ווייניק פאַר זיי — שרייט־אויס אַ פרוי. אין די מיטל־יאָרן וואָס איז געבליבן אַ מאַמע אָן קינדער — מען דאַרף טאָן אַזוי ווי זיי האָבן מיט אונדז געטאָן: ברענגען זייערע קינדער און זיי אומברענגען פאַר זייערע אויגן. זיי זאָלן פילן דעם טעם וואָס איך האָב געפילט.

— טאַקע נאָר אַזוי! זייערע ווייבער אויך. ווי איך האָב געמוזט צוקוקן ווי מען פאַרפייניקט מיין ווייב! — ווייזט אַן עלטערער ייד מיטן פינגער אויף דער ערד — ווי ער וואָלט די סצענע נאָך אַ מאָל געזען. אפשר דעמאָלט וואָלט זיך עפּעס אַ ריר געטאָן אין זייערע שטיינערנע הערצער. אפשר דעמאָלט וואָלטן זיי זיך אָנגעכאַפּט פאַר די קעפּ: וואָס האָבן מיר אָפּגעטאָן?

— הערסט? זיי שטייען דאָך פאַרן טריבונאַל ווי שטילע־לעמעלעך און טענהן, אַז זיי ווייסן פון גאָרנישט צו זאָגן — האָט וואָער זיך געוואָנדן צו לעדערמאַנען.

לעדערמאַן האָט גאָרנישט געענטפערט. ער איז אַוועק פון געזעמל אַ דערשלאָגענער ביי אים האָט ווידער אויפגעטויכט אַ געדאַנק:

— און איך?... איך פּרעדיק מען זאָל פאַרגעסן... ווען איך גיב נאָר דאָ אַ פּיפּס דערוועגן, וואָלט מען מיך צעריסן אויף שטיקער. און ווער וואָלט געזאָגט אַז זיי זענען נישט גערעכט?

ברוך לעדערמאַן האָט געפילט ווי ער ווערט צעריסן אין זיך; פון איין זייט האָט אין אים געברענט אַ בלוטיק נקמה־געפיל, וואָס האָט אים נישט געגעבן קיין רו, און פון דער צווייטער זייט האָט ער דאָס געפיל געפּרוווט לעשן מיט די הומאַניטאַרע געפילן וואָס האָבן געדרימלט

אין אים. ער האָט אַרויסגעצויגן פסוקים פון די חז״ל „בנפול אויבך אַל תשמח״ און די לערע פון ערי מקלט. אפילו פאַר אַ רוצח האָט די תורה געהייסן אויפשטעלן אַן אַנטרינונגס־פּלאַץ, ער זאָל קענען ראַטעווען זיין לעבן. ער האָט אויך געפּרווט פאַרטעמפּן זיינע געדאַנקען מיט דער סאָציאַליסטישער לערע, מיט וועלכער ער איז געווען אָנגעזאַפּט. סוף, סוף — האָט ער מיט זיך אַריינגעאַרבעט — איז דאָך פּיזישע נקמה נישט מער ווי אַ חיה׳עשער אינסטינקט. וואָס וועט מיר אַרויסקומען דערפון ווען מען וועט אויך אויסהרגענען זעקס מיליאָן דייטשן? צי וועלן די איבערגעבליבענע לעבעדיקע פּופּציק מיליאָן עפּעס לערנען דערפון? קעגן אַ פאַרדאָרבענעם מענטשן איז דאָ געווג געזעצלעכע מיטלען, אָבער ווען אַ פאָלק איז פאַרדאָרבן, וואָס פאַראַ עצה איז דאָ? ווער קאָן עס באַשטראָפן? ווער נעמט זיך אונטער צו היילן די חיהשע אינסטינקטן וואָס הערשן יעצט ביים געטהע און שילער פאָלק?

מיטאָג־צייט איז ער אַפילו אין שטוב נישט אַריינגעגאַנגען. דאָס קעסעלע איז געבליבן פאַרשעמט הענגען אויף דער וואַנט. קיינער האָט עס נישט אָנגערירט. אַ גאַנצן טאָג האָט ער זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן פון לאַגער. ער האָט קיינעם נישט געזען און אין קיינעמס פענצטער נישט אַריינגעקוקט. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז נאָר שאָטנס לויפן פאַר אים פאַרביי. גאַנץ פערנוואַלד האָט אים אויסגעוויזן צו זיין אַ צונויפטרעף פון טויזנטער שאָטנס...

שפּעט ביי נאַכט האָט ער זיך אַריינגעשלייכט אין שטוב אַריין, ווי ער וואָלט זיך אַריינגעגנבעט אויף אַ פרעמדנס געלעגער.

אין דער פרי האָט ער מער נישט געקאָנט אויפהייבן דעם קאָפּ פון בעטל. וויינשטיין האָט שוין צוויי מאָל געהאַט אָנגעקלאַפּט און איז אַוועק פון דער טיר.

ערשט מיטאָג־צייט איז דער שכן אַריין אין צימער.

— דו הערסט: לאַנדסבערג איז אַרומגערינגלט און מען לאָזט קיינעם נישט אַרויס פון לאַגער.

— וואָס איז געשען?

— צוליב נאַצי־פאַרברעכער וואָס זיצן אין דער לאַנדסבערגער תפיסה. די דייטשן מאַכן ווילדע דעמאָנסטראַציעס, רייסן זיך צו דער טורמע און שלאָגן אויפן וועג יידן. אָבער וואָס איז מיט אייך, לעדערמאַן? איר גליט

דאָך אין גאַנצן. איר מוזט האָבן היץ. איך וועל אייך אָפּפירן אין שפּיטאָל אַריין!

*

דאָס שפּיטאָל האָט זיך געפונען אין אַ ווינקל פון לאַגער, אַריינגעשטעקט טיף אין וואַלד. עס איז געווען אַ ראַיאָן־שפּיטאָל פאַר די די־פּי־מענטשן. אין קאָרידאָר האָבן געוואַרט קראַנקע אויפגענומען צו ווערן. ער האָט געוואַרט אויף זיין ריי. דער קאָפּ האָט זיך אים אַ ביסל געדרייט און אין מויל האָט ער געפילט טריקעניש. ער האָט געפילט אַז די קני־ען ברעכן אים און אַז ער וועט לאַנג נישט קאָנען איינזיצן אויף דער שטול.

אַ יונג מיידל אין אַ ווייסן פאַרטוך איז אַדורכגעלאָפן. לעדערמאַן האָט איר נאָכגעקוקט. זי איז אַריין אין רענטגען־צימער און דאָרט פאַרזוימט. ווען זי איז צוריק אַרויס האָט ער זי אָפּגעשטעלט:

— איך וואַרט שוין דאָ אַ האַלבע שעה און קיינער נעמט מיך נישט אויף.

— וואָס איז אייך? — האָט זי אים געקוקט אין די אויגן אַריין.

— דער קאָפּ רוישט און די פיס טראָגן מיך קוים.

— קומט מיט מיר האָט זי געזאָגט — און אים אָנגענומען ביים אָרעם.

זי האָט אים אַריינגעפירט אין אַ באַזונדערן צימער און זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ ווייסן שרייב־טיש.

— ווי לאַנג זענט איר אין לאַגער?

— אַ חודש צייט!

— טוט אייך אויס ביזן גאַרטל.

פאַר לעדערמאַנען איז די זאַך געווען נישט קלאָר; ווי קומט דאָס וואָס אַ קראַנקן־שוועסטער נעמט אים אונטערזוכן? באַלד האָט ער דערפילט ווי אירע פינגער קלאַפּן אויף זיין פּלייצע.

— אָטעמען, טיפער, אָ אָט אַזוי! נישט אָטעמען!

— איר זייט מיט אַ פרוי? — האָט זי געפרעגט.

— כ׳בין אַליין.

— אויב אַזוי וועל איך אייך אויפנעמען אין שפּיטאָל.

— זי האָט אים געהאָלפן אָנטאָן און עפּעס אויפגעשריבן אויף אַ צעטעלע. מער געדענקט ער נישט וואָס עס איז מיט אים פאָרגעקומען.

ווען ער האָט געעפנט די אויגן, האָט ער זיך געפונען אין אַ פּאַלאַטע

מיט אַ סך קראַנקע. ווי נאָר ער איז געקומען צו זיך איז אים אויפן געדאַנק געקומען די קראַנקן־שוועסטער וואָס האָט אים אויפגענומען. ער האָט זיך נישט געקאָנט אויסטייטשן די זיכערקייט מיט וועלכער זי האָט גערעדט: „אויב אַזוי, וועל איך אייך אויפנעמען אין שפּיטאָל". אַ שטייגער ווי דער שפּיטאָל וואָלט געווען אירער. פון גרויס נייגער האָט ער איבערגעפרעגט דעם קראַנקען שכן:

— ווער איז זי דאָס, די קראַנקן־שוועסטער?

— ווי זעט זי אויס, אַ בלאָנדע מיט אַ ברייט פּנים?

— ניין, אַ ברונעטקע מיט לאַנג־געשניטענע ברוינע אויגן.

— איך ווייס נישט וועמען דו מיינסט.

לעדערמאַן איז ווידער אַנדרימלט געוואָרן. די איינשפּריצן וואָס ער האָט באַקומען האָבן נאָך געווירקט און אים איינגעשלעפערט. אין מיטן דרימל האָט ער דערפילט אַ לייכטן באַריר אויף זיין האַנט. ער האָט אויפגעריסן די אויגן וואָס האָבן נאָך געקלעפּט מיט שלאָף, און דערזען אַז לעבן זיין בעטל שטייט די זעלבע קראַנקן־שוועסטער און האַלט אירע פינגער אויף זיין פּולס.

— נו, ווי פילט איר זיך?

— אַ ביסל בעסער — האָט ער געענטפערט פאַרשעמט.

— אָט־אָ די, די מיין איך — האָט ער געזאָגט צום קראַנקן ביי זיין בעטל, ווען זי איז שוין געווען ביי דער טיר.

יענער האָט זיך צעלאַכט:

— זי איז ביי דיר גאָר אַ קראַנקן־שוועסטער? ס'איז דאָך מאַיאָר גאָרן די הויפּט־דאָקטאָרין פון שפּיטאָל.

ווען לעדערמאַן איז אַרויס פון שפּיטאָל, האָט ער געוואַרט אין קאָרידאָר ער זאָל זיך געזעגענען מיט דער שעף־דאָקטאָרין. ער האָט איר געוואָלט זאָגן אַ פאַר וואַרעמע ווערטער פאַר איר גוטער באַציִונג צו אים. דורך דער גאַנצער צייט וואָס ער איז געלעגן אין שפּיטאָל האָט ער געזאַמלט אינפאָרמאַציעס וועגן איר. ער האָט שוין געוווּסט, אַז זי איז אַ יידיש מיידל פון ברוקלין, אַ דאָקטאָר מעדיצין וואָס דינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי אין דער ראַנג פון אַ מאַיאָר. דורך דער צייט האָט ער זי נאָר איין מאָל געזען אין איר מיליטערישן מונדיר מיט אַ גרויסן שטערן אויפן היטל. אים איז זי אָבער געווען ליבער אינעם ווייסן פאַרטוך מיט די טרייבלעך אין טאַש. ער וואָלט נישט מיד געוואָרן איינצוקוקן

זיך אין איר אײדעלן פּנים און אין אירע לאַנג־געשניטענע אויגן. ער האָט זיך נישט געאײלט צוריק אַהיימצוגײן אין זײן קאַלטן פּוסטן שטיבל.

ענדלעך האָט ער זיך דערוואַרט. אַ מיליטערישער דזשיפּ איז צוגע־פאָרן צום שפּיטאָל און די דאָקטאָרין איז פון אים געשיקט אויסגעשטיגן.

— איך דאַנק אײך, מאַיאָר פאַר אײער הילף — האָט ער געדריקט איר קלײן אײדל הענטל.

זי איז צוגעגאַנגען צו אים נענטער און מיט בײדע הענט געעפנט די וויִעס פון זײנע אויגן.

— איר זענט געווען דערשעפּט, און אַ ביסל זענט איר אויך בלוט־אָרעם — אַ כאַראַקטער־שטריך פאַר אַלע די־פּי־קראַנקע וואָס מיר האָבן דאָ. אָבער דאָס וועט מיט דער צײט פאַרבײגײן — האָט זי אים באַרויִקט.

— די צײט, די צײט דאַרף הײלן אונדזערע וווּנדן? — האָט ער איבערגעחזרט.

ער האָט דאָס געזאָגט הויך און די דאָקטאָרין האָט אויף אים אַ קוק געטאָן:

— וואָס מײנט איר דערמיט צו זאָגן?

— איר, איר מאַיאָר, האָט ער געשטאַמלט — איר וועט מיך נישט קענען פאַרשטײן. איר קומט... הם... איר קומט פון אַ גרויס פרײ לאַנד... און אין טרעבלינקע זענט איר נישט געווען...

— איך האָב מיך שוין דאָ אין פערנוואַלד אַזוי פיל פון טרעבלינקע אָנגעהערט...

— אָבער אײער יידיש. אײער גוטער יידיש, אײערע עלטערן שטאַמען געוויס אָפּ פון ווילנער געגנט... זאָגט איר, הײסט עס, אַז די צײט, די צײט דאַרף מיך הײלן...

זײ זענען בײדע געבליבן שטײן אָן ווערטער. זי האָט אַ קוק־געטאָן אויף אים און עס האָט איר אַ ריר־געטאָן די בענקשאַפט וואָס ליגט אין זײנע אויגן. פאַר אירע אויגן האָט אַ שוועב־געטאָן די רענטגען־אויפנאַמע פון זײנע לונגען. זעלטן צו טרעפן בײ די די־פּי־מענטשן אַזעלכע רײנע לונגען. ערשט זײן וווּנדערלעכע קערפּער־בוי...

— נו, מיר וועלן זיך נאָך זעען — האָט זי אַ דיסקרעטן שמײכל געטאָן.

— איך וועל אײך נישט פאַרגעסן — האָט ער דערפילט אַ נאָענטקײט צו איר. איבריקנס זעט איר דאָך אויס ווי מײן יינגסטע שוועסטער יאַנינאַ. הײנט וואָלט זי שוין אַ סטודענטין געווען. געטראָגן אַ ווײסן כאַלאַט

און אויך אָנגענומען פּאַציענטן. זי האָט געשטרעבט צו זיין אַ פּעדיאַטער. זי האָט שטאַרק ליב געהאַט קינדער און זי איז אַוועק מיט אַ פּאַרטיע קינדער קיין טרעבלינקע... אַזוי... נו, צום ווידערזען מאַיאָר!



ווען ברוך לעדערמאַן האָט געעפנט די טיר פון זיין צימערל האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז צוריקגעקומען פון שפּיטאָל איז ער שוין נישט אַליין. ער האָט זיך געוווּנדערט אויף זיין מאָדנע געפיל. אַזאַ געפיל — האָט ער געטראַכט — קאָן נאָר האָבן אַ פרוי ווען זי גייט אַוועק פון דער היים אַליין און קערט זיך צוריק פון קליניק מיט נאָך אַ נפש צו וועמען איר האַרץ איז צוגעבונדן...

אים, לעדערמאַנען, איז פאָרגעקומען אַז אין צימערל זענען זיי אַריין זאַלבעצוויי.

ביי יעדן קער און ווענד, האָט ער זי געפילט לעבן זיך. אַז ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס רעקל און אויסגעטאָן דאָס העמד האָט זיך אים אויסגעוויזן ווי אירע פינגער קלאַפּן־אויס זיינע פּלייצעס, ווי זי עפנט זיינע אויגן־ווי׳עס און קוקט אַריין טיף אין זיין ווייַנענדיקער נשמה. ער האָט אָנגעהויבן מאַכן אָרדענונג אין צימערל, און אַריינגעטראַכט פון וואַנען צו נעמען נאָך אַ ביסל זאַכן אין שטוב אַריין: אַ וואַזע אויף בלומען, אַ בילד אויף דער וואַנט, נאָך אַ בענקל און אַ טישטעך אויפן טיש. ער האָט אין געדאַנק אויסגעשטעלט יעדע זאַך אויף זיין אָרט. דערנאָך האָט ער געעפנט די טיר און זיך העפלעך פאַרנייגט:

— ביטע, קומט אַריין! ס׳מאַכט נישט אויס, אַז איר זענט געקומען אומגעריכט. מאַכט אייך באַקוועם! נעמט אַראָפּ דעם מאַנטל. גלייבט מיר אַז דער מיליטערישער מאַנטל מאַכט נאָר קאַליע אייער פיגור... שענער וואָלט איר אויסגעזען אין ציווילע פרויען־קליידער, אַ שטייגער אין אַ ווייס בלוזקעלע מיט אַ ראָזע בלום אויף דער ברוסט...

ביטע, זיצט! אפשר מאַכן אַ גלעזל טיי?...

ער האָט אַריינגעקוקט אין ליידיקן קאָרידאָרל. קיינער איז דאָרט נישט געווען. אַ פאַרשעמטער האָט ער צוריק פאַרמאַכט די טיר.

— ס׳מאַכט נישט קאַליע — האָט ברוך לעדערמאַן באַדויערט זיין מעמד. אַ מענטש וואָס איז געלעגן אַזוי לאַנג אין די קאַצעטן צווישן

חיהשער ווילדקייט, האָט פאַרלוירן די גוטע זיטן און פיינע מאַניערן. מען מוז זיך אַ ביסל צוריקאיינגעווינען. ס׳וועט צו נוץ קומען...

ד

מיט אַ מאָל איז דער לאַגער פאַרפילט געוואָרן מיט נייע פליטים. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער יציאת־פוילן. די ניצול־געוואָרענע האָבן פאַרלאָזט די פוילישע ערד און געשטראָמט אין די „אונרא״־לאַגערן וואָס אין מערב־דייטשלאַנד. דאָס ליידיקע צימערל אין הייזל איז אַוועקגעגעבן געוואָרן. וויינשטיין האָט געמוזט אַראָפּגיין פון דעם גרויסן צימער אין פאַרטער, און אויבערשטן שטאָק האָבן זיך אַריינגעצויגן אַ פּאָרל וואָס איז געקומען פון פוילן. מען האָט שוין געהערט מער קלאַפּן אין וואַש־רוים, האַקן האָלץ. די פרוי איז געווען אַ יונגע און ליב געהאַט ריינקייט. זי האָט געוואַשן דאָס פאָדערהייזל און דעם וואַש־רוים — דאָס הייזל האָט אויפגעלעבט.

— מאַנספערשוינען גייט אַ סך אָן ריינקייט? — האָט זי געזאָגט צום מאַן. ווען ס׳וואָלט געווען נאָך אַ פרוי אין הייזל וואָלט זי מיר צוגע־האָלפן אין דער אַרבעט, אַזוי מוז איך אַלץ טאָן אַליין און אַפילו וואַשן די טרעפּן און האָב צו קיינעם קיין טענות נישט.

אין פערנוואַלד האָט צו ביסלעך גענומען אויפגיין אַ ניי־לעבן, אַ יידיש לעבן: שולן, מנינים צום דאַווענען, קיבוצים, מ׳האָט אָנגעהויבן שפּילן יידיש טעאַטער און עס איז דערשינען אַ יידישע צייטונג מיט לאַטיינישע אותיות „במדבר״.

אין שפּיטאָל זענען געבוירן געוואָרן די ערשטע קינדער פון נייעם דור. אין אָוונט איז וויינשטיין אַריין צו לעדערמאַנען.

— איר ווייסט? מאָרגן גייען מיר נישט צו דער אַרבעט. ס׳וועט זיין הימלעך אין שטעטל. עס קומט צו פאָרן די ענגליש־אַמעריקאַנישע ארץ־ישראל־קאָמיסיע.

פון באַלד אין דער פרי אָן איז שוין געווען אַ שטאַרקע באַוועגונג אין די גאַסן אַ צעברויזטע מענטשן־כוואַליע האָט זיך פאַרזאַמלט פאַר דער געביידע פון לאַגער־קאָמיטעט.

די קיבוצים האָבן זיך אויסגעשטעלט אין רייען מיט זייערע פענער און טראַנספּאַרענטן:

— עפנט די טויערן פון פּאַלעסטינע!

מיסטער באַרטלי קראָם איז אַריין אין די ביוראָען פון לאַגער־קאָמיטעט און אויסגעהערט צענדליקער עדות.

—וווּהין ווילט איר גיין? — האָט ער יעדן איינעם געפרעגט.

אַלע ווי איינער האָבן געענטפערט קורץ:

אין לאַנד פון אונדזערע אָבות.

מיטיק־צייט האָט די קאָמיסיע געמאַכט אַ שפּאַציר איבערן לאַגער. זיי זענען אַריינגעגאַנגען אין די שטובן, גערעדט מיט ווייבער און געזוכט אַ גרעסער קינד, וואָס פאַרשטייט שוין עפּעס.

צוריקגייענדיק צו די דזשיפּן וואָס האָבן אויף זיי געוואַרט האָבן זיי באַגעגנט אַ מיידעלע. זיי האָבן איר פאַרשטעלט דעם וועג און געפרעגט:

— מיידעלע זאָג, ווילסט דאָ בלייבן?

— ניין!

— ווילסט אפשר ווינען אין מינכען און זיך שפּילן מיט קינדער?

— איך האָב מורא פאַר דייטשן, דייטשן האָבן מיין מאַמע פאַרברענט.

— טאָ ווו ווילסטו פאָרן?

— אין מיין לאַנד, אין ארץ־ישראל!

מיסטער האָרטלי קראָם האָט אַ שמייכל געטאָן, נאָר ביי איינעם אַ שלאַנקן מאַן, אַן ענגלישער מיטגליד פון דער קאָמיסיע, איז דאָס פּנים געוואָרן פאַרכמאַרעט.

לעדערמאַן מיט וויינשטיינען האָבן דאָס געזען און זיך איבערגעוווּנקען.

— זעסט ווער די ענגלענדער זענען? — זאָגט וויינשטיין.

ס׳וועט זיי גאָרנישט העלפן — אַקצענטירט לעדערמאַן. מיר דאַכט זיך, אַז דער ענטפער פון דעם קליינעם מיידעלע וועט מער ווירקן אויף דער קאָמיסיע ווי דאָס עדות־זאָגן פון הונדערט דערוואַקסענע מענטשן.

— די ענגלענדער וועלן איבעררעדן די אַמעריקאַנער.

— אויב זיי וועלן נישט אַרויס מיט גוטן, וועלן זיי פון דאָרט אַנט־לויפן מיט חרפּה. דער ישוב קעמפט העלדיש און מיר שיקן אַהין יונגע מענטשן אונטער די ענגלענדערס נאָז. מיר האָבן דאָ אַ גרויסן מענטשן רעזערוואַר און מיר וועלן די טויערן פון ארץ־ישראל אויפברעכן!

## ה

מאַיאָר גאָרן האָט געהאַט פאַרצייכנט אין איר נאָטיץ־ביכל לעדערמאַנס אַדרעס און אַהינגעשיקט די עלטסטע קראַנקן־שוועסטער אים באַזוכן.

ווען זי איז צוריקגעקומען פון אים, האָט די דאָקטאָרין געפרעגט:

— האָט ער זיך אויף עפּעס באַקלאָגט?

— ניין; עס איז פולשטענדיק געזונט.

— איך האָב אייך פאַרגעסן צו זאָגן אַז איר זאָלט אים צורעדן ער זאָל גיין אַרבעטן. די ניצול־געוואָרענע מענטשן טאָר מען נישט לאָזן אַרומ־דרייען ליידיק.

— איך האָב מיט אים דערוועגן גערעדט אָבער ווי ס׳ווייזט אויס איז ער באַשעפטיקט. איך האָב אים געטראָפן זיצן ביי אַ פּאַק פּאַפּירן. ער שרייבט מסתמא, אַ בוך. ער צייכנט אויך און מאָלט. ווען איר זאָלט זען דאָקטאָר! דאָס גאַנצע צימער איז אויסגעהאָנגען מיט געמעלן. איך האָב אייך באַלד דערקענט... איין מאָל קוקט איר אַראָפּ פון דער וואַנט ווי אַ שטרענגער מאַיאָר... און איין מאָל ווי אַ יונג חנעוודיק מיידל. דאָס שענסטע זענט איר אָבער אַרויסגעקומען אין אַ ווייס בלוזקעלע מיט אַ ראָזע בלום אויף דער ברוסט... ער האָט טאַלאַנט דער בחור!...

די שעף־אַרצטין האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק.

איך דאַנק אייך! — האָט זי געזאָגט אַריינקוקנדיק אין די קראַנקן־קאַרטן וואָס זענען געלעגן אויפן טיש. יאָ, באַשטעלט פאַר מיר דעם שאָפער איך דאַרף פאָרן אין דער הויפּט־קוואַרטיר.

איבערן גאַנצן וועג קיין מינכען, איז לעדערמאַנס געשטאַלט נישט אָפּגעטראָטן פון איר. זי האָט אים געפּרוווט אָפּטרייבן פון זיך מיטן כלומרשטן אויסרייד: ער איז דאָך אַזוי אָרעם... אָבער ער האָט זיך ווידער געשטעלט פאַר אירע אויגן. אין געדאַנק האָט זי לעדערמאַנען פאַר־גליכן מיטן דייטשן רענטגענאָלאָג, ד״ר האַנס. און פּונקט ווי זי שטעלט פעסט מיט אַ זיכערקייט די דיאַגנאָזעס ביי קראַנקע, אַזוי האָט זי אויך דאָס מאָל דעצידירט:

מען דאַרף האַנסן שטעלן אין אַ זייט. אַ שיין פּנים וועט זי האָבן ביי אירע עלטערן ווען זי וועט צוריקקומען קיין ברוקלין מיט אַ דייטשן מאַן. ער ד״ר האַנס זאָגט דאָך עס איר אָפּן: הייראַטן און אויסוואַנדערן! זאָל זי אויך זיין גלייך מיט פיל פון די אַמעריקאַנער סאָלדאַטן וואָס נעמען מיט מלחמה־רויב — דייטשקעס פאַר ווייבער...

דער דזשיפּ איז געלאָפן מיט אַ נישט־דערלויבטער שנעלקייט. דער וועג איז געווען נאָך פול מיט גריבער פון די טאַנק־קייטן וואָס זענען דאָ דורכגעלאָפן. און מאַיאָר גאָרנס דזשיפּ איז כסדר אונטערגעשפּרינגען.

אירע געדאַנקען האָבן זיך אָבער נישט איבערגעריסן. עס האָט זיך איר אויס־געדאַכט ווי זי דאַרף דעצידירן וועגן אַן אָפּעראַציע איבערן אייגענעם גוף. זאָל זי אין גאַנצן אויסשניידן האַנסן פון איר האַרצן? וועט זי אויף דעם אָרט קאָנען אַריינפלאַנצן לעדערמאַנען?...

פון דערווייטנס האָט זיך שוין געזען די שטאָט וואָס איז געליגן אין טאָל. מיכנען, האָט זי געטראַכט, איז דער זיך־אָרט פון אַ סך מאָלער, און ביי איר קוקט גאָרנישט אויס די לאַנדשאַפט צו זיין אַזוי שיין. אַמעריקע איז אַ סך שענער! אָבער — איך מוז דעם שניט מאַכן! — איז זי אַנט־שלאָסן. דער בלאָנדער דייטש ווערט וואָס אַ מאָל צודרינגלעכער און פרעכער... אמת, עס ציט איר צו אים ווי צו אַ מאַן... אָבער נישט מער.

ווען זי איז צוריקגעקומען פון שטאָט האָט זי באַלד געלאָזט רופן לעדערמאַנען צו זיך אין ביוראָ.

— איך האָב וועגן אייך געטראַכט — האָט זי נישט דרייסט געזאָגט. איר דאַרפט גיין אַרבעטן. אַזעלכע מענטשן ווי איר טאָרן נישט אַרומגיין ליידיק. איך האָב אייך באַזאָרגט אַ פּאָסטן אַלס מאַגאַזינער פון שפּיטאָל. זענט איר צופרידן?

לעדערמאַן איז געווען צעטומלט.

— דאָ ביי אייך? — האָט ער געשטאַמלט.

— נו, יאָ, אין די מאַגאַזינען וואָס זענען אין קעלער. קומט וועל איך אייך אַריינפירן.

מאַיאָר גאָרן האָט נישט געוווּסט פון „שטילע ליבע". זי האָט נישט ליב געהאַט אירע געפילן אויסצובאַהאַלטן. אַרויפגייענדיק פון קעלער האָט זי אָנגענומען לעדערמאַנען אונטערן אָרעם און אים געוויזן:

— אָט דאָ איז מיין פּריוואַטער צימער. איר קאָנט אַריינקומען ווען איר ווילט...

לעדערמאַן איז געוואָרן איבערראַשט. איז דאָס מעגלעך? — האָט ער זיך געפרעגט.

דעם גאַנצן ווינטער איז ד״ר גאָרן זעלטן־ווען אַרויסגעפאָרן פון שפּיטאָל. די אָוונטן האָט זי פאַרבראַכט מיט לעדערמאַנען. מען האָט געהערט זייי רעדן ביז שפּעט אין דער נאַכט. טייל מאָל זענען זיי אַרויס אויף אַ שפּאַציר אַרום דעם לאַגער.

— אַ יידישע נשמה ציט צו יידן — האָבן ווייבער געמורמלט. טרעפנ־דיק זיי שפּאַצירן אַרומגענומען. זי איז אַן אָרענטלעך מיידל.

דער ווינטער איז פאַר לעדערמאַנען אַנטלאָפן ווי ער וואָלט געווען איין גרויסער טאָג. ער האָט זיך נישט באַוויזן אַרומצוקוקן און שוין האָבן די שנייען זיך גענומען טייען. די בערג האָבן גענומען אַראָפּוואַרפן די ווייסע קאַפּלען פון די קעפּ. אויף זייערע שפּיצן האָבן זיך באַוויזן שוואַרצע פלעקן. די ערד האָט גענומען שפּראָצן מיט אַ פרישער גרינקייט. אויך דער טומאַן אויף די קייגנאיבערדיקע טיראָלער בערג איז געוואָרן דורכ־זיכטיקער, ליכטיקער, ווי זייערע שפּיצן וואָלטן זיך איבערגעטאָן אין אַ דורכזיכטיקן וואַל. לעדערמאַן האָט ליב באַקומען דעם דאָזיקן פרילינג. פאַרגאַפט האָט ער געקוקט אויף דער נאַטור. דער דאָזיקער פרילינג איז זיינער און ער דערפרייט זיין לעבן — האָט ער געטראַכט.

יעדער זון־אויפגאַנג האָט אים אָנגעגאָסן מיט פרישע פרייד. אין יעדן נאַקעטן פעלד האָט ער געזען ווי מען וואַרפט איבער די ערד־בייטן צו אַ ניי לעבן. ער האָט געפילט ווי אויך ביי אים קומט דאָס זעלבע פאָר. די קאַפּריזן פון גורל וואַרפן אים כדי עס זאָל פון אים אָנהייבן שפּראָצן אַ ניי לעבן. דער שווערער אומעט מיט וועלכן ער איז ביז איצט געווען געהילט, האָט זיך איינגעקאָרטשעט אין אַ ווינקעלע פון זיין האַרצן. דער וועלט־קיילעך האָט זיך אויסגעדרייט צו אים מיט דער ליכטיקער זייט. די וועלט האָט צוריק באַקומען דעם פריערדיקן חן און איז געוואָרן זיינע. ער האָט געפילט ווי ער קאָן די גאַנצע וועלט אַרומנעמען מיט זיינע הענט.

אין די טעג, ווען ווינשטיין האָט יעדעס מאָל אָנגעקלאַפּט אין לעדער־מאַנס טיר האָט זיך קיינער נישט אָפּגערופן. אַז ער האָט העכער געקלאַפּט האָט פון דער זייטיקער טיר אַ פרוי אַרויסגעשטעלט דעם קאָפּ:

— ער איז נישטאָ, שכן.

— מ׳זעט דאָך אים גאָרנישט — האָט ווינשטיין געזאָגט.

— ער ליגט דאָרט ביי דער דאָקטאָרין. טייל מאָל קומט ער פאַר טאָגס.

שבת האָט ווינשטיין אים אָפּגעהיטן.

— ווו ביסטו עפּעס פאַרפאַלן געוואָרן?

לעדערמאַן האָט אים וואַרעם אויפגענומען.

— ס׳איז פאַר מיר אויך ליכטיק געוואָרן. אומגעריכט האָט די זון אַ שיין געטאָן פאַר מיין טיר...

ווינשטיין האָט אים געדרוקט די האַנט:

— עס קומט דיר! נאָך אַזוי פיל פּיין. — איך פאַרגין דיר פון גאַנצן האַרצן!...

ו

פערנוואַלד האָט שוין געהאַט אַ טראַדיציע אויפצונעמען גרויסע געסט. דער ערשטער איז געווען גענעראַל אייזנהאַוער, דער דעמאָלסדיקער שעף פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי. ס׳איז גראָד געווען יום־כיפּור און ער איז געגאַנגען באַזוכן די שול ווו יידן דאַווענען. עס זענען געקומען גע־נעראַלן און אַנדערע גרויסע לייט. מאַנכע האָבן באַזוכט דעם לאַגער צו באַקענען זיך מיט דער נויט פון דער שארית־הפליטה, אַנדערע ווידער אַלס נייגעריקייט ווי אַזוי עס זעען אויס די־פּי־מענטשן.

אין איינעם אַ טאָג זענען די גאַסן פון לאַגער געווען איבערפולט מיט מענטשן. אין די וואַרשטאַטן האָט מען נישט געאַרבעט צוליבן גרויסן גאַסט. מען האָט דערוואַרט פּיאָרעלאַ לאַ גוואַרדיאַ, דעם דעמאָלסדיקן שעף פון דער „אונרא". זיין נאָמען איז געגאַנגען פאַר אים פאָרויס און מען האָט דערציילט אַ סך מעשות וועגן ניו־יאָרקער בירגערמייסטער.

לעדערמאַן מיט וויינשטיינען האָבן זיך געפונען אין די פאָדערשטע רייעןביים קבלת־פּנים. דער גאַסט איז אָנגעקומען אונטער אַ גרויסער וואַך פון באַוואָפנטע מיליטער־לייט, אָבער ווי נאָר ער איז אַריינגעקומען אין לאַגער אַריין האָט ער נישט סובל געווען און געהייסן די וואַך זאָל אָפּטרעטן.

מאַיאָר גאָרן איז געשטאַנען אין אַ זייט, אויסגעפּוצט אין איר מילי־טערישן מונדיר. מיט אַ מאָל האָט זי געזעען ווי לעדערמאַן דערנענטערט זיך צום גאַסט. וואָס וויל ער דאָרט טאָן? — איז זי געוואָרן אומרויִק.

לאַ גוואַרדיאַ האָט זיך אָפּגעשטעלט און אים געפרעגט וואָס ער פאַרלאַנגט.

— נעמט אַוועק די מיליטער־פּאָליציי פון דעם לאַגער. מיר זענען שוין גענוג געווען אונטער אַ וואַך. זיי היטן אונדז מיר זאָלן נישט אַרויסגיין פון לאַגער און פאָרן קיין פּאַלעסטינע. צו דעם האָט מען באַדאַרפט באַפרייט ווערן?

לא גוואַרדיאַ האָט אויף אים אָנגעשטעלט זיינע שוואַרצע אויגן. קומט אַריין אין ביוראָ, מיר וועלן זיך אַדורכרעדן.

ווען לעדערמאַן איז צוריק אַרויסגעקומען האָט אים אָפּגעוואַרט אַ גרויסער עולם.

— נו, וואָס האָט ער געזאָגט? ווען פאָרן מיר פון דאַנען אַוועק?

— ער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז נאָך היינט וועט די מיליטער־פּאָליציי

אָפּטרעטן פון לאַגער. אַזאַ מענטש האָב איך נאָך נישט געזען. ער איז דער גרעסטער פון די חסידי אומות העולם!

ז

דער טאָג איז געווען אַ לינדער. ער האָט זיך קוים געקאָנט דער־וואַרטן עס זאָל נאַכט ווערן און ער זאָל זיך טרעפן מיטן ברוקלינער מיידל. אין זכרון האָט ער געדענקט יעדעס וואָרט וואָס ער האָט גערעדט מיט לא גוואַרדיען, און ער האָט עס געוואָלט איר דערציילן.

אַ האַפּערדיקער האָט ער אָנגעקלאָפּט אין דער טיר פון איר צימער. אָבער ווי נאָר ער איז אַריבערגעטראָטן די שוועל, האָט זי אים אַ ווייז־געטאָן מיט דער האַנט און געהייסן וואַרטן אין דרויסן.

לעדערמאַנען האָט אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן. עפּעס אַ טערפּקע פאַרגעפיל האָט אים גענומען נאָגן. וואָס זאָל דאָס באַטייטן? דאָס האָט אים נאָך נישט פּאַסירט. פון יענעם מאָמענט אָן ווי זי האָט אים געזאָגט „דאָס איז מיין צימער און ווען דו ווילסט קאָנסטו אַריינקומען" האָט זי איר וואָרט געהאַלטן. און יעצט, מיט איין מאָל?... ער האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה: זאָל ער אינגאַנצן אַוועקגיין און ערשט קומען מאָרגן? אפשר וועט זי זיך פילן געטראָפן? פאָרט אַ שעף־אַרצטין פון אַ שפּיטאָל, אפשר האָט זי געהאַט וויכטיקע ענינים אויפן טיש?

אַ דערשלאָגענער האָט ער זיך געדרייט אויפן לאַנגן קאָרידאָר אַהין און צוריק. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז יעדע קראַנקן־שוועסטער וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען באַגעגנט אים מיט אַ שמייכל, גלייך ווי זי וואָלט אים וועלן זאָגן: איך ווייס... איך ווייס... ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק אין אַ ווינקל, אונטערגעשפּאַרט מיט ביידע הענט דעם קאָפּ, ער האָט געהאַט דעם געפיל, אַז ער איז צום ערשטן מאָל אַריין אין שפּיטאָל נאָך הילף פאַר זיך...

קיין סך צייט האָט עס נישט געדויערט, אָבער ביי לעדערמאַנען האָט עס אויסגעזעען ווי אַן אייביקייט. ענדלעך איז זי אַרויסגעקומען און אים אַריינגעפירט צו זיך.

אַלע געדאַנקען זענען פון לעדערמאַנען מיט אַ מאָל פאַרשווּנדן. נישט לאַנג דערנאָך זענען זיי אַרויס פון שפּיטאָל. לעדערמאַן האָט זי געהאַלטן אונטערן אָרעם און איר אָנגעהויבן דערציילן וועגן זיין געשפּרעך מיט לא גוואַרדיען. ער האָט זיך געפילט דערהויבן דערפון וואָס עס

זענען נאָך פאַראַן אַזעלכע גייסטער אויף דער וועלט. זיין שטימע האָט זיך דערוואַרעמט און ער האָט צו איר פּאַמעלעך אויסגערופן:

— אַ, יהודית! ווי גוט וואָלט דאָס געווען ווען מיר ביידע שפּאַצירן אַזוי ביים ים־ברעג פון תל־אביב. ווי שיין וואָלט אונדזער לעבן געווען. דו וואָלסט געגאַנגען אַרבעטן אין שפּיטאָל און איך אין דער אַרמיי... יהודית, הערסט: אַ יידישע אַרמיי וועלן מיר האָבן! און מעגלעך איך זאָל זיך דערדינען צום ראַנג פון אַ מאַיאָר און דעמאָלט וועלן מיר ביידע זיין גלייך...

ער האָט זי אַרומגענומען און געוואָלט קושן, אָבער זי האָט אים לייכט אָפּגעשטויסן פון זיך.

— איך ווער באַפרייט פון דער אַרמיי און מוז אַהיימפאָרן — האָט זי צו אים געזאָגט מיט אַ סטאָאישער רויִקייט.

לעדערמאַן האָט דערפילט ווי אירע ווערטער האָבן אים אַ שניט געטאָן אין האַרצן.

— וואָס, דו ווילסט מיך פאַרלאָזן? האָט ער ווי נישט מיט זיין קול אויסגעשריגן.

— איך האָב דיר נישט געוואָלט וויי טאָן — האָט זי אַ גלעט־געטאָן איבער זיין טשיפּרינע. אָבער אַזוי וויל דער גורל.

מער האָבן זיי צווישן זיך נישט גערעדט. אין אַ פיינלעכן שטיל־שוויגן האָט ער זי באַגלייט צוריק אין שפּיטאָל אַריין.



עס איז נאָך געווען פּאָר ניין אַזייגער. דער גרויסער זאָל „במדבר" איז געווען העל באַלויכטן. דאָרטן איז פאָרגעקומען עפּעס אַ פאָרשטעלונג פון דראַמאַטישן וואַנדער־קרייז. לעדערמאַן איז שנעל פאַרביי דעם אָרט. ער האָט נישט געוואָלט צוזאַמענקומען זיך מיט מענטשן. די ליכט האָט ער נישט געקענט פאַרטראָגן און עס האָט אים געצויגן צו דער פינצטער־ניש פון זיין צימערל. ער האָט שטיל געעפנט די טיר, וויינשטיין זאָל נישט דערהערן. געוואָלט זיין מיט זיך אַליין. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן געלעגער און אַריבערגעצויגן דעם קאָץ איבערן קאָפּ.

ווי נאָר ער האָט גענומען אַנטשלאָפן ווערן איז ער אויפגעשפּרונגען מיט שרעק. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט אַז אַ קאָץ איז אַרויפגע־שפּרונגען אויפן בעטל און האָט זיך אים אַרויפגעלייגט אויפן האַלדז.

אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געהאַט אויסטערלישע זעונגען, ער האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעוועקט. אַזוי ביז דער ערשטער מאָרגנשטראַל האָט גענומען העלן אין פענצטער.

ווי מיר גייט דאָס אויף דער טמאידיקער ערד — האָט ער זיך געגריזשעט. ער האָט געשפּאַנט איבערן צימערל, געקוקט איין פּאַפּי־ראָס נאָכן צווייטן און טריב געטראַכט: ווי שווער עס איז אָנצוהייבן אַ ניי לעבן. יענע דאָרטן אין מעלקישן־מוזעאום איז פאַרשווינדן ביינאַכט, ביי די ברעגן פון „איסאַר" נאָך איידער איך האָב צייט געהאַט מיט איר אַ וואָרט אַרויסצורײדן, און יהודית גאָרן וואַרפט אַראָפּ דעם מיליטערישן מונדיר און פאָרט צוריק קיין ברוקלין. טאָ צו וואָס האָט זי מיך אַריינ־געפירט אין איר צימער?... באַלד אָבער האָט ער זי גענומען פאַרטיידיקן. זי איז נאָך גענוג יונג, אַלנפאַלס אַ סך יונגער פון מיר. זי האָט ווידער אַ שוועב געטאָן פאַר זיינע אויגן. ער האָט דערפילט די זאַפטיקייט פון איר קערפער און די גוטסקייט פון איר נשמה. אין אים איז אויפגעגאַנגען אַ דאַנקבאַרקייט צו איר.

— אַזאַ מענטש ווי איך דאַרף נישט האָבן קיין פּרעטענסיעס צום לעבן — האָט ער זיך אַליין געמוסרט. די קאַנטע פון גליק איז אויסגע־שעפּט און מען קאָן פון דער באַנק מער נישט אַרויסנעמען. עס קומט מיר נישט קיין שום חוב...

ער איז מער נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט אין די מאַגאַזינען פון שפּיטאָל. — עס פעלן נישט קיין מענטשן אין פערנוואַלד. איך קאָן מער נישט פאַרבייגיין איר צימערל...

פינצטערע געדאַנקען זענען אים געקראָכן אין קאָפּ. צווישן זיי — וועגן אַ שטורמישע באַגעגעניש מיט איר: ער וועט זי אָנכאַפּן ביים האַלדז און ווערגן... ער האָט אַראָפּגעריסן פון די ווענט אַלע בילדער וואָס ער האָט געצייכנט פון איר און צעריסן זיי אויף שטיקער, ווי ער וואָלט זי וועלן אַרויסרייסן פון זיין האַרצן. אָבער עס האָט נישט געהאָלפן — וואָס מער ער האָט געצאָרנט אויף איר, אַלץ מער האָט ער זי ליב באַקומען. אַנשטאָט ווערגן, האָט ער זי געדרוקט צו זיך, אַנשטאָט שרייען אויף איר, האָט ער אויסגעזונגען צו איר דאָס געזאַנג פון זיין האַרצן.

— ווי אַזוי קאָן מען אַזאַ מיידל פאַרגעסן?

ערשט איצט האָט ער דערפילט די עוולה וואָס ער האָט געטאָן וויינשטיינען. אַ צעבראָכן האַרץ לאָזט זיך נישט אַרומבאַנדאַזשירן. ער

האָט געוואָלט אַרויסלויפן און אָנקלאַפּן אין זיין טיר. אויסזאָגן אים דעם סוד, אַז אין דעראמת׳ן האָט ער זיך נאָר מיט אים גערייצט, ווען ער האָט געזאָגט „וויינשטיין פאַרגעס!". ער האָט געפּרוּווט אים אַראָפּפירן פון גלייכן וועג, אָבער ער אַליין, וויינשטיין ווייסט נישט אַז זיין שטאַרקער ווידערשטאַנד האָט אים דערנענטערט צו אים. ער האָט געפילט ווי ער שרייט מיט מיט וויינשטיינס געזונטע שטימע:

— ווי אַזוי קאָן איך פאַרגעסן?!

פון איצט אָן ווען־נאָר וויינשטיין איז צו אים אַריינגעקומען האָט ער אים אויפגענומען מיט אַ סך וואַרעמקייט. ער האָט געוואָלט ער זאָל בלייבן וואָס לענגער זיצן און דער וויכוח זאָל אָנהאַלטן.

— דער וועלט קאָן מען נישט דערציילן וועגן אַלע רויע רציחות ווי זיי זענען פאָרגעקומען — האָט ער אים אויסגעטייטשט. מען טאָר נישט אויסמאָלן ווי אַזוי עס זעט אויס אַ ים בלוט פון זעקס מיליאָן מענטשן. די וועלט וועט זיך דערשרעקן און אַנטלויפן. אַנטלויפן נישט פון די מערדער נאָר פון די וואָס האַלטן אין איין דערציילן ווי אַזוי דער מאַסן־מאָרד האָט אויסגעזעען. פאַר דער וועלט מוז מען ברענגען נאָר קאָנטורן, שאַרף־געצייכנטע שטריכן פון דער טראַגעדיע. מען מוז זיך קענען פאַרטיפן אין דער טראַגעדיע פון איין מענטש, אַ דערוואַקסענעם אָדער אַ קינד.

וויינשטיין האָט נישט מסכים געווען.

— נו, אויב איר האָט מורא אַז די וועלט וועט זיך דערשרעקן, טאָ זאָגט איר אַז מען האָט נאָר אומגעבראַכט איין מענטש, איין ייד. ווי מיינט איר וועט זי זיך דערפון אפשר מער איבערנעמען?

— ס׳טויג נישט אַזוי און ס׳טויג נישט אַנדערש. אַ שאָד די מי — האָט ער רעזיגנירט אַ זאָג געטאָן — די וועלט וועט אונדז סיי ווי נישט פאַרשטיין, פּונקט ווי עס האָט מיך נישט פאַרשטאַנען יהודית גאָרן און זי איז אַוועק קיין ברוקלין.

די לעצטע ווערטער האָבן זיך אַ גליטש אַרויסגעגעבן אין וויינשטיינס אָנוועזנהייט און ער האָט זיי שוין נישט געקאָנט צוריקציען.



ווען לעדערמאַן איז נאָך האַלבער נאַכט אַריין אין זיין צימער האָט ער פאַרשלאָסן די טיר און גלייך צוגעלאָפן צום שענקל. אין אונטערשטן

שיפלאַד האָט ער געהאַט געמאַכט אַ טאָפּלטע דעק און דאָרט געהאַלטן עפּעס אַ טייערן חפץ. איידער ער האָט דאָס שיפלאַד אַרויסגענומען האָט ער פאַרהאַנגען מיטן קאָץ דאָס פענצטערל און אַרויפגעלייגט אַ האַנטוך אויף דער קליאַמקע. דערנאָך האָט ער גענומען אויפוויקלען פון אַ טיכל עטלעכע זאַכן. אַ מינוט איז ער געשטאַנען אויף די קניען דערנאָך האָט ער זיך אויפגעשטעלט און דאָס טיכל מיט די זאַכן אַרויפגעלייגט אויפן טיש. ער האָט דאָס פאָרזיכטיק אויפגעוויקלט, ווי ס׳וואָלט דערין געווען גלעזערנע כלים.

— ביי מיר ליגט עס אין שיפלאַד — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ — און זיי דאָרטן האָבן נישט מיט וואָס צו קעמפן.

ערשט איצט האָט ער פאַרשטאַנען פאַר וואָס ער קאָן זי נישט פיינט האָבן. פאַר וואָס זיינע הענט ווערן לויז ווען ער טראַכט אַהינצולויפן צו איר און זי ווערגן. זינט מאַיאָר גאָרן האָט אים די צוויי אויטאָמאַטישע פּיסטאָלעטן איבערגעגעבן פאַר דער הגנה האָט ער געפילט ווי זי האָט אים געקויפט פאַר איר אייביקן קנעכט. ווען־נאָר זי האָט אים באַגעגנט האָט זי אים אונטערגעריקט עטלעכע מאַגאַזינדלעך קוילן. „שיק זיי דאָס. אָן געווער קאָן מען דעם מענטשלעכן כבוד נישט אָפּהיטן״.

אָבער ניין! ער וועט דאָס מער נישט שיקן. ער וועט דאָס מיטנעמען מיט זיך! מיט אַ רעוואָלווער פון יהודית גאָרן וועט ער זיין שטאַרק. ער וועט קעמפן ווי אַ לייב. קיינער וועט אים נישט באַצווינגען! אייראָפּע איז פאַרפוילט! איז ער געוואָרן נאָך מער דעצידירט — יידיש לעבן וועט דאָרט מער נישט אויפגיין.

ער האָט אויסגעשיט אויפן טיש אַ גאַנצן באַרג פּאַפּירן. ביי איינעם אַ פּאַפּיר מיט שאַרפע טוש שטעמפּלען האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט עס נאָך אַ מאָל איבערגעליינט. ריכטיק! — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ. מיין ניו יאָרקער קוזין געדענקט גוט אַלע מיינע פּערסאָנאַלען, אַפילו ווי די מאַמע האָט געהייסן פון דער היים, און ער האָט דעם „אַפידייוויט״ גוט אויסגעשטעלט. אָבער פאָרן צו אים וועל איך נישט! קיין טרייסט וועט ער מיר נישט קענען זיין. איך וועל בעסער זיך פילן מיט יהודית גאָרנס רעוואָלווערן אין די הענט... און — ער האָט צעריסן די פּאַפּירן.



אויף צו מאָרגנס ווען וויינשטיין האָט געעפנט די טיר איז דאָס שטיבל געווען ליידיק. אין לעדערמאַנס צימערל האָט מען אַריינגעזעצט אַ נייע פאַמיליע. ער אַליין האָט זיך שוין געפונען אין אַ צוג וואָס איז געלאָפן אין דער ריכטונג צו שטראַסבורג. ער איז פון דער טייל וועלט אַוועק אַליין, ווייל פון זיין גאַנצער משפחה איז קיינער מער נישט איבער־געבליבן. פון פערנוואַלד האָט ער מיטגענומען אַ קליין טלומיקל אין וועלכע ס׳איז געווען: אַ פּאָר נישט־געפּרעסטע העמדער, זיינע כתבים און די מתנה וואָס די דאָקטאָרין האָט אים מיטגעגעבן פאַר דער הגנה. אין בוזעם האָט ער געהאַט פאַרשטעקט איר פאָטאָגראַפיע, אָבער ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז ביז ער וועט נישט אָנקומען אין לאַנד אַריין זאָל ער די פאָטאָגראַפיע נישט אָנקוקן. דאָס איז געווען דאָס גאַנצע פאַרמאָג וועס דער אַכטאונדרייסיק יאָריקער ברוך לעדערמאַן האָט מיטגענומען פון אייראָפּע. צווישן זיינע כתבים האָט זיך אויך געפונען אַ יחוס־בריוו פון זיין אָפּשטאַמונג, וואָס ער האָט אָפּגעהיטן מיט לעבנס־געפאַר. דאָס איז געווען די איינציקע ירושה נאָך זיינע זיידעס און עלטער־זיידעס, פון צוואָנציק דורות יידן אויף דער פוילישער ערד.

מיט־אָ דעם טלומיקל האָט ער זיך דערשלאָגן ביזן „עקזאָדוס" מיט אַ שטאַרקן ווילן צו קעמפן פאַר אַ זעלבסשטענדיק־יידישער מדינה.

## ביים ירקון

די זיבן־טויזנט־טאָניקע שיף „עצמאות״, פול־געפּאַקט מיט נייע עולים, הוידעט זיך עטלעכע מייל פון חיפהער ברעג און וואַרט ס׳זאָל טאָג ווערן, כדי אַריינצופאָרן אינעם פּאָרט. דערווייל איז נאָך פינצטער. די עלעקטרישע לעמפּלעך פון דער יבשה הייבן זיך פון דער נידער ביי די ברעגעס און סדרן זיך אויס וואָס אַ מאָל העכער און העכער, ווי זיי וואָלטן געוועזן אָנגעהאָנגען אָן יעקבס לייטער, וואָס שטייט אויף דער ערד און איר שפּיץ גרייכט אין הימל אַריין. וואָס העכער און ווייטער, איז טאַקע שוין אוממעגלעך אונטערצושיידן לעמפּל פון שטערן. ערשט ווען די נאַכט־גרוי־קייט שפּאַלט זיך און אַ שטיק הימל ווי אַ גרויס, גרוי איי לייגט זיך אויס אויף די שפּיצן פון כרמל־באַרג, שיילט זיך אַרויס פונעם שפּיץ באַרג אַ גאָלדענער קופּאָל, וואָס צינדט זיך אָן מיט רויטן זון־פלאַם, און נעמט שטי־פעריש ווינקען אינעם פאַרשלאָפענעם ים־בעקן. דעמאָלט איילן צום ברעג פּאַליענדיקע כוואַליעס. די שיף טוט זיך אַ וואַרף ווי אַ ריזן־בער וואָלט זיך אויפגעהויבן פון געלעגער, זי דערנענטערט זיך צום האַפן, און לאָזט זיך פאַרקניפּן מיט דער יבשה.

ס׳איז געווען פּסח־צייט. דער פרילינג האָט נאָך געהאַט דער מאַמעס ערד־מילך אויף די ליפּן. יעדעס שטיקל ערד איז געווען אָנגעזאַפּט ווי אַ פולער אייטער, און גרינע גראָזן האָבן זיך דורכגעבראָכן אַ וועג צום נייעם לעבן. איןביידע זייטן שאָסיי זענען די פעלדער געווען באַגרינט, און דער דופט פון מאַראַנצן־בליִעכץ האָט פאַרשיכורט.



מיכאלס וועג איז געווען אַ לאַנגער און שווערער, ווי פון רוב ניצול־געוואָרענע, וואָס האָבן דעמאָלט מיט דער מאַסן־עליה געשטראָמט אין לאַנד אַריין.

„לחם לאכול ובגד ללבוש״, — האָט מיכאל באַרוך מיט זיך אָפּגעמאַכט. דער באַגער פון די אָבות, באַנייט דורך די אייניקלעך פון דער שארית־הפליטה אָבער אייגן ברויט איז דעמאָלט אין לאַנד געווען זייער ווייניק, און נאָך שווערער איז עס געווען מיט בגד ללבוש. אַ העמד איז געווען אַ וויכטיקע זאַך. אמת, נישט ווייט אין דעם ראַיאָן וואַקסט בוימוואָל אויף די פעלדער, אָבער צו די ברעגן פון נילוס קאָן מען נישט צוקומען, און בוימ־וואָל באַקומט מען נאָר געקויפט פאַר פרעמדער וואַלוטע, — דאָלאַרן.

שוין אויף צו מאָרגנס האָט ער פאַרשטאַנען אַז צו מנוחה איז אויך נאָך ווייט. דאָס לאַנד איז דעמאָלט געווען ערשט נאָך דער באַפרייונגס־מלחמה, און ווער ווייס וואָס ס׳קאָן נאָך געשען?

ער האָט איבערגעלאָזט זיין ווייב און קינד אין דורכגאַנגס־לאַגער, „שער העליה״, און אַליין האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט צו זען דאָס לאַנד.

ער האָט געוווּסט אַז אין ישראל זענען פאַראַן צוויי טייכן: דער ירדן און דער ירקון. אָבער צום ירדן, האָט מען אים געזאָגט, איז נישט פאַראַן קיין פרייער צוטריט. דער טייך ליגט האַרט ביי דער גרענעץ און תמיד קומען דאָרט פאָר שיסערייען צוליב עפּעס אַ סיכסוך, אָדער סתם־אַזוי אָן אַ פאַרוואָס. דער איינציקער טייך וואָס ליגט אין מיטן לאַנד איז דער ירקון.

אין יענע יאָרן, איז נאָך דער ירקון געווען אין זיין פולן גלאַנץ. זיינע קוואַלן קאָלערן זיך פון די בערג ביי ראָש־העין, לענגאויס דעם פלאַכלאַנד, און שלענגלען זיך דורך דעם צפון פון תל־אביב, ביז זיי פאַלן אַריין אין מיטללענדישן ים.

איידער מיכאל איז צוגעקומען צום ירקון־ברעג, האָט ער זיך פאָרגע־שטעלט אַז דער ירקון מוז זיין אַזאַ טייך ווי די ווייסל אין פוילן, אָדער ווי דער דניעפּער אין רוסלאַנד. אָבער אַז ער איז צוגעקומען צו זיינע ברעגעס, האָט ער דערזען אַ שמאָל וואַסערל, וואָס שפּיגלט אַפילו נישט אָפּ דאָס פּנים פון מענטשן.

אַזוי וואַנדערנדיק, איז אים געקומען אויפן געדאַנק, אַז אייגנטלעך האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג אַריין נישט צוליבן באַקענען דאָס לאַנד, נאָר כדי צו געפינען אַן אייגענעם דאַך איבערן קאָפּ. ער איז געווען אָרעם, און מיט זיין גאַנץ ביסל פאַרמעגן וואָלט ער אַפילו פאַר קיין איין נאַכט נישט געווען געקאָנט באַצאָלן אין אַ האָטעל פאַר זיך און זיין משפחה. איבעריקנס, די האָטעלן האָבן אַזעלכע ווי ער אַפילו איבער דער שוועל נישט אַריינ־געלאָזט. דעמאָלט איז נאָך אָנגעגאַנגען אַ געיעג נאָך פאַרלאָזענע דירות

אין יפו און אין די פאַרוואָרלאָזטע דערפער. אָבער דאָס מזל האָט אים נישט צוגעשפּילט צו געפינען אַ לייטישע דירה. אומעטום איז ער געקומען צו־שפּעט, פאַרשפּעטיקט. אין די ליימענע כאַטעס איז שוין אויפגעגאַנגען אַ נײַ לעבן. נײַע מענטשן זענען אַרײַנגעקומען און אָנגעהויבן באַלעבן די חורבות.

מיכאל האָט אַרומגעוואַנדערט עטלעכע טעג און שוין געוואָלט צוריק־פאָרן אינעם לאַגער אַרײַן און וואַרטן גלייך מיט אַנדערע טויזנטער משפּחות אויפן גורל פון צוטיילן אַ דירה דורך דער סוכנות. אָבער גראָד אין דעם מאָמענט האָט ער באַמערקט פון ווייטנס אַ פאַרוואָרלאָזטע כאַטע.

דאָס הייזל איז געשטאַנען נישט ווייט פון כביש, און עטלעכע צענדליג מעטער פונעם ירקון־ברעג. אַרום איז עס געווען באַוואַקסן מיט הויכע גראָזן, דערנער און ביימלעך מיט ווילדע יאַגדעס.

ווען מיכאל איז אַראָפּ פון שאָסיי צום הייזל־צו, האָט ער זיך ראַפּטום צוריקגעקערט. צווישן די קוסטעס האָט זיך עפּעס באַוועגט. ער האָט געמיינט אַ שלאַנג. פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, איז ער צוגעגאַנגען און דערזען אַז דאָס זענען גאָר די שפּרינגענדיקע — לטאָה רופט מען זיי. זיי זענען דאָ אַ סך, און לויט זייער היימישקייט מיטן מענטשן, זאָגן זיי גאָרנישט אָן קיין שלעכטס.

ער איז צוגעגאַנגען און אַרײַנגעקוקט אינעווייניק: אַ גרויסע שטוב איז געשטאַנען פּוסט. דורך אַ צעבראָכענער שויב האָט ער אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ. אינעווייניק איז נישט געווען צו זען נישט קיין איבערבלייבעכץ פון מעבל און נישט קיין ריח פון בהמות. עס איז אים געווען שווער צו אַנטשיידן וואָס דאָס איז געווען — אַ שטוב, אָדער אַ שטאַל.

אָבער ווי נאָר מיכאל האָט אַרויסגענומען דעם קאָפּ פון אינעווייניק, איז אים מיט אַ מאָל באַפאַלן עפּעס אַ זעלטענע פרייד. דער באַגער צו געפינען אַן אייגן ווינקל האָט אים אין גאַנצן באַהערשט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויב קיינער זעט נישט, ווי איינער וואָס האָט נאָר וואָס געפונען אַ זעלטענע מציאה.

ווען ער איז שוין צוריק געשטאַנען אויפן שאָסיי, האָט ער זיך געמאַכט אַ סימן ווי עס זעט אויס דער וועג אין דער געגנט און ווו די בריק געפינט זיך. זײַנע פיס, האָט ער דערפילט, זענען געוואָרן גרינגע ווי בײַ אַ פויגל וואָס אָט היפּט ער און באַלד וועט ער זיך אויפהייבן און אַ פלי־טאָן אַרויס־נעמען זײַנע פייגעלעך און זיי אַריבערפירן אין אַ נײַער נעסט.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער, ווען די דורכפאָרער פון יענער געגנט

זענען פאַרבייגעפאָרן פאַרן הייזל, האָבן זיי פּלוצעם באַמערקט ווי אויפן דאַך זענען שנירלעך מיט ווייסע קינדער־וועש און די פענצטערלעך זענען פאַרהאָנגען מיט פאַרהענגלעך. אַ גוטמוטיקער שמייכל האָט די מענטשן באַהערשט:

— נאָ, זעט, מען ווינט שוין דאָ אויכעט!

לחם לאכול ובגד ללבוש, — האָבן יעדן פרימאָרגן געשעפּטשעט מיכאלס ליפּן, ווען ער איז געלאָפן זוכן אַרבעט. צום סוף פון דער ערשטער וואָך האָט ער געפונען אַרבעט אין דער ירושלמי־פאַבריק, וואָס איז נישט ווייט פון יענעם אָרט.

זענען טעג און חדשים אַוועק און קיינער איז נישט געקומען צו זיי, און קיינער האָט זיך נישט געפרעגט אויף זיי.

ערשט נאָך צוויי יאָר אָפּווינען אין דער כאַטע, איז געקומען אַ מענטש מיט אַ טעקע. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט געווען אַ זייטיקער, אַ פאַרבלאָנדזשעטער. ער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט און גלייך גענומען אויספרעגן:

— אייער נאָמען?

— וועגן וואָס דאַרפט איר דאָס וויסן?

— מען דאַרף דאָס וויסן.

— ווער?

— דער אַפּוטרופּוס.

די נייע עולה האָט בשום אופן נישט געקענט נאָכזאָגן דאָס וואָרט אַפּו־טרופּוס, און האָט נישט געוווּסט וואָס דאָס מיינט. זי האָט אָבער געוווּסט אַז קיין שום שכן אין דער געגנט האָט זיך נישט אינטערעסירט צו וויסן זייער נאָמען. אַ מינוט האָט זי נאָכגעטראַכט, און עפּעס אַ צופרידנקייט האָט איר באַהערשט, און זי האָט הויך און דייטלעך געענטפערט:

— באַרוך.

און דער מאַן מיט דער טעקע האָט געגנוי פאַרשריבן: פינף נפשות, צווישן זיי דריי קינער.



אַז די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָבן אַרום און אַרום אויפגעבליצט עלעק־טרישע לעמפּלעך, נאָר אין דער־אָ כאַטע האָט געצאַנקט אַ נאַפט־לעמפּל. טייל מאָל האָט מען דאָס לעמפּל אויך געמוזט פאַרלעשן, ווייל די מיקן וואָס

ראַיען־אַרום ביים ירקון־ברעג האָבן גענומען אַריינדרינגען דורך די שפּאַלטן פון טיר און ווענט.

דער זומער איז געווען אַ הייסער און אַ גרויסע צאָל חמסינען האָבן אויסגעטרוקנט די ערד. אויף טריט און שריט איז די ערד געווען געשפּאָלטן, ווי זי וואָלט טויזנטער מיילער געהאַלטן גרייט אָפן, נאָך אַ ביסל טוי פון הימל, אָדער וואַסער פון דער ערד. עס האָט זיך געקאָנט אויסדאַכטן ווי די דורשטיקע ערד גיט זיך אַ נדר נישט מער צו זיין אַזאַ נאַר און לאָזן אָפּלויפן פון זיך די רעגן־וואַסערן. דאָס מאָל, אַז די רעגנס וועלן קומען, און דער הימל וועט בשפע געבן רעגן, וועט זי טרינקען און טרינקען...

אָבער צו ווינטער איז נאָך געווען גענוג לאַנג, און קיין קיל ווינטל אָדער וואָלקנדל האָט זיך אויפן הימל נישט באַוויזן.

איין מאָל, ווען מיכאל איז אַהיים געקומען פון דער אַרבעט, האָט ער קלאַרן, זיין פרוי, געטראָפן עפּעס נישט מיט אַלעמען. זי האָט זיך אַרומ־געדרייט איבער דער שטוב אַ שטילע, אַ פאַרטראַכטע, עפּעס ווי זי וואָלט פאַרבאָרגן אַ סוד.

מיכאל פלעגט קומען שפּעט פון דער אַרבעט. ער פלעגט אַוועקגיין מיט זון־אויפגאַנג און אַרבעטן איבערשעהען. סוף־סוף האָט ער דאָך געוואָלט צו עפּעס צוקומען. זיין חלום איז געווען, איבערצולאָזן די אַרבעט אין פאַבריק ביי דער וועבשטול און זיך נעמען צו תכלית־זאַכן. עס האָט אים געצויגן צו פעלדאַרבעט. ער האָט געזען ווי אַרום דער כאַטע שפּראָצן־אויס ווינטער־צייט פריש־גרינע, זאַפטיקע גראָזן, און האָט פאַרשטאַנען אַז די ערד פאַר־לאַנגט נאָר איין זאַך: וואַסער. זון און ליכט האָט זי גענוג, נאָר פאַרן ביסל וואַסער איז זי גרייט זיך צו פאַרקויפן צום מענטשן.

ער האָט געחלומט וועגן אַן אייגענעם פּרדס, אָדער ווייננאָרטן. אָבער קיין מאָל האָט ער דאָס פאַר זיין פרוי נישט דערציילט, און אַפילו נישט געגעבן אָנצוהערן וועגן דעם. זי איז געווען אַ שטאָטישע, און קיין מאָל נישט געזען ווי אַ פלאַנץ ווערט געבוירן אויף דער נאַטור. ער, אָבער, איז אויס־געוואַקסן אויף די לאָנקעס לעבן אַ יידיש שטעטל, מחמת ער האָט געהאַט אַ זיידן אַ יידישן דזשעדזשיק.

— וואָס איז דיר, קלאַרע? — האָט ער זי געפרעגט מיט ווייכקייט.

— גאָרנישט.

ער האָט זי תמיד באַוווּנדערט. ער אַליין, אַז עס איז אים עפּעס שווער אָנגעקומען, פלעגט ער רעדן ביטערע ווערטער אויף וועמען עס האָט זיך

נאָר געלאָזט: אויף די פירער פון דער מדינה, אויף סתם־קהלס־פּאַרזאָרגער, טייל מאָל פלעגט ער אַפילו אונטערציִען אַ חשבון אַז ער האָט זיך אָפּגענאַרט מיטן שידוך פון קומען אין דער יידישער מדינה. אָבער זי, זיין קלאַראַ, פון איר מויל האָט ער נאָך קיין קרעכץ נישט געהערט און נישט קיין שלעכט וואָרט אויפן לאַנד אָדער אירע מענטשן.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט. די קינדער זענען געלעגן אויף די נאַרעס אין אַ זיסן שלאָף. תמיד האָבן אים די שלאָפנדיקע קינדער אָנגעפילט מיט פרייד. ער האָט געפילט אין זיך געגנוג כוח צו זיין זייער שפּייזער.

— נו, זאָג שוין.

— עפּעס אַן אַראַבער האָט מיך היינט איבערגעשראָקן.

— אַן אַראַבער?! ווי קומט דאָ אַן אַראַבער אין דער געגנט?!

קלאַראַ איז אַ מינוט געבליבן שטיל, און באַלד האָט זי גענומען דער־ציילן:

— ער איז געווען אַן אַלטער, אין אַזאַ הולך ווי מ׳זעט די אָפּגעריסענע פּאַסטעכער. ער איז אַריינגעקומען אין שטוב שטיל, געעפנט די טיר, און זיך אַרומגעקוקט אין אַלע ווינקעלעך, ווי ער וואָלט דאָ עפּעס געהאַט באַהאַלטן. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן רעדן הויך, און מיר דאַכט אַז ער האָט עטלעכע מאָל דערמאָנט אַללאַ... שפּעטער האָט ער מיר געוויזן מיט סימנים, איך זאָל מיט אים אַרויסגיין אין דרויסן. ער האָט ווידער עפּעס גערעדט, און אַז ער האָט געזען אַז איך פאַרשטיי אים נישט, האָט ער אָפּגעבראָכן אַ גרויסע צוויַיג און מיר געוויזן מיט איר אפשר צוויי מעטער העכער איבערן דאַך, דערביי האָט ער געקוקט דאָ אין דער זייט פון ירקון, דאָ — צו דער באַן־ליניע, און איך האָב בשום אופן נישט געקאָנט דערגיין פון זיינע רייד וואָס ער מיינט, דעם טייך אָדער די לויפנדיקע באַן.

— דאָס איז אַלץ? — האָט מיכאל געפרעגט, ווענלנדיק צו נישט מאַכן קלאַראַס שווער געמיט, — און אַליין זענען אים איבערן לייב געלאָפן שרעק־פליטערלעך, ווי מוראַשקעס אונטער דער הויט.

— און ווי אַזוי ביסטו פון אים פטור געוואָרן?

— ער איז אַליין אַוועק און נאָר געוויזן מיטן שטעקן ווי ער וואָלט זאָגן אַז ער וועט זיך נאָך דאָ אומקערן.

— אַלע חלומען זיי זיך נאָך צוריקצוקערן. אָבער זיי ווילן נישט קומען מיט פרידן, נאָר מיט קריג און מיט גרייטע זעק, אָנצורויבן יידיש פאַרמעגן. זיי האָבן, — דערציילט מען, — פון סאַלעמע מאַרשירט קיין

תל־אביב און אויפן וועג געליטן אַ ווּיסטע מפּלה. אפשר איז דאָס טאַקע געווען דער בעל־הבית פון דער כאַטע?

— ווער ווייסט אים? ער האָט נאָר אָנגעוויזן אויף דער כאַטע מיט די פינגער, פיר מאָל זיי צוזאַמענגעלייגט און צוריק געעפנט, און איך האָב פאַרשטאַנען ווי ער וואָלט זאָגן, אַז די כאַטע איז שוין אַלט פערציק יאָר.

— אַלע פלוידערן זיי וואָס נאָר עס קומט זיי אין מויל אַריין. פאַרגעס אין אים ווי דו האָסט זיך שוין אויסגעלערנט ביי טאָג צו פאַרגעסן אין דעם געהייל פון די שאַקאַלן ביינאַכט...



דאָס יאָר האָבן די רעגנס זיך פרי אָנגעהויבן. צו ערשט האָט אָנגעהויבן טריפן אַ דינ׳ רעגנדל. דראָבנע וואָלקנדלעך, ווי קעמפּקעס שפּינגעוועב האָבן זיך פאַרצויגן אויפן הימל. פון הינטער זיי האָט שטיפעריש נאָך געפינטלט די זון מיט אַ פייערדיק אויג. דער צעגליטער אַספאַלט פון די כבישים האָט זיך צעגלאַנצט מיט שוואַרצקייט, איז געוואָרן גלאַט ווי גלאָז, און די אויטאָ־רעדער האָבן זיך איבער זיי געגליטשט ווי איבער אַ פאַרפרוירענעם טייך; די השרון־פעלדער האָבן געעפנט די מיילער, ווי דאַרשטיקע פייגל וואָס האָבן געפונען אַ וואַסער־אָדער. אַזאַ רעגנדל, ווייסן די תושבים, דויערט נאָר געציילטע מינוטן. ער שמייסט אין פּנים, דערנאָך הערט עס גלייך אויף; און עס דאַכט זיך אויס אַז דאָס האָט ווער באַשפּריצט מיט וואַסער אַ פאַר־חשלטן. אָבער פאַרנאַכט־צו, גייט שוין די זון אונטער רויטלעך בייז, איבערן גאַנצן מערב־פּאַס, ווי זי וואָלט אַריינגעפאַלן אין אַ בלוט־ים. דעמאָלט ווייסט מען שוין אַז די רעגנס האָבן זיך אָנגעהויבן. ביינאַכט נעמט גיסן. אַזוי גיסט עטלעכע טעג נאָך אַנאַנד. פון ביידע זייטן כביש לויפן די וואַסערן אין ירקון אַריין.

אַז מיכאל־בארוך קוקט אַרויס פונעם קליינעם פענצטערל אַקעגנאיבער דער ירקון־בריק און זעט די שוימיקע ריטשקעלעך וואָס פאַלן אַריין אינעם ירקון, קאָן ער אַליין נישט פאַרשטיין פאַר וואָס דער טייך הייבט זיך נישט אויף. ס׳איז ווי אין יענעם פּסוק: „כל הנחלים הולכים אל הים והים איננו מלא..."

אין די גרויסע רעגנס זענען פּטור פון אַרבעט נאָר די בוי־אַרבעטער, וואָס אַרבעטן אונטערן פרייען הימל. אַלע אַנדערע, וואָס אַרבעטן אונטער אַ דאַך, מוזן קומען צו דער אַרבעט.

ווינטער־צייט גייט ער אַוועק צו דער אַרבעט באַגינען און קומט אַהיים אין אָוונט אַ צעוויקטער ביזן לייב, אָבער אויף מאָרגן גייט ער ווידער אַרבעטן.

אַזוי האַלט שוין אָן דער רעגן אַ גאַנצע וואָך. איטלעכס מאָל ווען ער גייט אַדורך די ירקון־בריק, גיט ער אינסטינקטיוו אַ בליק־אַראָפּ צום טייך. נעכטן נאָך האָט ער קיין שום אויסטערלישעס נישט באַמערקט. היינט איז ער דעם וועג דורכגעלאָפן אין האַלב־פינצטערניש. אַ ביסל האָט ער שוין געהאַט פאַרשפּעטיקט, און אין איילעניש האָט ער אַפילו נישט באַמערקט די וואַסערן. ער איז רעש געגאַנגען ווייטער. אין גאַנצן פופצן מינוט גאַנג צו פוס צו דער פאַבריק, און דאָ — דער רעגן שמייסט ווי מיט ריטער אין פּנים.

פון הינטער שווערע וואָלקנס ברעכט דערווייל אויף דער טאָג. אויף מיכאַלס פּנים רוט נאָך אַ שמייכל. דעם שמייכל נעמט ער יעדן פרימאָרגן מיט פון דער ליימענער כאַטע, ווען ער גייט אַרויס פון שטוב און גיט אַ בליק אויף די צעוואַרעמט־שלאָפנדיקע קינדער. תמיד באַגלייט אים דער שמייכל ביז איבערן טויער פון דער פאַבריק. ערשט ווען ער גייט אַריין אינעם בשותפותדיקן אַרבעט־טראַנס מיט דער אויטאָמאַטישער וועבמאַשין, טרעפט אַלע מאָל אַז ביים ערשטן איבערגעריסענעם פאָדעם, ווען די מאַשין שטעלט זיך אַליין אָפּ און וואַרט אויף זיין הילף, דעמאָלט איבעררייסט זיך דאָס בילד פון זיין היים און ער איז אין גאַנצן אַריינגעטאָן אינעם גערויש פון די מאַשינען.

אָבער דאָס מאָל האָט ער געפילט ווי עמעצער וואָלט אים אין מיטן וועג אָפּגעשטעלט, איבערגעריסן דעם פאָדעם פון זיינע רעיונות. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז בעת ער איז דורכגעגאַנגען די בריק, האָט דאָס וואַסער אים אַ גלאַנץ־געטאָן העכער ווי נעכטן. זיינע מחשבות האָבן זיך צעשפּילט מיט יעדן טריט, און ער האָט זיך נישט געקאָנט שענקען פאַרוואָס ער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף דער הייך פון די וואַסערן.

אַרום דעם ספּאָרט־סטאַדיאָן זענען שוין די פעלדער געווען פאַרפלייצטע, און אין טייל ערטער האָט זיך שוין דאָס וואַסער געהאַט אַרויפגעכאַפּט אייפן כביש. ערשט איצט איז פאַר אים געוואָרן קלאָר, אַז פון דער בריק איז דאָס וואַסער געווען נאָר מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. אוי, און דאָס הייזל ליגט דאָך אַ סך נידעריקער פונעם כביש!... ער האָט אין דמיון דערזען די שלאָפנדיקע קינדער. אין דער כאַטע איז נאָך פינצטער. ריטשקעלעך וואַסער

נעמען זיך אַריינרייסן דורך דער טיר און דורך די שפּאַלטן פון מויער. די קינדער שלאָפן זיס־צעוואָרעמטע, און פילן נישט ווי די נאַרעס ווערן נאַס. זיי וועלן זיך באַלד אַ וויג־טאָן, צו ערשט וועט זיי דאָס וואַסער אויפהייבן און נעמען וויגן, שטיל און צאַרט, ווי אַ מאַמעס האַנט — דערנאָך...

מיכאל איז אויפגעשפּרונגען, ווי זיך צו פּאַרטיידיקן קעגן די געדאַנקען, וואָס זענען אים אָנגעפאַלן ווי בייזע הינט... ער איז געלאָפן צוריק צו דער בריק, צו דער כאַטע, צו די שלאָפנדיקע קינדער.

אָבער וואָס איז געשען? ער קאָן שוין די בריק נישט געפינען. דעם כביש זעט מען שוין מער נישט אַרויס. עס פליסט איבער אים אַ ברייטער וואַסער־טייך. מיכאלס אויגן בייסן זיך איין אין יעדן ווינקל פון וועג; אָט זעט מען נאָך דאָרטן אַרויס אַ שפּיץ פון דער בריק־באַריערע. ער האָט אויפגעבונדן דעם באַשליק, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם מאַנטל, ווי איינער וואָס וויל זיך ראַטעווען דורך שווימען. אָט האָט ער זיך שוין פעסט אָנגע־האַלטן זיך אינעם פּאָרענטש פון דער בריק.

אַרום איז געווען אַלץ פאַרגאָסן. ער איז שוין אַריבער דעם ירקון, אָבער קיין באָדן אונטער די פיס האָט ער שוין נישט. דער צעבושעוועטער וואַסער־שטראָם האָט אים געשטויסן אַראָפּ אונטער דער בריק. ער האָט דערפילט די געפאַר, אָבער ער האָט געקעמפט מיט אַלע כוחות. ער האָט פון זיך אַראָפּ־געוואָרפן דאָס רעקל, די שיך. עס איז אים געוואָרן לייכטער. נאָך עטלעכע טריט, און ער וועט דערגרייכן די כאַטע.

דאָס וואַסער האָט זיך שוין געהאַט אַריינגעריסן אינעווייניק. די טיר האָט ער נישט געקענט געפינען. ער האָט געוואָלט אויפרייסן דאָס פענצטערל, אָבער די כוואַליעס האָבן אים גענומען אַוועקשלעפן. ער האָט זיך גע־קלאַמערט אַרום דער מויער מיט פיס און נעגל, אָבער דער שטראָם האָט אים אַוועקגעריסן. אַ גרויס געשריי האָט אַרויסגעפּלאַצט פון זיין ברוסט, אָבער קיינער איז איצט נישט געווען אינעם טאָל וואָס זאָל אים הערן. אָט נאָך אַ מינוט, און ער וועט אַוועק מיטן שטראָם אונטער דער בריק אַרונטער... אין דער רגע האָט זיך אים אויסגעדאַכט ווי אַ ווידערקול וואָלט אים גע־ענטפערט פון אינעווייניק פון דער כאַטע... אַ סקרוך איז אים אַריבער איבערן לייב. די הענט, האָט ער געפילט, ווערן אים פאַרשטאַרט, און אָט וועלן זיי אָפּלאָזן די ליימיקע מויער. אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך געעפנט דאָס פענצטערל און אַ קאָפּ פון אַ פרוי האָט אַרויסגעשטעקט אין דרויסן. ער האָט דערזען זיין קלאַרע. אָבער נאָך קיין מאָל האָט ער ביי איר נישט באַ־

מערקט אַזאַ לאַנגן האַלדז ווי איצט. איר האַלדז — האָט זיך אים געדאַכט — האָט זיך אויסגעצויגן ווי ביי אַ זשיראַפע, און דייטלעך האָט ער דערהערט איר קול:

— ראַ—טע—ווע—עט!!!

ערשט איצט האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אינעם פענצטער:

— גיב אַרויס די קינדער! — האָט ער געשריגן, — שנעלער גיב זיי אַרויס!

אָט האָט ער שוין געהאַט אַ קינד אין האַנט, באַלד דאָס צווייטע. ער האָט זיך מיט זיי געלאָזט ווי אַן אָדלער וואָס טראָגט די פייגל אויפן רוקן, און אָט איז ער שוין אויפן בערגל, ווו די וואַסערן האָבן נישט דערגרייכט.

איצט האָט ער זיי געלאָזט שטיין נאַקעטע, זיי צוגעוואָרפן דעם סוועטער, און דאָס העמד, און איז צוריק געלאָפן צו דער כאַטע.

קאָן זיין אַז די נאַקעטקייט האָט אים ווי אויפגעוועקט, ווייל ער האָט דערפילט אין זיך אַ קראַפט וואָס ווועט זיכער אַלץ גובר זיין. איצט האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער איז נאַקעט און שטאַרק, ווי דער יאַפּאַנישער גענעראַל וואָס האָט בעת אַ שלאַכט אויף מאַנדזשוריע אין מיטן אַ שלאַכס־רעגן באַפוילן זיינע זעלנער זיך אויסצוטאָן נאַקעט און גיין אין קאַמף. דער גענעראַל האָט צוליב דער נאַקעטקייט פון די זעלנער, וואָס זענען געווען מער באַוועגלעך ווי די רוסישע, געוווּנען די שלאַכט. און אויך ער, מיכאל, האָט צוליב דער נאַקעטקייט אָפּגעהאַלטן אַ נצחון.

אין געציילטע מינוטן איז דאָס גאַנצע געזינדל געווען אויפן בערגל, און ווען זיי האָבן אַ בליק געטאָן אויף דער כאַטע, האָבן זיי שוין דעם דאַך נישט געזען...

זיי האָבן גענומען אַרויפגיין העכער אויפן בערגל. און פון ווייטנס האָבן זיי געהערט געשרייען פון די איבערגעשראָקענע איינוווינער. אַ גאַנצער שיכון איז שוין געשטאַנען אונטערן וואַסער.

*

פונעם בערגל ביזן שיכון איז אין גאַנצן אַ שפּאַן וועג. גוטע מענטשן האָבן מיכאלן אָנגעוויזן אַז דאָרט, אין די לעצטע הייזער פונעם שיכון, נישט ווייט פון באַן־פּלאַנט, שטייט נאָך ליידיק אַ דירה.

די דירות פונעם שיכון זענען נישט געווען קיין פּריוואַט־אייגנטום. זיי האָבן געהערט צו דער סוכנות. עמעצער, מסתמא, האָט געמוזט אַ ווונק

טאָן אַז אויף די מענטשן פון דער פאַרפּלייצונג, — און געווען זענען זיי אין יענער געגנט גאָר אַ סך, — וואָס כאַפּן זיך אַריין אויף אייגענער האַנט אין ניי־געבויטע, ליידיקע דירות, זאָל מען קוקן דורך די פינגער און נישט אָנווענדן קיין פּאָליציי־מיטלען זיי אַרויסצוּוואַרפן.

די דירה וואָס מיכאל האָט געפונען איז געשטאַנען אין טאָל, צווישן די זומפּיקע לאָנקעס וואָס ביי דער רעכטער זייט פונעם ירקון. דאָס הויז איז געווען אַן איינשטאָקיקס. דאָס זענען געווען פון די ערשטע הייזער וואָס מ'האָט דאָ אָנגעהויבן צו בויען לויט אַ נייער סיסטעם. די מויערער האָבן דאָס גערופן „בליץ־סיסטעם": די הייזער זענען געוואָרן אין גאַנצן געגאָסן פון בעטאָן. צו ערשט זענען אויפגעשטעלט געוואָרן גרויסע הילצערנע פאַר־מעס, צוזאַמענגעקלאַפּט פון ברעטער, און אַז די פאָרמעס זענען פאַרטיק געווען, האָט מען אַלע אַרבעטער צוזאַמענגענומען צו איינע אַזאַ פאָרמע און געגומען אַריינגיסן אין איר שיטערן בעטאָן. די אַרבעט איז געגאַנגען רעשיק און די „מנהלי עבודה" האָבן כסדר געשריען „יאַלאַ, יאַלאַ!" אַזאַ פאָרמע האָט געמוזט אָפּגעגאָסן ווערן בנשימה אחת, גלייך פאַרטיק ווערן אין איין טאָג. מען האָט געצאָלט די אַרבעטער פאַר איבערשעהען, אַבי נאָר צו פאַר־ענדיקן פאַר זון־אונטערגאַנג.

נאָכן אָפּגיסן, שטייט דער בעטאָן אין דער פאָרמע עטלעכע טעג, און אַז מען נעמט פונאַנדער די ברעטער, — שטייט אַ הויז פון אַכט דירות, פיר פון אונטן און פיר אויפן ערשטן שטאָק.

יעדע דירה האָט אַ צימערל מיט אַ קאָרידאָרל, וואָס דינט אויך ווי אַ קיכל. די טרעפּן געפינען זיך אין דרויסן, ביי דער וואַנט פון הויז, און פירן צו אַ לאַנגן גאַניק איבער דער לענג פון די טירן.

אַקעגן דער ליימענער כאַטע ביים ירקון־ברעג, האָט דאָס קליינע, ליידיקע דירהלע אויסגעזען ביי מיכאלן ווי אַ פּאַלאַצל. די קליידער האָבן ביי זיי נאָך געטריפט פון וואַסער. אַלע ווילע האָט זיך די טיר אַן עפן־געטאָן און ס'האָט ווער אַריינגעוואָרפן עפּעס אַ מלבוש. דאָס, וואָס מיכאל האָט באַ־מערקט זענען געווען הענט, ווייל קיינער האָט זיך נישט געוואָלט אַריינמישן צו דעם נייעם לאָקאַטאָר, וואָס איז אומלעגאַל אַריין אין דער דירה. די אויפ־זעער פון שיכון זענען געווען שטרענגע, און זיי האָבן אין אַזעלכע פאַלן אַלע מאָל געשטראָפט ווער עס האָט צוגעהאָלפן צו דער „פלישה".

מיכאל האָט זיך פון שטוב נישט אַרויסגערירט. ביי יעדן קלאַפּ אין טיר האָט זיך אים אויסגעדאַכט אַז מען קומט אים אַרויסוואַרפן. אָבער דעם

טאָג איז קיינער נישט געקומען. אַ גרויסער טייל פון אָט דעם שיכון האָט געליטן פון דער פּאַרפּלייצונג, און ער איז נישט געווען דער איין־און־איינציקער וואָס איז דאָ אַריין אויף אַזאַ אופן.

ווען דער אָוונט איז צוגעפאַלן, האָבן די שכנים אָנגעטראָגן וואַרעמע זעלנערישע קאָצן און טעפּלעך וואַרעמס. די קינדער האָבן זיך געוואָרפן צו די טעפּלעך, און ווען זיי זענען זאַט געוואָרן, האָבן זיי זיך איינגעבעט אין די גרינלעכע קאָצן ווי פייגל אין אַ וואַרעמער נעסט.

דאָס לאַנגע גאַניקל פונעם הויז איז געשטאַנען צו דער זייט פון ירקון. מיכאל האָט אַ בליק געטאָן אויף זיין פרוי. קלאַראַ איז געזעסן אין אַ ווינקל און איר בליק האָט אים אויסגעזען צו זיין פול מיט פחד, ווי פון אַ פויגל וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אין אַ פרעמדער נעסט. ער האָט זי געוואָלט טרייסטן, אָבער עס האָבן אים אויסגעפעלט ווערטער. האָט ער זי אָנגענומען ביי דער האַנט און אַרויסגעפירט אויפן באַלקאָנדל.

פון דעם באַלקאָנדל האָט מען געקאָנט זען דעם גאַנצן שטח ביז צו דער ירקון־בריק. ער האָט איר געוויזן מיט דער האַנט אין אַ געוויסער ריכטונג. אין אָנהייב האָט קלאַראַ נישט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט, אָבער ווען זי האָט זיך גוט אָנגעשטרענגט, האָט איר בליק דערגרייכט די ליימענע כאַטע אין וועלכער זיי האָבן פריִער געוווינט. זי האָט דערזען אַז איין וואַנט איז איינגעפאַלן. דער שטראָם האָט אַפילו די שטיקער ליים מיטגעשלעפּט. ערשט איצט האָט זי זיך דערמאָנט אין דעם אַראַבער אין זייער כאַטע ערב דער פאַרפּלייצונג. און זי איז צוריק אַריינגעגאַנגען אין שטוב ווי אין אַן איגענער היים:

— ווי מיינסטו, מיכאל, מען וועט אונדז דאָ לאָזן וווינען?

— פאַר וועמען האָסטו מורא, פאַר „יידישע גזלנים״? און דערצו זענען מיר דאָך נייע עולים — האָט מיכאל געענטפערט מיט זיכערקייט.

— און מאָרגן וועסטו גיין צו דער אַרבעט און מיך לאָזן אין אַזאַ מצב אַליין?

— איך וועל מער נישט אַרבעטן אין דער פאַבריק.

— וואָס דען וועסטו ווערן, אַן אַפּטייקער? אָבער זאָג מיר, וואָס טראַכסטו צו טאָן?

— ברויט און אַ העמד אויפן לייב קאָן מען אַרויסבאַקומען פון דער מאַמע־ערדס טראַכט.



האַרט ביי די הייזער, ביז די ברעגעס פון ירקון, איז געשטאַנען אַן אויסגעטרוקנטער פּרדס. דיביימער זענען געווען באַוואַקסן מיט שאַרפע שטשינע־צווייגן. ווינטער־צייט איז דער פּרדס געווען פאַרפלייצט מיט פלאַך־שפּיגלענדיקע וואַסערלעך. די וואַסערלעך האָבן זיך געהאַלטן כמעט אַ גאַנצן ווינטער. טייל מאָל, ווען עס האָט זיך אויסגעדאַכט אַז די ערד האָט זיי שוין טיף אין זיך אַריינגעזאַפּט, האָט גאָר אומגעריכט ווידער אַ ביינאַכטיק רעגנדל זיי באַוואַסערט, און אויף צו מאָרגנס האָבן נאָך מער ברייטערע וואַסערלעך, ווי ווען אויף צו להכעיס, ווידער געשפּיגלט זיך אין דער זון.

די מאַראַנצן־ביימער פונעם פּרדס האָבן שוין מער נישט געבליט, נאָר דאָ און דאָרט האָט ביים פּיען פון אַן אַלטן בוים זיך גענומען אַרויספּיקן אַ קנופּ גרינע בלעטלעך ווי הינדעלעך פון אַן איי־שאָל. ווי לאַנג די ערד איז נאָך געווען פייכט, האָבן די בלעטער אָנגעהאַלטן זייער גרינקייט, זיך איבערגעזיאָגט איינס דאָס אַנדערע, ווי פון וואָרצל־אַרויס וואָלט מען זיי געטריבן אָנצוהייבן אַ נײַ לעבן. דערנאָך איז ווידער די ערד געוואָרן פאַר־טרוקנט ווי אַן ערדענער טאָפּ. אין די בלעטער האָבן זיך אַריינגעכאַפּט געלע פלעקן, ווי פון האַלב־צייטיקע מאַראַנצן. אַרום די בלעטער־ראַנדן האָט זיך אַרומגעוויקלט אַ העל, געל רעמל. זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּלעך און ווילד זיך צעוואַקסן אין אַ פאַרפלאָנטערטן קנופּ.

ערב פרילינג, האָט אינעם פּרדס אויפגעבראָכן אַ נײַ לעבן. אין די פאַר־נאַכטן האָבן אַ געווימל זשאַבעס אָנגעהויבן זייער קוואַקעריי ביז אין דער האַלבער נאַכט אַריין. אַזוי האָט אָנגעהאַלטן ביז די ערשטע חמסינען. אָבער אַז עס זענען געקומען די היצן און מיכאל באַרוך האָט אַ בליק געטאָן פונעם גאַניקל אויף די פּרדס־ביימער, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער וווינט לעבן אַ פאַרוואָרלאָזטן בית־עולם.

די זומפּן האָבן אויסגעטרוקנט, און די זשאַבעס האָבן זיך גיך אַרויס־געצויגן פונעם פּרדס. זייער „מוזיק" האָט זיך מער נישט געהערט. אויף זייער אָרט זענען אָנגעקומען מהנות קאָמאַרעס, מיקן און גלי־ווערעמלעך פון אַלע מינים. צו זיצן אויפן גאַניקל איז געווען אוממעגלעך. די מיקן האָבן געביסן פון אַלע זייטן. אַ ביסל שפּעטער, ווען די פייערלעך פון די שטובן האָבן זיך גענומען לעשן, האָבן זיך אָנגערופן די שאַקאַלן מיט זייער לאַנגן וואָיען, וואָס איז געווען ענלעך צו קינדער־געוויינען. דאָ, טיף אינעם פּרדס, זענען געווען זייערע נאָרעס, און ווען די לעמפּלעך נעמען זיך אויסלעשן אין די שטובן, קומען די שאַקאַלן נענטער צו צו די לולן וואָס שטייען ביי

די הייזער. ערשט דעמאָלט טרעטן די מיקן אָפּ, ווי זיי וואָלטן זיך דערשראָקן פאַר דעם געהייל פון די שאַקאַלן, און מ׳קאָן ערשט אַ ביסל רויִק זיצן אויפן גאַניקל.

אין דער צייט קומט אַרויס פון דער צווייטער טיר אורקע בענגאַל מיט אַ בענקל אין האַנט, און זעצט זיך אַוועק לעבן מיכאלן

— נו, שוין אַוועק די ציפּערס ?

די „ציפּערס״ מיינט אורקע די מיקן, וואָס ציפּן שטיקער הויט. אַ מאָל, ווען אַ מיק האָט אורקען אַ ביס געטאָן, האָט ער זיך געשווירן אַז ער וועט אַנטלויפן ווו דער פּעפּער וואַקסט, אַבי נישט צו וווינען ביים ירקון־ברעג. אָבער איצט האָט ער זיך שוין כמעט צוגעוווינט. ער ווייסט גענוי ווען זיי האָבן זייערע „משוגענע שעהען״ און ווען זיי גייען אַוועק, און ווי איז צו אַ מיק וואָס פאַלט אַרונטער אונטער אורקעס ברייטע הענט. חוץ דעם, קומט אורקע נישט אַרויס אָן אַ סיגאַרעט.

— מען וואָלט געדאַרפט מאַכן דאָ עפּעס אַ שטיקל פּאָזשאַנדעק, — ווייזט אורקע אויפן פּרדס.

— ווער דאַרף מאַכן ?

— וואָס הייסט ווער ? איך און דו ! וואָזשע־דען ? דו ווּעסט וואַרטן ביז מען וועט דיר מאַכן, וועסטו זיין אַ שיין לייט !...

— וואָס דאַרף מען טאָן ?

— ס׳ערשטע מוז מען מאַכן אַ קאָאָפּעראַטיוו. דאָ גייט אַלץ אין קאָאָפּעראַטיוון. אַ בעקער־קאָאָפּעראַטיוו, אַ שאָפער־קאָאָפּעראַטיוו. אַ שלעכט געשעפט אפשר „אגד״ אָדער „דן״ ? אַז דו גייסט מיט אַ קאָאָפּעראַטיוול, זענען אַלע טויערן פאַר דיר אָפן, אָבער אַז דו קומסט אַליין, ווי אַ „פּריוואַטער״, טראַכטן זיי זיך : אַ יחיד ? פּריוואַטע איניציאַטיוו ? שלאָג דיר אַליין קאָפּ אין קישן. ווער דאַרף דיך אַפילו אויסהערן ?

— און אַז דו וועסט האָבן אַ קאָאָפּעראַטיוו, וואָס וועט דעמאָלט זיין ?

— האָ, האָ, דעמאָלט, — ציט זיך אורקע אויס איבער דער לענג פון בענקל און שטעלט אַרויף אַ פוס אויף די שטאַכעטן פון שמאָלן באַלקאָנדל, — דעמאָלט, אַז דו האָסט שוין אַ קאָאָפּעראַטיוול, קען מען באַקומען דעם גאַנצן פּרדס פאַר אַ שיבוש.

— און וואָס טוט מען מיט אַזאַ פּרדס ?

אורקע, אַ צופרידענער פון דער פראַגע, האָט צעצויגן די ווערטער, ווי אַ קינד קיי־גומי :

— דער עיקר איז, אַז מען גיט דיר אַ שטיקל פּאַפּיר אין האַנט אַריין אַז דער פּרדס איז צו דיר פאַרפאַכטעט געוואָרן אַזוי און אַזוי. דעמאָלט, אַז איך האָב די „כתובה״ אין האַנט, פאָר איך מיר אַריין מיט מיין טראַקטאָר גלייך אין פּרדס אַריין. דאַרפסט זען ווי דאָס גייט ביי מיר. אחת־שתים דריי איך דיר איבער דיביימער מיט די וואָרצלען אין דער הייך; איך לאָז אַראָפּ די דעקע פון טראַקטאָר און שאַר זיי צונויף אויף קופּעס; דערנאָך, אַז די מלאכה איז געענדיקט, איז געגנוג אַ שוועבעלע און די אַלטע ביימער צע־פּלאַקערן זיך. דעמאָלט זעסטו מיט די אייגענע אויגן וואָס פאַראַ פרוכטבאַרע ערד עס איז פאַראַן ביים ירקון־ברעג.

— און וואָס מיינסטו, קאָן מען דאָ מאַכן מיט אַזאַ שטיק ערד?

— דאָ, ביים ירקון, איז דאָס בעסטע צו זייען בוימוואָל.

מיכאלן האָט עפּעס אַ צי געטאָן ביים האַרצן, ווי ער וואָלט אין דמיון דערזען אַ פאַרווירקלעכטן חלום:

— בגד ללבוש?...

— אַוודאי אַזוי! פון וואָס דען מיינסטו קאָן מען מאַכן אַ לעבן?

— און וועך וועט אונדז צוהעלפן?

— וואָס הייסט ווער? וואָס מיינסטו אַז „זיי״ ווילן זיך נישט איינ־ברענגען קיין דאָלאַרן? זיי וועלן זאָגן: קינדערלעך, איר ווילט איינברענגען דאָלאַרן דעם מלוכה־אוצר מ׳זאָל נישט דאַרפן קויפן אַ העמד פאַר פרעמ־דער וואַליוטע? אַדרבא, איר זענט ביי אונדז אַנגעלייגטע מחותנים. אַזוי און אַזוי... אַזוי פיל און אַזוי פיל באַקומט איר פאַר אַ׳ קילאָ, אַזוי און אַזוי אַ סובסידיעלע... מירן אייך שיקן אונדזערע יינגלעך פון „מקוה ישראל״ זיי זאָלן אייך אַ ביסל אויסטייטשן דעם ענין, און לאָמיר זען וואָס איר קענט!...

מיכאל האָט זיך אויפגעשטעלט:

— דו מיינסט עס ערנסט?

— הערסט אַ מעשה! צו וואָס האָב איך דיר דאָס אַלץ דערציילט? אָט קום איך דאָך ערשט פון אַ ישיבה. מ׳האָט טאַקע אַרומגערעדט דעם גאַנצן ענין, און באַשלאָסן אַזוי און אַזוי... מאָרגן גייען מיר צו צו אַן אַדוואָקאַטל מאַכן אַ ניי קאָאָפּעראַטיוול. אַזוי און אַזוי. אַ נאָמען איז שוין דאָ, — „כותנה״, נאָר עס פעלן נאָך עטלעכע פאָר אַרבעטס־הענט. כ׳האָב שוין אַפילו גערעדט מיטן הויפּט־פאַרוואַלטער פון שיכון. די קאַנאַליזאַציע־רערן וועט מען ציִען ביז אונדזער פעלד. אַזוי און אַזוי... און עס וועט וואַקסן ווי אויף הייוון! דו

ביסט דען אַ מבין אויף דער ערד? אפשר די „שוואַרצע ערד" פון הינטער קראָקע איז געווען אַ בעסערע?

— נו, און דו נעמסט מיך אַריין אינעם קאָאָפּעראַטיוו?

— דאָס וויל איך דאָך דיר דערציילן. איך האָב באַלד אָפּגערעדט אַזוי און אַזוי, מיינער אַ שכן איז אַרויס קרוע־בלועדיק פון דער פּאַרפּלייצונג, קוים געראַטעוועט דאָס קליינוואַרג, דרייט זיך אַרום ווי אַ געפּלעפּטער. אַ פּאָר הענט ווי די שאָפלען האָט ער... מען מוז אים אַריינגעמען. כ'האָב נישט געוווסט געננוי ווי דו הייסט, האָב איך געזאָגט מיכאל דער פּאַרפּלייצטער, און די חברה האָבן צוגעקלאַפּט דעם מקח, אַזוי און אַזוי, און דו ביסט שוין דערינען!

די נאַכט האָט שוין מיכאל נישט געקאָנט איינדרימלען, און ערשט ווען דער באַגינען האָט זיך שוין גענומען אַריינרייסן דורכן פענצטער, איז ער איינגעשלאָפן, אָבער גלייך האָט אים איבערגעוועקט אַ קלאַפּן אין טיר. עס איז געווען אורקע, זיין שכן. אורקע האָט אים אַ ביסל אונטערגעאיילט, און זיי זענען ביידע אַוועק אין שטאָט אַריין.



יעדעס מאָל ווען די מענטשן פון שיכון האָבן אַ קוק געטאָן אויפן ליידיקן פעלד פון פּרדס, האָבן זיי טיף אָפּגעדעכעט, ווי מ'וואָלט אַוועקגענומען בייזע הינט פון זייערע טירן.

פּאָר נאַכט האָבן זיי זיך אויסגעזעצט אויף די לאַנגע באַלקאָנדלעך, אָנגעלענט זיך אויף קעסטלעך און בענקלעך, און פרייער אָפּגעאָטעמט:

— אַ מחיה, מ'קאָן כאָטש זיצן און כאַפּן אַ ביסל לופט.

— און וועמען איז דאָס איינגעפאַלן צו מאַכן?

— דעם טראַקטאָריסט מיטן „פּאַרפלייצטן".

— דער טראַקטאָר איז טאַקע זיינער?

— ווייס איך וואָס, ער ברענגט אים פון דער אַרבעטס־שטעלע.

— טאַקע אונטערנעמונגען אויף אייגענער האַנט?

— מ'שמועסט, אַז זיי האָבן געמאַכט אַ קאָאָפּעראַטיוול.

— אַ קאָלכאָז?!...

— נישט קיין קאָלכאָז, נאָר אַ לאַנדווירטשאַפטלעך קאָאָפּעראַטיוול. דאָס איז אין גאַנצן עפּעס אַנדערש. מע טיילט זיך מיט די פאַרדינסטן, אָבער פון איין טעפּל עסט מען נישט...

— און וואָס וועלן זיי טאָן מיטן באָדן?

— ווייניק אַרבעטן זיי דאָרט אַריין?... ביי טאָג און ביי נאַכט ליגן זיי אויף די פעלדער אין די זומפּן. דאַכט זיך זיי הייבן שוין אָן עפּעס צו פלאַנצן.

— אפשר קאַרטאָפל? הלוואי מאַכן זיי דאָס! מען זעט דאָך נישט קיין בולבע פאַר ד׳אויגן.

— אַז מ׳פרעגט דעם „פאַרפּליצטן״, זאָגט ער מיט אַ געלעכטערל אַז צוקער־שטשינע...

— וועלן זיי דאָך גאָר משוגע־רייך ווערן!... אַ שטיקל צוקער איז דאָך היינט גאָלד!...

זינט מיכאל איז אַריין אינעם קאָאָפּעראַטיוו, איז ער געוואָרן מער פּאָפּולער ביי די מענטשן אין שיכון, אָבער ביים נאָמען „פאַרפּלייצטער״ איז ער שוין געבליבן. מיכאלן אַליין איז נישט ניחא דער נאָמען. אַז ער הערט אים אַרויסרעדן הינטער די פּלייצעס, גיט ער אַזש אַ ציטער, ווי ער וואָלט אין פעלד אַרויפגעטראָטן אויף שטעכיקע דערנער. די פאַרפּלייצונג האָט זיך אים טיף איינגעגעסן אין די ביינער. לאַ־די וואָס ער איז פון איר אַרויס אָדם־נאַקעט, האָט ער נאָך געהאַט גענוג נאָכווייענישן. דאָס ערגסטע איז געווען מיט די שפּייז־קאַרטן, וואָס זענען אַוועק מיטן שטראָם.

אין יענע דוב יוסף־צייטן איז דאָס געווען פּשוט אַן אומגליק. דער דוחק אין שפּייז איז געווען גרויס, און עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, ביז ער האָט נישט פאַרעפנטלעכט אַ מודעה אין אַ צייטונג וועגן דער אַבידה פון די כרטיסי־מזון, האָט ער קיין נייע נישט געקראָגן.

נאָך מער האָט געליטן זיין קלאַרא. זי האָט זיך נישט געקאָנט שענקען וואָס זי האָט אָנגעוווירן די פאָטאָגראַפיעס פון איר אומגעקומענער משפּחה. צוליב אָט די פאָטאָגראַפיעס האָט זי נישט איין מאָל איינגעשטעלט איר לעבן, באַהאַלטנדיק זיי אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין שטוטהאָף.

באַלד נאָך דער פאַרפלייצונג, ווי נאָר די וואַסערן זענען אָפּגעפאַלן, איז זי גאַנצע טעג אַרומגעלאָפן לענגאויס די ירקון־ברעגעס, געזוכט, גענישטערט צווישן די קוסטעס, געשאַרט מיט אַ שטעקעלע. מענטשן פון שיכון האָבן זי געהאַלטן אויפן אויג, נאָכגעקוקט. מען האָט געשמועסט אַז זי זוכט אַן אוצר, אַ זשמאָניע מיט געלט... ערשט אויפן דריטן טאָג, האָט קלאַראַ געפונען איין איינציקע פאָטאָגראַפיע פון איר אומגעקומענער שוועסטער. זי האָט זיך באַגנוגנט דערמיט און אויפגעהערט צו זוכן.

פריִער, ווען זי פלעגט אַ בליק טאָן אויף דער פאָטאָגראַפיע, האָט זי קיין מאָל נישט געוואָלט גלייבן אַז איר שוועסטער לעבט נישט מער. די אויגן פון דעם צוואַנציק־יאָריקן מיידל האָבן אַראָפּגעקוקט גרויס־געעפנטע, ווי לעבעדיק, און אין די מויל־ווינקלען האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די רייפע יוגנט. דער קאָליר פון די האָר איז געווען אַזוי נאַטירלעך, ווי זי וואָלט איצט געשטאַנען פאַרן שפּיגל מיט אַ קאַם אין האַנט. זי פלעגט זיך קעמען מיט אַ שרונט אין דער מיט, און טראָגן אַ לאַנגן צאָפּ. אָבער דעם צאָפּ האָט מען אויף דער פאָטאָגראַפיע נישט אַרויסגעזען. זי איז דעמאָלט געווען אינעם ראָזע בלוזקעלע, און אויף דער פאָטאָגראַפיע האָט אַראָפּגעהאָנגען דאָס גאָלדענע קייטעלע מיטן מגן־דודל, וואָס האָט זיך באַהאַלטן אינעם טאָל פון איר יונגן בוזעם.

אָבער אַז קלאַראַ האָט איצט אַ קוק־געטאָן אויף דער פאָטאָגראַפיע, איז איר אַ שוידער אַריבער איבערן לייב. דאָס בילד איז געווען צעווייקט און אָפּגעקראָכן. אַ גרינער שימל פון די פאַרעיפּושטע וואַסערן האָט זיך אָנגע־לייגט און באַדעקט די אויגן־הייטלעך. די אויגן האָבן אויסגעזען צו זיין מיט בעלמעס פאַרצויגן, ווי זיי וואָלטן בלינד געוואָרן אין מיטן פון אַ חלום. אַזוי, טראַכט קלאַראַ, האָבן אויסגעזען די אויגן פון די פאַרטיעס וואָס זי האָט געזען פירן אין די גאַז־קאַמערן אַריין... ערשט איצט האָט זי שלום געמאַכט מיטן געדאַנק אַז איר שוועסטער איז אויך דערשטיקט געוואָרן צוזאַמען מיט איינער אַזאַ מענטשן־פּאַרטיע און זי וועט זיך שוין קיין מאָל מער נישט קעמען אירע לאַנגע צעפּ פאַרן שפּיגל...

ביי מיכאלן איז דאָס געפיל געווען אַ גאַנץ אַנדערער ווי ביי זיין פרוי. אין תוך גענומען, האָט ער קיין שום זאַך נישט באַדויערט. עפּעס אַ גם־זו־לטובה־געפיל האָט אים באַהערשט און געמאַכט גיך פאַרגעסן אינעם אומגליק. דאָס איינציקע וואָס ער האָט זיך נישט געקענט שענקען איז געווען, פאַר וואָס ער האָט זיך געלאָזט פון דעם טייך אַזוי אָפּנאַרן. ווען ער איז אַרויס פון שטוב, האָט דער ירקון נאָך אויסגעזען ווי אַ שטיל לעמעלע. דעמאָלט האָט ער נאָך צייט געהאַט אַלץ פון דער כאַטע אַרויסצוטראָגן. און מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער האָט ער שוין שיִער נישט געהאַט פאַרשלונגען זיינע קינדער... עטלעכע יאָר אַזוי נאָענט געוווינט מיטן ירקון, און נישט געוווּסט וואָס פאַראַ טייוול עס שטעקט אין אים.

מיכאל קען גוט דעם ירקון. נישט איין מאָל איז ער געווען ביי זיינע קוואַלן. די קוואַלן פון ירקון ברעכן־אויף צווישן די בערג, וואָס ליגן האַרט

ביי דער מזרחדיקער ירדן־גרענעץ. אַ גאַנץ יאָר שפּראָצן דאָרט פון יעדן באַרג־שפּעלטעלע לויטערע וואַסער־קוואַלן. ווען מיכאל האָט דאָס ערשטע מאָל זיך דערנענטערט צו ראש העין, דאָרט, פון וואַנען עס ברעכן־אויף די וואַסער־קוואַלן, האָט זיך אים אויסגעדאַכט אַז דער ווייסער באַרג ליגט אין אַ פּאָזיציע פון א יונגער מוטער מיט אַן אַנטבלויזטער ברוסט, וואָס האַלט אין מיטן אָנזייגן אַ קינד. צוקומענדיק נענטער, האָט ער געטראָפן תימנער פון ראש העין, וואָס קריכן אַרום מיט ציגן אין די בערג, און שטילן דעם דורשט דירעקט פון די קליינע ריטשקעלעך. זיי שטעלן אונטער אַ האַנט צום שטראָמענדיקן וואַסער, און טרינקען זיך אָן:

— אַי, טוב!

איצט האָט ער ראש העין כמעט נישט דערקענט. פון דער וויטנס האָט זיך אויסגעוויזן ווי צווישן די בערג האָבן זיך אַנטפּלעקט טיפע גריבלעך, און אַ לאַנגער קאַנאַל פירט אין אַ זיגזאַג, לויפט טיף אַריין צווישן די בערג־שפּאַלטן, ווי אַ מאָלער וואָלט דאָ אויסגעלייגט זיין געמעל פון אַ צויבערנ־דיקער ליניע וואָס באַהאַלט זיך אין דער סודותדיקייט פון אַ ווייבלעכער טאַליע.

אויף דער וואָר, זענען דאָס געווען די קאַנאַלן פונעם נייעם וואַסער־ווערק פון ראש העין. נאָענט ביים דאָרף, איז פאַראַן אַ סאַדזעווקע וואָס זאַמלט די וואַסערן, און ריזיקע פּאָמפּעס זענען דאָ אינסטאַלירט געוואָרן. די פּאָמ־פּעס אַרבעטן אויף דער פולער פּאַרע, און טרייבן דאָס וואַסער אין אונטער־ערדישע וואַסער־ליניעס, וואָס לענקען דעם שטראָם צו די פעלדער פון נגב. דריי פערטל פון די קוואַלן ווערט אָפּגעלענקט צום דרום צו, און דעריבער האָט דער ירקון געענדערט זיין אויסזען: זעלטן ווען טרעפט מען שוין אַפילו אַ לאָדקע מיט יונגוואַרג אויפן טייך. ערגעץ צווישן די קוסטעס פאַר־בלאָנדזשעט אַ מאָל אַ מאָלער, וואָס שטעלט־אויף זיין סטאַלוגע, און צייכנט די האַלב־נאַקעטעביימער וואָס שטייען לענגאויס דער קאָריטע מיט אַראָפּ־געלאָזטע צווייגן, ווי יידן אין אַ נהרות־בבל־בילד.

און נישט נאָר דער אויסזען אַליין האָט זיך דאָ געענדערט, נאָר אויך זיין אָנזען ווי אַ טייך בכלל. אין שיכון גייען כסדר אַרום שמועות, אַז מען וועט דעם ירקון נאָך מער פאַרשמעלערן, אָפּלענקען די רעשט וואַסערן וואָס מ׳האָט אים צוגעטיילט, און אפשר דערוואַרט אים גאָר דער בייזער גורל אַז די ירקון־פּלענער זאָלן רעאַליזירט ווערן און ער זאָל אין גאַנצן אָפּגע־מעקט ווערן פון דער מאַפּע.

אָבער בוימוואָל וועט דאָ וואַקסן! אין דעם איז מיכאל זיכער. אַפילו ווען מ׳זאָל אין גאַנצן אָפּלענקען די וואַסערן, איז דער באָדן דאָ אַן אויס־גערוטער, און ליגט אין טאָל, די ערד איז שוואַרץ און פולכנע. די יינגלעך פון מקוה־ישראל האָבן צוערשט געגומען אַ ביסל ערד, פאַרפּאַקט עס אין אַ טאָרבעלע, און צוריקגעקומען מיט אַ גרויסער שמחה:

קיין בעסערן באָדן פאַר בוימוואָל־פאַרזיי דאַרף מען נישט!

נישט קיין לייכטע אַרבעט האָבן זיי זיך דאָ אונטערגענומען. אַ קאָאָפּע־ראַטיוול פון זעכצן מענטשן, וואָס שטייען אויפן פעלד און האָרעווען פון באַגינען ביזן זון־אונטערגאַנג, און זענען אויסגעשטעלט אויף דער ברכה פון דער ערד. ווער ווייס, דערווייל ווייס מען נאָך גאָרנישט ווי עס וועט אויסזען. אַלע טאָג קומען די מענטשן מיט די דזשיפּן: פון סוכנות, פון דער קריה, אַ קוק טאָן, אַ שמעק טאָן וואָס עס הערט זיך, ווי זיי וואָלטן חושד געווען אַז אין אַ שיינעם טאָג וועלן די מענטשן פון קאָאָפּעראַטיוול אַראָפּ פון פעלד. צום מיינסטן פאַרעט זיך דאָ דער יונגער אַגראָנאָם אין טעמבל־היטל, וואָס פאַרשטעלט טיף זיינע אויערן. ער איז דער איינציקער באַרעדעוודיקער פון וועמען מען קאָן כאָטש אַ וואָרט אַרויסבאַקומען. ווי נאָר אורקע, „דער שפּרעכער פון קאָאָפּעראַטיוול", דערזעט אים, לאָזט ער זיך אים גלייך אַנטקעגן:

— נו, איר מעגט שוין הייסן געבן עפּעס עַל החשבון.

— איך מיש זיך נישט אין ביזנעס, — באַווייזט זיך אַ גוטמוטיקער שמייכל אויפן אַגראָנאָמס פּנים, — מיין דאַגה איז נאָר ס׳זאָל געראָטן...

— איר זעט דען נישט? — צעשפּרייט אורקע די הענט און גיט זיך בשעת מעשה אַ דריי אין אַלע זייטן פעלד, — אַ גרינער טעפּיך!...

— אויב ס׳וועט דאָ געראָטן, וועט מען אויך פּרווון אין חולה־געגנט און אין בית־שאן.

— אָבער לאָמיר דערווייל זען אַ פּאָר גרייצער! — האַלט זיך אורקע ביי ס׳זייניקע.

אורקע וויל נאָך עפּעס זאָגן, פרעגן, אָבער דער אַגראָנאָם וויל זיך נישט אַריינלאָזן אין לאַנגע שמועסן. עס קומט אונטער מיכאל, אָבער איידער ער באַווייזט עפּעס צו פרעגן, רייסט דער אַגראָנאָם אָפּ עטלעכע בלעטלעך פון אַ בוימוואָל־שטענגל און שפּרינגט צוריק אַריין אין דזשיפּ.

שטענדיק, נאָכן אַוועקפאָרן פון די חברה־לייט וואָס קומען אויף אַ באַזוך, שטייט מיכאל ווי אַ צעטומלטער. עס דאַכט זיך אים אויס אַז די לייט וואָס

קומען דאָ פון אַלע זייטן „אַ קוק טאָן וואָס עס הערט זיך" באַהאַלטן עפּעס אויס פאַר די מענטשן פון קאָאָפּעראַטיוו. דאָ מוז עפּעס זיין, טראַכט ער, וואָס זיי ווילן נישט מיר זאָלן וויסן...

דאָס פעלד איז שוין באַגרינט פון עק צו עק. די וואָרצלען וואַקסן ממש פאַר די אויגן. זיי פאַרשפּרייטן זיך פונאַנדער אין עטלעכע „גענג". צווייג־לעך אַזעלכע, וואָס צעשפּרייטן זיך אין אַ ראָד. די בלעטער האָבן זיך שוין אויספאָרמירט אין קליינע הערצלעך.

אַרבעט איז דאָ ביי דעם גענוג. וואָס מער מען רייניקט דאָס ווילד־גראָז, אַלץ שטאַרקער פאַרוואָרצלען זיך די פלאַנצן, ווערן שטאַרקער די קנאָספּן, פולכנער די בוימוואָל־וואַטע, מיט אַ זיידענעם גלאַנץ, פון וועלכער מען קאָן ציִען גאָר לאַנגע פעדעם, אַזוי האָט בפירוש געלערנט דער אַגראָנאָם אין טעמבל־היטל.

מיכאל מאַכט ביי זיך אָפּ, אַז דאָס מאָל, ווען דער אַגראָנאָם וועט קומען, וועט ער צו אים צושטיין און אים נישט אָוועקלאָזן פון פעלד, ביז ער וועט אים אויסזאָגן דעם סוד. ער איז נאָך קיין מאָל נישט געווען אַזוי געשפּאַנט צו זען אַ מענטשן ווי איצט דעם אַגראָנאָם, און ער האָט זיך קוים אויף אים דערוואַרט:

— עפּעס סודעט איר זיך תמיד. וואָס פאַראַ געהיימעניש שטעקט דערביי?

— ווייס איך וואָס...

— מיר קענט איר זאָגן. — בעט זיך מיכאל און לייגט אַרויף די האַנט אויפן האַרצן.

— נאָך צו פרי...

מיכאל גייט צו צו אים נענטער, און אין זיין בליק דערזעט דער יונגער אַגראָנאָם אי געבעט אי פאַרביטערטקייט:

— איך זאָג אייך צו, איך וועל נישט אַנטלויפן פון פעלד אַפילו ווען איר וועט מיר אַנטפּלעקן דאָס ערגסטע; אַפילו ווען איר זאָלט וועלן צונעמען דעם בוימוואָל אָן אַ גראָשן געלט. איך האָב מיר געגעבן דאָס וואָרט אַז „בגד ללבוש" מוז קומען פון דער־אָ ערד, טאַקע דאָ פון דער ערד וואָס ביים ירקון;

דער אַגראָנאָם פאַררייכערט אַ סיגאַרעט:

— נאָך זעקס וואָכן וועט מען וויסן...

— וואָס וועט מען וויסן? — שטעלט מיכאל אָן מויל און אויערן.

אין דעם יונגן בחור האָט אויפגעבראָכן דער שטאָלצער געפיל פון אַ




שאול ראַסקין — ביים טייך ירקון

סאַברע, וואָס האָט פיינט צו לייקענען, און ווי אַ דאָקטאָר וואָס באַשליסט צו זאָגן דעם חולה ווי ער האַלט, האָט ער געזאָגט:

— קיינער וועט אייך נישט צונעמען קיין גראַם בוימוואָל. פוסטע מעשיות! דער באָדן איז אין אייער רשות. נישט אין דעם גייט עס! די מורא קומט גאָר פון אַן אַנדער ריכטונג: עס זענען פאַראַן אַזעלכע אינזעקטן...

מיכאל האָט אויפגעציטערט און פאַר אויפרעגונג דעם אָרגאַנאָם נישט געלאָזט אויסרעדן:

— זיי זענען שוין דאָ? טאַקע דאָ, ביי אונדז אויף די פעלדער?

— ווער זאָגט אַז זיי זענען דאָ? וואָס ציטערט איר אַזוי? איך זאָג, אַז אין דער טעאָריע זענען זיי פאַראַן. אין די ביכער האָבן מיר דערוועגן געלערנט... אין די לאַבאָראַטאָריעס אין רחובות מאַכט מען עקספּערימענטן... איר זעט דען נישט ווי איך נעם תמיד מיט בלעטלעך פון די בוימוואָל־פלאַנצן? אָבער דאָ ביי אייך אויפן פעלד? לאָזט זיך דאָס דערווייל אַרויס פון קאָפּ. אַז עס וועט זיך עפּעס ווייזן, וועלן מיר אייך שוין קומען וועקן, אַפילו אין מיטן דער נאַכט... אַ רגע, לאָזט מיך אויסרעדן. עס זענען פאַראַן אַזעלכע אינזעקטן וואָס כאַפּן זיך אַריין אין די געוויקסן, און ווי שייך עס זאָל נישט אויסזען אויפן פעלד, ווערט פון אַלעם כהרף־עין אַ תל. נישט אַלע מאָל און נישט אין אַלע ערטער קומט עס, אָבער עס איז מעגלעך עס זאָל קומען. מיר האַלטן אין איין מאַכן עקספּערימענטן, וועלכע כעמישע שטאָפּן עס זענען די בעסטע פאַר דעזינפעקציע, אָבער דער קאַמף מיט די בוימוואָל־מזיקים איז אַ שווערער. דערווייל האָבן מיר נאָך נישט קיין ריכטיק מיטל אין די הענט.

— איז מעגלעך אַז פון דער גאַנצער אַרבעט זאָל גאָרנישט אַרויסקומען?

— איך זאָג דאָך אייך, אַז איר מוזט האָבן געדולד נאָך אַ זעקס וואָכן. נאָך דער צייט וועט דער בוימוואָל שוין זיין פאַרטיק.



דעם פאַרנאַכט איז מיכאל אַהיימגעקומען מער מיד ווי אַלע מאָל. כל־זמן ער האָט נישט געוווסט פון דעם געפערלעכן שונא, די בוימוואָל־מזיקים, האָבן אים די פעלדער געצויגן ווי עס ציט דעם שוישפּילער צו דער בינע. ער האָט זיך געגרייסט מיט יעדער בייט ערד וואָס איז אָפּגערייניקט געוואָרן דורך זיינע הענט. אויף ביי נאַכט האָט ער אַריינגעשטעקט שטעקעלעך אין דער ערד, כדי אויף מאָרגן צו זען מיט וויפל די שטענגלעך זענען צוגעוואַקסן.

ער האָט שוין געוווּסט אַז די פלאַנצן וואַקסן ביי נאַכט. היינט, ווען ער איז געקומען אין פעלד אַריין, האָט ער דערפילט אַ קילקייט אונטער די פיס, ער איז געוואָרן מער ניכטערער. ער האָט דערזען אַז אין דעם קאָאָפּעראַטיוול אין וועלכן אורקע האָט אים אַריינגעפירט קאָן זיין אָדער כולו־ריווח, אָדער כולו־היזק. פאַר אַזאַ ריזיקאַלישן שפּיל האָט ער נישט געהאַט קיין חשק. וואָלט ער דאָס געוווּסט אין אָנהייב...

איצט קלערט ער נאָר אין וועלכער זייט דאָס ציגל וועט זיך אַ צי טאָן. און וואָס וועט דעמאָלט זיין ווען די מזיקים וועלן זיך באַזעצן אויפן בוימ־וואָל? ווי וועט ער אַרויס פונעם קאָאָפּעראַטיוול? אפשר וועט דאָס זיין נאָך ערגער ווי אַ צווייטע פאַרפלייצונג? וואָס־זשע טוט מען? דערציילן קלאַרען?

ער האָט דערווייל געהאַלטן דעם סוד טיף אין זיך. צו וואָס זי באַ־אומרויִקן? וואָס קאָן זי דאָ העלפן?

יענע נאַכט האָט ער אין חלום געזען ווי מחנות שרצים קריכן אַרויס פון ירקון אין דער ריכטונג צו די בוימוואָל־פעלדער. ער לויפט זיי אַקעגן מיט אַ לאָפּעטע אין האַנט. דערנאָך שיט ער קאַלך לענגאויס דעם טייך, צו פאַרשטעלן זיי דעם וועג. אָבער עס העלפט נישט און די מזיקים קריכן וויטער. זיי באַפאַלן די פולע קנאָספּן, גריזשען זיך אַריין אינעווייניק, און מאַכן אָן אַ חורבה. לעבן אים שטייט דער אַגראָנאָם אין טעמבל־היטעלע, מיט אַ מיקראָסקאָפּ אין האַנט. ער רייסט אָפּ אַ בוימוואָל־זעקעלע, לייגט עס אַרונטער אונטערן גלאָז, און הייסט אים, מיכאלן, אַריינשטעקן דאָס אויג אינעם לאַנגן רערל:

— זאָג וואָס דו זעסט דאָרט, — זאָגט דער אַגראָנאָם.

און מיכאל רעדט ווי אַ היפּנאָזירטער, נישט אָפּרייסנדיק דאָס אויג פונעם רערל:

— אוי! אוי! וואָס פאַראַ חורבן זיי האָבן געמאַכט. נישט מער איבער־געבליבן ווי אַ ביסל פּרוכנע. ווי זיי לויפן!... ווי זיי גריזשען און פרעסן!... עס בלייבט נישט מער צו טאָן ווי פאַרברענען, ווי מען האָט אונטערגעצונדן די קופּעס טרוקענע ביימער פון אַלטן פּרדס. האַ, ווי זאָגט איר, אַגראָנאָם? פאַרברענען איז אַ זיכערע דעזינפעקציע, האַ?

אָבער פאַר וואָס זאָל מען נישט צוגרייטן דערצו זיין קלאַרען? ערגער וועט דאָך זיין ווען דאָס וועט קומען פאַר איר אומגעריכט. פּונקט ווי די פאַרפלייצונג אין דער אַראַבישער כאַטע. ניין, מאַכט ער ווידער מיט זיך אָפּ.

דאָס איז נישט קיין ענין פאַר ווייבער. דאָ האַנדלט זיך אין גרעסערע זאַכן. דאָס איז אַ מדינה־פּראָבלעם. דאָ גייט אין אויפשטעלן אַ נייעם צווייג פון רוישטאָפן אינעם לאַנד. נישט דאַרפן צו קויפן בוימוואָל.

פון דעמאָלט אָן האָט ער געציילט די טעג, ווי איינער וואָס שטייט פאַר אַ גרויסן משפט און דערוואַרט אַ גזר־דין. זיין פּנים איז געוואָרן לענגער, און די באַקן־ביינער שפּיציקער און דאַרער. אָבער אויף אַלע פראַגן פון קלאַרן האָט ער אַלע מאָל געהאַט אַן אויסרייד און איר וועגן „סוד" קיין וואָרט נישט געזאָגט.

אויף די פעלדער האָבן זיך אויפגעהויבן די בוימוואָל־קזשאַקעס העכער און פולער. דערנאָך האָבן זיי זיך באַדעקט מיט בליִעכץ, און מיכאל האָט געזען ווי עס פילן זיך אָן די קנאָספּן. וואָס אַ מאָל זענען זיי געוואָרן פולער, אויפגעקוואָלן ווי אַ פּנים געשוואָלן פון ציינווייטאָג. דערנאָך האָט דאָס געשווילעכץ אויפגעבראָכן מיט ווייס־האָריקע צויטן.

— ווער ווייס, — האָט מיכאל געטראַכט, — אפשר וועט געלונגען אַראָפּ־צוכאַפּן דעם בוימוואָל איידער עס קריכן אַרויס פון ירקון די מחנות מזיקים...

אַ פייערדיקער חמסין האָט שוין אָנגעהאַלטן דעם דריטן טאָג. עס האָט געבושעוועט אַ הייסער ווינט וואָס איז געקומען פון דעם סאַהאַראַ־מדבר און געשאָטן דאָס צעגליטע זאַמד אין פּנים אַריין. אין דער לופט האָט מען גע־פילט אַ צוגעזענגטן ריח, ווי ביים פאַרברענען דערנער אויף די פעלדער. דאָס איז אַ ספּעציפישער חמסין־ריח. ביים ירקון־ברעג איז די היץ געווען נאָך שטאַרקער, כאָטש דאָ האָט געבלאָזן ווייניקער זאַמד אין פּנים אַריין. דער שווייס האָט זיך געגאָסן פון די האַלב־נאַקעטע לייבער, און טרינקען האָט זיך געוואָלט גאַנצע פעסער. אַז מען איז געזעסן אַריבערגעבויגן איבער די בוימוואָל־פלאַנצן, האָט מען געזען ווי פון טייכל הייבט זיך אויף אַ פאַרע ווי אַ דורכזיכטיקער נעפּל. מיט דער־אָ פאַרע קאָרמעט דער ירקון אָן די ביימער און קוסטעס וואָס וואַקסן ביי זיינע ברעגעס, און דעריבער טוען די ביימער נישט נאָך ווי די אַנדערע, וואָס וואַקסן אויף דער טריקעניש, און אין חמסין־טעג לאָזן זיי גלייך אַראָפּ די בלעטער ווי זיי וואָלטן חלשן. אין אַזאַ חמסין, קאָן מען אַפילו אָפּקאָכן אַן איי אין צעגליטן זאַמד, אָבער סיי די ביימער און סיי די מענטשן פון קאָאָפּעראַטיוול טוען זייער פעלדאַרבעט.

די מענטשן פון קאָאָפּעראַטיוו זענען דענערוווירט: שוין מער ווי אַ וואָך ווי די אַגראָנאָמען האָבן זיך נישט באַוויזן אויפן פעלד. אורקע און מיכאל האָבן אַלע טאָג געטאַפּט די בוימוואָל־שויטן. געפּאָרשט זייער פייכטקייט,

אַוועקגעשאַרט די ערד און נאָכגעקוקט אויב עס טריקענען שוין די וואָרצלען. אין די בלעטער האָבן זיך שוין באַוויזן ברוינע פלעקן, און פון די קעפּלעך שטופּן זיך ווייסע צעפּלעך. זיי פאַרשטייען, אַז עס דערנענטערט זיך דער בוימוואָל־אַראָפּנעם, אָבער אויף אייגענער האַנט ווילן זיי נישט אָנהייבן. עס האָט זיך שוין געמאַכט פאַרנאַכטלעך, און זיי האָבן זיך געגרייט אַהיימצוגיין. פּלוצעם דערזעען זיי ווי עס לויפט אָן אַ דזשיפּ. דער אַגראָנאָם מיטן טעמבל־היטל איז דאָ! ער לויפט גלייך אויף די פעלדער. יעדע פּאָר טריט שטעלט ער זיך אָפּ, באַטאַפּט עטלעכע שויטן, ציפּט פון זיי אָרויס די וואַטע, צעציט אין לאַנגע פעדעם. די פעדעם האַלט ער הויך אַקעגנאיבער דער רויטלעך־פאַרגייענדיקער זון. דערנאָך דערנענטערט ער זיך מיט שנעלע טריט, און שרייט שוין פון ווייטנס: צייטיק! צייטיק!

— מ׳קאָן אָנהייבן דעם אַראָפּנעם?

— אַפילו שוין איצט!

מיט איין מאָל איז מיכאלס האַרץ אָנגעפילט געוואָרן מיט פרייד. ער איז צוגעלאָפן צום יונגן אַגראָנאָם, אים אַרומגעכאַפּט און פעסט צוגעדריקט צו זיך:

— דו קונדס איינער, האָסט מיר אַזוי פיל שרעק פאַרשאַפט!...

— איצט, — האָט דער אַגראָנאָם געזאָגט, — דאַרפט איר נאָר האָבן איין זאַך: הענט. אַ סך הענט!

די ערשטע הענט וואָס האָבן זיך אַ כאַפּ געטאָן צו פּליקן דעם בוימוואָל זענען געווען מיכאלס. נאָך פאַר זון־אונטערגאַנג האָט ער באַוויזן אָנצופּליקן צוויי פולע זעקלעך בוימוואָל. ער איז מיט פולע זעק אַרויפגעלאָפן אויפן באַלקאָנדל און אַלע שכנים אַרויסגערופן פון די שטובן:

— זעט, בוימוואָל וואַקסט הינטער מיין פענצטער!

דערנאָך איז ער צוריקגעלאָפן אין פעלד אַריין. ער האָט אַנידערגעקניט פאַר אַ בוימוואָל־שטרענגל, גענומען אין זיינע הענט אַ פולן קנאָספּ און אָנגעהויבן אים עפענען, געצויגן דינע פעדעם בוימוואָל. אים האָט זיך אויסגעדאַכט, ווי ער וואָלט געעפנט טויערן וואָס זענען געווען דורות־לאַנג פאַר זיינע אָבות פאַרשלאָסן. און ווען דער קנאָספּ איז שוין געווען ליידיק, האָט ער אַ בליק געטאָן אויף דעם פענקל וואַטע וואָס איז געווען אין זיינע הענט, זיינע ליפּן האָבן גענומען ציטערן, און ער האָט קוים דערהערט זיינע אייגענע ווערטער:

— איך וועל מער פון די ירקון־ברעגעס נישט אַוועקגיין!...

# שייך־מוניס

דער טאָג איז געווען אַ הייסער. די גאַסן זענען געשטאַנען צעגליִטע און פאַרטרוקנטע פון שטויב. זיינוולען האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די פּאָדעשוועס פון זיינע שיך האָבן זיך אָנגעגליט אויף די צעהיצטע שטיינער. מיט אייליקע טריט האָט ער געשפּאַנט איבער אַלענבי־גאַס צו דער תחנה המרכזית. פאַר די אויגן האָבן זיך אים געמיניעט: געשעפטן פון שיך, קאָנפעקציע, ביכער און בלומען. אָבער אַזוי פיל ביכער־געשעפטן? אָט ציילט ער די טריט ביז צוואַנציק, דרייסיק און ווידער אַ פענצטער פול מיט ביכער. נישט אומזיסט — טראַכט ער — רופט מען דאָס יידישע פאָלק „עם הספר"... עס איז אים פאַרגעקומען, אַז אין שטאָט איז אומעטום דער אייגענער גערויש, טומל, איילעניש און סכנה ביים דורכגיין יעדן שפּאַן, יעדן סקווער און געסל. און די שוי־פענצטער — זיי מאָנען, שלעפן דיך ווי פרעכע נקבות, וואָס לעכצן אַרויסצוציִען פון דיר די לעצטע פּאָר פּיאַסטערס...

ערשט איצט איז אים אַזוי היימיש נאָענט געוואָרן זיין דערפל, וואָס ליגט אַקעגנאיבער דער עלעקטרישער רוטנבערג־סטאַציע אויפן פליכע־וואַטן שאַרבן פון אַ זאַמדיקן באַרג און ווי אַ געטרייער שומר האַלט עס אַ וואַך־אויג אין תל־אביבער צפון אויפן ים־ברעג.

ווען ער איז אַדורך דעם סקווער און גענומען גיין באַרג־אַראָפּ צו דער אַלט־שטאָט, איז אים אויפן געמיט אַ ביסל לייכטער געוואָרן. דאָ שטייען לענג־אויס די גאַסן קליינע קרעמלעך פון בוי־מאַטעריאַלן, אייזן־וואַרג און צעלניק, סטראַגאַנעס מיט פרישן געבעקס, אויבסט, ירקות און שפּילערייען פאַר קינדער. די פאַרקויפערס זענען אויך נישט ווי אויף אַלענבי־גאַס, אַזעלכע שטייפע, און מ׳זעט אויך נישט דאָ אַזעלכע אויס־געפּוצטע מיידלעך מיט אַ שטאַרקן פאַרפום־געריך. דאָ שטייען די בעלי־הבתים אַליין און פאַרקויפן די סחורות מיט אייגענע הענט, ציטערן, אַ

קונה זאָל נישט אַוועקגיין און זיי לאָזן אַ שפּאָר ביסל אַראָפּ פון פּרייז. אַפילו קליינע יינגלעך האַנדלען דאָ מיט נאַשוואַרג, פּונקט, ווי אַ מאָל אין אַ יאַריד־טאָג דאָרט, ביי זיינוולען אין שטעטל. פאַרבייגייענדיק פאַר אַ קרעמל פון בלעכוואַרג האָט ער זיך דערמאָנט, אַז זיין ברײנדל האָט אים געבעטן קויפן עפּעס פון קיך־געשיר. אין גרויס איילעניש איז ער צוגע־קומען צום לעצטן אויטאָבוס, וואָס גייט־אָפּ ערב־שבת.

שבת האָט שייך־מוניס אַ גאַנץ אַנדערן אויסזען, ווי אין די טעג פון אַ גאַנצער וואָך. כאָטש ווי יעדן טאָג קוקט דאָס דערפל אַראָפּ פון דעם שפּיציקן באַרג מיט זיין גרויער זיקנה, מיט די איינגעבויגענע געלעכערטע דעכער און איינגעהויקערטע מויערן — דאַכט זיך אָבער זיינוולען אויס, ווי דער באַרג וואָלט זיך אַ רוק־געטאָן פאָרויס צום ים־ברעג, ווי עס וואָלטן זיך מיט אַ מאָל אויסגעשטרעקט הונדערטער פאָר הענט און דערלאַנגט אַ ברייטן שבתדיקן שלום עליכם די מלאכי השרת — אַ שבת שלום!

אַז זיינוול איז אַראָפּ פון אויטאָבוס, האָט ער זיך אַליין געוווּנדערט: וואָס איז געווען דאָס גאַנצע איילעניש? די זון שטייט נאָך איבערן סאַמע האָרץ פון ים און די פאַליעס, זעט מען, יאָגן זיך רייטנדיק איינע איבער די צווייטע מיט אַ ווייסן שוים. אַ מאָל אין דער אַלטער היים — וואָלט מען אָנגעטאָן אַ פּאָר גראָבע שטיוואַלעס און געהוליכט צופוס אין שטאָט אַריין. אָבער דאָ איז דער מענטש גאָר אַנדערש, ווי ער וואָלט אויפגעהערט צו גלייבן אין דער קראַפט פון זיינע רגלים. מ׳האָט זיך געלאָזט באַהערשן פון דער מאַשין. מע איז צוגעבונדן צו איר. איז נישטאָ דער אויטאָבוס, וואַרט מען אויף אים לענגער, ווי עס וואָלט געדויערט דער צופוס־גאַנג אין שטאָט אַריין.

ערשט איצט, ווען פאַר זיינע אויגן האָבן נאָך געמיניעט די גרויס־שטאָטישע געביידעס האָט ער דערזען ווי די הייזלעך פון שייך־מוניס זענען אָנגעוואָרפן און אַריינגעבאַקן, ווי צעיוֹרענע קוילעטשן איינס אין אַנדערן. נאָך פון דער ווייטנס, ווען ער האָט אַ בליק־געטאָן אויפן דערפל, האָט זיך אים געדאַכט, ווי גאַנץ שייך־מוניס איז נישט מער ווי נחס תיבה, וואָס איז נאָכן לעצטן איירָאפּעיִשן מבול געבליבן שטיין אויפן שפּיץ באַרג. די מענטשן פון דער תיבה האָבן נישט אַריינגענומען אין איר קיין חיות, ווייל חיות האָט דעמאָלט נישט געדראָאָט קיין סכנה...

אַזוי איילנדיק צו זיך אין שטוב־אַריין, האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן פּריש־אונטערגעשוירענעם האַלב־גרויען בערדל, ווי ער וואָלט באַ־

שטעטיקט זיינע געדאַנקען, און ווי זיין טבע איז, גערעדט צו זיך אַליין.
זיי, די וותיקים, דערציילן די מעשה אַזוי:
שייך־מוניס איז געווען אַן אַראַבישער שייך, געשטאַמט האָט ער פון אַ ירדנישן וואַנדער־שבט. ער האָט זיך דאָ אויפן באַרג אָפּגעשטעלט מיט זיינע פיר ווייבער און 23 קינדער, מיט זיינע קעמלען, שעפּסן, אייזלען און גענומען בויען דאָס דערפל, וואָס טראָגט עד היום זיין נאָמען. אָבער קיין „זיץ פליייש" האָבן נישט די אַראַבער, זיי שטאַמען דאָך פון מדבר, איז ווי־נאָר ס'האָט זיך דעם שייך געמאַכט אַ געלעגנהייט, בעת דער באַ־פרייונגס־מלחמה, איז ער אַוועק פון דאָרף, ווי דורך אַ ווינט פאַריאָגט, און איבערגעלאָזט פוסטע הייזקעס און קופּעס מיסט.
באַלד אָבער האָט זיך דער ווינט אויסגעדרייט און מיט רעש אָנגע־טראָגן דעם ערשטן עליה־שטראָם פון די די־פּי־לאַגערן פון דייטשלאַנד. די נייע עולים האָבן געשלאָגן כּפּרות מיטן אַראַבישן שייך און אויף פּראָסט יידיש רופט מען דאָס דערפל „שלח מונית". אין דער אמתן — טראַכט זיינוול — איז דאָס גאַנצע דערפל אַ שטיק וואונדער. דאָ וווינען דאָך מענטשן פון איין גורל, אַרויסגעשפּרונגענע פון די וואַגאָנען, פון די גאַז־קאַמערן און ברען־אויוונס. פּרוּוו נאָר אַ נעם־טאָן איינעם פון די דאָזיקע מענטשן און אויסהערן די מגילה פון זיינע טראַגישע איבערלעבונגען; דרינג אַריין אין איין שטוב אַזאַ; אין איין יידישער נשמה, דערפילסטו גלייך דעם געראַנגל צווישן דער דערדריקנדן חושך פון יענע טעג און די קאָנטורן פונעם נייעם האַרטן לעבן, וואָס מען האָט אָנגעהויבן פון בראשית. אָבער פון דרויסן פּטרט מען דאָס אָפּ מיט אַ ציניש ווערטל: ש ל אַ ך ־ מ ו נ י ס!
די ערשטע צייט, ווען זיינוול איז דאָ אַהערגעקומען, האָט ער זיך געפילט פרעמד און צעבראָכן. די אַראַבישע הייזקע איז אים געווען אומ־היימלעך. די ליימיקע ווענט זענען געווען פול מיט לעכער, אין וועלכע די פאַרשידענע ווערים און „צוואַנציק־פיסיקע"־קריכערס האָבן געהאַט זייערע נעסטן. ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן, איז מען פון שטוב מער נישט אַרויס. דער גויאַווע־בוים האָט זיך געוויגט אַקעגנאיבער דעם פענצטער און געוואָרפן מרה־שחורידיקע שאָטנס איבער די ווענט און סופיט. פון דערווייטנס האָט זיך געהערט ווי דער רוגזדיקער ים רייסט זיך צום ברעג און זיין גערויש האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיטן געוואָי פון די שאַקאַלן.
צוביסלעך איז ער געקומען צו זיך. ער האָט זיך אַ נעם־געטאָן צו פאַרריכטן די הייזקע, אָפּגערוימט אַלע גראָטעס פון הויף, אַרומגעצוימט

אַ פלויט, פאַרפלאַנצט נייעביימער און אָנגעהאָנגען מזוזות אויף די טירן. דאָס איבעריקע האָט שוין געטאָן זיין ברײַנדל. זי האָט אויפגעהאָנגען נייע פאָרהאַנגען אויף די פענצטער און אויך נייע זשיראַנדאָלן, אַריינגעשטעלט אַ קאָמאָדע־שענקל, אַ ווייסן אייז־קאַסטן און זיינוול האָט זיך אָנגעהויבן פילן ווי ביי זיך אין דער היים, אין שיראַדז.

אַ גאַנצע וואָך איז זיינוול אַ פאַרנומענער מענטש. ער אַרבעט שעהען און איבערשעהען, אָבער אַז עס קומט שבת, טוט ער זיך אָן דעם באָרדאָ־געבלימלטן שלאָף־ראָק מיטן טראָלזיקן גאַרטל און כאַפּט זיך אַרויס מיט זיין ברײַנדלען אויף אַ שפּאַציר. ערשט ביז דאָ־נישט־לאַנג האָט ער געהאַט אַ תענוג צו שפּאַצירן מיט זיין שכן שמולקע, אָבער פלוצעם האָט יענער פאַרלאָזט די דירה, געזאָגט האָט ער אַפילו, אַז אַלץ צוליב דעם, וואָס אינעם דאָרף איז נישט פאַראַן קיין לשכת עבודה און עס איז אים מיאוס געוואָרן תמיד צו לויפן זיך פאַרשרייבן אין שכנותדיקן הדר־יוסף.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז שמולקע האָט זיך אויף שנעל אויסגעלערנט אַ ניי גוט פאַך. ער איז געוואָרן אַ פּאַלאַטן־לייגער, אָנגעהויבן גוט צו פאַרדינען, דערשמעקט דעם טעם פון שטאָטישן לעבן און איבערגעגאַנגען אין אַ דירה אין צפון תל־אביב.

אין שמולקעס דירה זענען אַריינגעקומען אַן איראַקישע צוועלף־קעפּיקע משפחה.

זינט שמולקע איז אַוועק פון דער דירה, הערט מען נישט קיין יידיש וואָרט אויפן הויף. די איראַקער רעדן און שרייען נאָר אויף אַראַביש. זיי האָבן שוין באַוויזן אַריינצושטעלן אַ ראַדיאָ, וואָס קלאַפּט פון פרי ביזן שפּעטן אָוונט אַראַבישע ניגונים און תפילות.

אַז זיינוול האָט דאָס ערשטע מאָל דערזען זיין נייע שכנטע — אַן אויס־געדאַרט ווייבל מיט טונקל־אָפּגעברענטע קין־ביינער, האָט זיך אים אויס־געוויזן, אַז עפּעס אַ פרעמדער אַפריקאַנישער פויגל איז דאָ אַריינגעפלויגן אין אַ פרעמדער נעסט... איצטער איז ער שוין צוגעוווינט צו דעם און ער נעמט רויק אויף זייערע ליאַרעמס און געשרייען. אויפן הויף באַגעגנט מען זיך גאָר פריינטלעך, ווי ער וואָלט געגעבן אַ ביישטייער צום מיזוג־גלויות.

— וואָס זעט מען עפּעס נישט אייער מאַן? — פרעגט ברײַנדל די איראַקערין סתם־אַזוי צוליב מיזוג־גלויות.

ער ליגט און כראָפּעט. שבת איז זיין טאָג. אָדער ער גייט אין דער קנייפּע טרינקען, אָדער ער ליגט אויף דער פּריטשע.

— אַזוי איז ער פון וויגל אַרויס? — מישט זיך אַריין זיינוול.

די איראַקערין גיט אַ פיר מיט די הענט אין דער לופטן, און זאָגט, אַז ס'האָט געקענט זיין נאָך ערגער: דאָ שלאָפט ער מער, ווי ער טרינקט. דאָרטן אין איראַק איז ער געווען אַן אויפזעער אויף אַ קליינער באַן־סטאַציע, און דאָ פאָרט ער אַרום מיט אַ ירקות־וועגעלע.

— אָבער קינדער האָט איר... — טרייסט ברײנדל די שכנטע — טאַקע איינס און איינס...

— און זי האָט איר אויך געבראַכט פון דאָרט? — גלעט זיינוול דעם קעפּל פון אַ קליין מיידעלע, וואָס וויקלט זיך אַרום דער מוטערס קליידל.



זיינוול מיט זיין פרוי אין אַ שמועס מיט די נייע שכנים.

— שושנה איז די איינציקע, וואָס איז דאָ געבוירן — אַ סאַברע. זי ווייסט אַפילו נישט דעם טעם פון געבראָטענעם שעפּסן־פלייש און נישט פון איראַקער עפּל. די איבעריקע קינדער געדענקען דאָס זייער גוט.

— מ'דערקענט באַלד — זאָגט זיינוול, אַז די קליינע איז אַן אומ־דזעריקע. ער גיט זיך אַ דריי־אויס, ווי ער וואָלט אָנזאָגן ברײנדלען, אַז דער שמועס איז געענדיקט און מיט פּאַוואָלינקע טריט גייט ער אַרויס אינעם געסל.

— פאַרשטייסטו מיך, ברײנדל, ס'איז די אייגענע מעשה: „זכרנו

את הדגים אשר אכלנו במצרים״... איז דער טייטש דערפון — ווי לאַנג עס דרייט אין דער נאָז אַ גערוך פון פאַרשטינקענע פיש, קאָן מען קיין גוטן טעם אין אַ מאָלצייט נישט פילן...

— הלמאי זאָל איך זאָגן, דו ביסט נישט גערעכט — זאָגט ברײנדל שטיל, ביי זיי מעסט מען אַלץ פון טאָפּ־אַרויס און...

— כ׳וויל מער נישט הערן „זיי״ און „מיר״ — רייסט זיינוול האַסטיק איבער. נישטאָ קיין צוויי מדינות אין איין דערפל. קיין צוויי פעלקער אין איין כאַטע, אונטער איין דאַך. צוליב וואָס זיץ איך דען דאָ, אויב נישט צוליב מיזוג־גלויות?

הגם זיינוול איז געווען אויפגערעגט און געוואָלט זיך אומקערן צוריק אין שטוב אַריין, האָט ער אָבער נישט געקאָנט פועלן ביי זיך אַזוי עזותדיק צו האַנדלען קעגן זיין ווייב און אַנטלויפן פון איר אין מיטן שמועס. ער איז געגאַנגען ווייטער מיט קריכנדיקע טריט. ס׳האָט זיך געשאַפן ביי אים דאָס געפיל, ווי ער גייט איצט אויף אַן אינספּעקציע איבערן דערפל, ווי ער וואָלט מחוייב געווען צו גיין זען וואָס עס טוט זיך, וואָס ס׳איז דורך די זעקס טעג פון דער וואָך געשאַפן געוואָרן, ווי ווייט צפון תל־אביב האָט זיך שוין אויסגעבויט און דערנענטערט צום דאָרף.

ברײנדלען האָט זיך אויסגעדאַכט, ווי מען קוקט אויף זיי, ווי אויף אַ צעקריגט פּאָר־פאָלק. זי האָט באַמערקט, ווי זיינוול קוקט אָן יעדעס ווינקעלע מיט אַ טיפער דורכדרינגלעכקייט, ווי אויף זיין פּנים צעגיסט זיך אַ הנאָהדיקער שמייכל, פונקט ווי ביי אַ קינד, ווען עס רירט אָן מיט די הענטלעך די שבתדיקע בגדימלעך. זי האָט שנעל געוואָלט אַרויס פונעם שמאָלזאַמדיקן געסל, ווו פון ביידע זייטן האָבן גרינענע ריטשקעס אָפּלויף־וואַסער. נאָך עטלעכע טריט און זיי זענען אַרויסגעקומען צו אַ פרייען פּלאַץ ביי דער אַשכנזישער שול.

עפּעס אַ פאַרשפּעטיקטער מנין האָט נאָך געהאַלטן ביי קדושה, ביים אַריינגאַנג איז געווען אָנגעהאָנגען אַ נייער שילד

בית כנסת ע״ש חילים ז״ל
דוד בש ומרדכי גריץ
שנפלו במלחמת השחרור בהגנת מדינת ישראל.

זיי זענען אינסטינקטיוו צוגעגאַנגען צו דער שול־מויער. זיינוול האָט אַ קוק־געטאָן אויפן ווייב, איר געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער זי איז געשטאַנען

מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט און גע־רעדט צו איר ווייך ווי צו אַ קינד, ווי ער וואָלט איר וועלן געבן אָנצוהערן, אַז עס אַרן אים נישט אַלע אירע חסרונות פון אַ גאַנץ יאָר, אַבי זי זאָל אים איצטער אויסהערן מיט קאָפּ.

— ברײַנדל! — הייבט ער אָן שטיל, און ברײַנדלען דאַכט זיך, אַז זײַנע ציינער טרייסלען זיך אין פיבער — האָסט געהערט, ברײַנדל, אַז אין חוץ־לארץ זאָל מען אַ יידישע שול רופן אויפן נאָמען פון געפאַלענע זעלנער? הערסט ברײַנדל, דו ווייסט דאָך, איך קום אין שול אַריין נישט מער ווי אין די ימים נוראים און ווען כ׳האָב יאָרצייט. אָבער, אַז כ׳בין אינעווייניק ווערט ביי מיר עפּעס אַ גאַנצער מיש־מאַש. צו ערשט ווערט מיר אומעטיק. עס נעמען זיך יאָגן געדאַנקען ווי צעבראָכענע ים־כוואַליעס. מיט רוגזה לויף איך צו צום קליינעם הילצערנעם עמודל, ווו ס׳צאַנקען יאָרצייט־ליכט און כ׳וויל אַ פרעג־טאָן דעם בורא־עולם, אַזוי אויפן היימישן לשון: „אפשר קומט דיר נאָך אַרויס אַ רעשט פון אונדז, האַ? ביסט געזיצן אויבן און זיך צוגעקוקט ווי מען שעכט און ברענט דײַנע חסידים און אַנשי־מעשה, רבנים און תינוקות של בית רבן. האָסט געהערט דאָס ביטערע געוויין פון די יידישע מאַמעס, וועמענס קינדער מ׳האָט געמאָרדעט פאַר זייערע אויגן און צו דיר איז דערגאַנגען דאָס האָפערדיקע געזאַנג פון שמע ישראל! און דו ביסט זיך אַזוי געזעסן אויף דײַן כסא־הכבוד און נישט געטאָן אַ האַנט אין קאַלטן וואַסער אַרײַן... ווילסטו נאָך כ׳זאָל דאַווענען בכוונה און דיך לויבן, שפּרונגען „קדוש" און אפשר דיר אונטער־שטעלן די צווייטע באַק אויך, האַ?

פאַרשטייסטו מיך, ברײַנדל, אַרײַנזאָגן דעם רבונו של עולם שאַדט נישט. משה רבינו האָט זיך אויך אַ מאָל קעגן אים צעבונטעוועט, און אַפילו ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער האָט זיך אויך נישט געשעמט אים צו לאָדענען צו אַ דין־תורה... אָבער באַלד כאַפּ איך זיך, אַז נישט דאָס איז דער עיקר. דאָ בין איך אין אַ מקום קדוש, וואָס עקזיסטירט צום אָנדענק פון צוויי העלדישע סאָלדאַטן פון צה״ל, און עס נעמט מיך באַלד אַרום אַ געפיל פון חרטה. פאַר וואָס ביך איך זיך אַליין מבזה? דאָ איז דאָך נישט דאָס אָרט פאַר מחלוקת. אַ געפלעפּטער זעץ איך זיך אַוועק אין אַ ווינקל און ס׳הייבט אָן ברומען אין מיר אַ זיסער ניגון. עס גייט אויף אַ נײַ ליד. אָרגלען רופן זיך אָפּ און דערהייבן מיך צוזאַמען מיט מײַן ליד, אָבער דאָס איז אַ ליד אָן געדאַנק, אָן אַ פירוש און אָן אַ טרייסט. ערשט ווען

מ׳קאָן שוין מער נישט וואַרטן מיט מנחה־דאַווענען און מער ווי אַכט מענטשן צום מנין איז נישטאָ — רופט זיך צו מיר אָן אַ גרייז־גרויער זקן:

—— זיינוול, זאָג אַשרי, ס׳איז דאָ מנין!

קוק איך זיך נאָך אַ מאָל אַרום, צייל אויף אַלף־בית, און פרעג אים:

— ווי אַזוי?

— מ׳קאָן צורעכענען די צוויי זעלנער צום מנין — זאָגט דער זקן געלאַסן.

ווייסטו דאָך אָבער, ברײַנדל, אַז איך קען אויך אַ ביסל די דראָבנע אותיותלעך און ווייס ווו אַ דין געפינט זיך, גיב איך דעם אַלטיטשקן אַ פּאָר־אַריין מיט אַזאַ פּסוק:

— על־פּי נשמה יאָ, אָבער על־פּי דין טאָר מען קיין מת נישט צו־רעכענען צום מנין.

דאָ האָט זיך דער אַלטיטשקער אַ שטעל־אויף געגעבן ווי אַ לייב. זיינע אויגן האָבן אַ גלאַנץ־געטאָן מיט כעס און ער האָט זיך אַזוי שטאַרק אויפגעקאָכט, אַז די הענט האָבן אים אָנגעהויבן ציטערן און די אויגן־קישעלעך זענען אויפגעקוואָלן ווי נאַס־אָנגעזאַפּטע שוואָמען:

— וואָס האָסטו געזאָגט? „אַ מת״? פון ווען אָן זענען דאָס ביי דיר גבורי ישראל מתים?

און ער איז אַליין אַ שפּרונג־צו געטאָן צום עמוד דאַווענען מנחה.

דעמאָלט, פאַרשטייסטו מיך ברײַנדל, ערשט דעמאָלט האָב איך געפונען דעם גאַנצן אינהאַלט פון מיין אייגענעם איך, און כ׳פיל ווי כ׳בין אַ רינגעלע אין דער גאָלדענער יידישער דורות־קייט... נו, ברײַנדל, איצט פאַרשטייסטו שוין, וואָס ס׳מיינט מיזוג־גלויות?...

— קום שוין, קום! דו רעדסט, ווי פון חלום — גיט זי אים אַ נעם ביים אָרעם און גייט אַרויס אויפן כביש.

פון דער ים־זייט האָט אַ בלאָז־געטאָן אַ קיל ווינטל, אַ מחנה ווייסע מעווועס האָבן מיט אַ שימערדיקן פלאַטער זיך אַראָפּגעלאָזט אין טאָל, עפּעס אַרומגעזוכט מיט אימה און זיך באַלד באַהאַלטן צווישן די ביימער ביים ברעג פון ירקון־טייך. די באַוועגונג אויפן כביש איז געווען אַ שוואַכע. איינצלנע מאַשינען זענען בליץ־שנעל פאַרבייגעלאָפן און אין זיינוולס אויגן האָט דער גאַנצער אַרום איצט אויסגעזען פּלאי־פּלאים:

— ווען איז דאָס אַלץ געבויט און געשאַפן געוואָרן? דו געדענקסט ברײַנע, ווען מיר זענען אַהערגעקומען איז אַרום געווען פּוסט און וויסט.

שפּעטער זענען אַרויסגעוואַקסן קילאָמעטער־לאַנגע הייזער־רייען. אָט, זעסטו, דאָס קליינע אַראַבישע הייזל, וואָס איז אַ מאָל געווען פּאַראַיינזאַמט, געליגן ווייט אינעם פּוסטן פעלד, איז שוין איצט אַרומגערינגלט מיט שטאָקיקע בנינים. אוי, — האָט ער אָפּגעזיפצט — אַפילו זיך נישט באַוויזן אַרומצוקוקן און די נייע הייזער רוקן זיך אַריין אינעם דערפל. הינטערן דאָרף איז שוין אויפגעבויט אַ ריזיקע עלעקטרישע סטאַציע, אַן עקס־פּערימענטאַלע סטאַציע פאַר בוי־מאַטעריאַלן, וואַסער־סטאַציעס, פאַר־שטעלטע אייל־אַרסענאַלן און מ׳שמועסט, אַז מען נעמט בויען אויך אַן אוניווערסיטעט. זע־אָ, ביי די זייטן פון וועג שטייען גראָב־מאַשינעס. מיט זייערע שטאָלענע, פאַרבלאָטיקטע ציין זעען זיי אויס ווי בייזע הינט, וואָס מ׳האָט איבער דעם שבתדיקן טאָג אָנגעבונדן אויף קייטן. מאָרגן וועלן זיי זיך ווידער אָפּרייסן, גריזשען שטיקער פונעם הויקערדיקן באַרג און פאַר־וואַנדלען אים אין פלאַך־לאַנד. שפּעטער וועלן קומען די מויערער מיט די טעמבעל־היטעלעך און אָנגעהאָנגענע טלומעקלעך טאָג־שפּייז און דאָ אויפשטעלן נייע הייזער ווי מען שטעלט באַנקעס אויף אַ פּלייצע.

עס איז זיי אָקעגנגעקומען אַ געזעמל פריילעכע מענטשן, וואָס האָבן געצויגן פון צפון־קוואַרטל פון דער שטאָט. אַ סך האָבן זיך אַוועקגעזעצט מיט די קינדער ביי דער זייט פון וועג, אינעם שאָטן פון אַ יונג וועלדל. זיי האָבן געשפּילט אין קאָרטן, געלייענט ביכער און אַרומגעטאַנצט.

זיינוול האָט זיך אַרומגעקוקט:

— ס׳מוז שוין זיין שפּעט. אַ ביסל זיך צערעדט, און מען גייט שוין פון שול.

עטלעכע יידן מיט טליתים אונטער די אָרעמס האָבן זיי אָנגעיאָגט.

— גוט שבת!

— שבת שלום, ר׳ זיינוול!

ער האָט זיך אַ ביסל פאַרשעמט און געוואָלט מאַכן דעם אָנשטעל, ווי ער אַליין וואָלט איצטער געגאַנגען פון דער שול און באַלד אַראָפּגעפירט דעם שמועס אויף עפּעס אַנדערש:

— נישקשה, האָט זיך דאָ אַ בוי־געטאָן, האַ?

— און מען האָלט נאָך אין איין בויען!

— מען הייבט ערשט אָן צו בויען!

— ווי ווינט זיך עפּעס אינעם „צפון“ ר׳ כאַצקל? — מישט זיך אַריין ברײַנדל.

— ווי ביי זיך אין דער היים! אַ גוטע דירה און גוטע שכנים, אַפילו אַ גוטע „משכנתא“ האָט מען מיר געמאַכט...

— אַ צרכניה האָט איר?

— ס׳איז דאָ!

— און אַ שולע?

— דאָס בויען זיי ס׳ערשטע.

— און וואָס איז מיט אַ מנין?

דער ייד מיטן טלית אונטערן אָרעם, וואָס ברײַנדל רופט אים כאַצקל, האָט זיך שטאַרק צעהוסט, און נאָכן אויסהוסטן, אַרויסגעוואָרפן די ווערטער:

וואָלקנקראַצערס, קינאָס, האָטעלן און ספּאָרט־פּלעצער נאָר...

— נאָר וואָס? האָט זיינוול געוואָלט וויסן איידער כאַצקל צעהוסט זיך ווידער.

— נאָר, נאָר אין שול אַריין איז נאָך אַלץ ווייטער ווי אַ תחום שבת!

ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר דער הוסט האָט אים ווידער גענומען. ער איז אייליק אַוועק קוים אַרויסזאָגנדיק אַ פאַרשטיקטן שבת שלום!

זיינוול האָט געוואָלט אים צוריקרופן, עפּעס איבערפרעגן, אַריינגיין אין אַ וויכוח, ווי דער שטייגער זיינער איז שבת מיט יידן, נאָר זיין ווייב האָט אים געוויזן, אַז די זון שטייט שוין אין מיטן הימל און מען דאַרף זיך צוריקקערן אין דאָרף אַריין.

# בנימין פון באָמביי

אַ שמאָל זאַמדיק וועגל שלענגלט זיך צווישן די פּרדסים צום כביש־צו. איןביידע זייטן וועג הענגען אַראָפּ שווער באַלאָדענע צווייגן מיט גאָלד־פלאַמיקע מאַראַנצן. מען דערקענט באַלד, אַז דאָס זענען די אָראַנזשן פון דרום. זייער שאָל איז דין און גלאַטיק. מען זעט נישט אויף זיי קיין שוואַרצע פּינטעלעך, און זייער גורל איז באַשטימט אַוועק־צוּוואַנדערן קיין חוץ־לארץ און דאָרטן לאָזן הנאה האָבן פון זייערע זאַפטן.

ס׳איז פאַר זון־אויפגאַנג. בוים און פרוכט טובלען זיך אין פרישן טוי. אויפן גאַנצן וועגל, וואָס שלענגלט זיך צווישן די פּרדסים הערשט אַ שטילקייט ווי אין אַ ווייטן סטעפּ. ערשט ווען איבער דעם ירדן־ברעג נעמט אויפן הימל קאַלכן אַ ווייס־לאַנגער סופיט, באַווייזן זיך מענטשן פון די צעוואָרפענע כאַטעס וואָס ליגן אין טאָל און איילן צום וועגל־צו.

זיי איילן צום קטיף. ביז זיי קומען צו צו די פּרדסים הייבט זיך דערוויילע אויף אַ פלאַמיק־רויטע מזרח־זון און ווישט־אָפּ ווי מיט אַ גרויס באָד־האַנטעך די אויסגעבאָדענע מאַראַנצן־ביימער.

דער ערשטער וואָס לויפט אַדורך דאָס זאַמדיקע וועגל איז תמיד בנימין פון באָמביי. אין מאָרגנרויט דערקענט מען קיין מאָל נישט זיין פּנים. פון דערווייטנס זעט עס אויס ווי עס לויפט אַ שוואַרץ־אויסגעלאָשענע לאַמטער אויף אַ הויכן שטעקן. ערשט פון דער נאָענט זעט מען אַרויס־סטאַרטשען זיינע לאַנגע געלע ציין און גראָבע ראָזלעכע ליפּן פון זיינע גליִענדיקע אויגן קוקט־אַרויס אומרו און צערייצטקייט, ווי ביי אַ הירש וואָס לויפט אַרויס פון וואַלד זוכן חיונה.

אַלע זיינע יאָרן האָט בנימין מיט קיין ווייסן מענטשן נישט געהאַט צו טאָן. ער איז פון דור־דורות אַ געבוירענער אינדיאַנער, כאָטש זיינע אָבות אַבותינו האָבן זיך געהאַלטן פאַר יידן. מיט דעם ענגליש וואָס ער האָט געקענט האָט ער אַלע מאָל אַ מיש געטאָן אינעם סידור אָדער מחזורים

וואָס זענען געווען מיט אַן ענגלישן עברי־טייטש. פון דעם נעמט זיך ביי אים דאָס ביסל יידישקייט.

און כאָטש ער אַליין איז געווען ווייניק אַריינגעטאָן אין יידישקייט האָט ער אָבער געשטרעבט אַז זיינע קינדער זאָלן אויסוואַקסן אמתע יידן. ווי נאָר אַ קינד האָט גענומען עפּעס פאַרשטיין, האָט ער אים דערציילט אַז ער שטאַמט פון די בני־ישראל. און צוויי מאָל אין דער וואָך, ווען די גליִענדיקע באָמבייער זון האָט זיך גענומען לעשן אין מערב, האָט ער זיך מיט זיינע קינדער אויסגעזעצט אין אַ פעלד־ראָד אויפן זאַמדיקן הייפל, און זיי דערציילט וווּנדערלעכע מעשות און נסים וואָס עס האָט פּאַסירט מיטן יידישן פאָלק. תמיד האָט ער אָנגעהויבן דערציילן וועגן משה רבינוס שטעקן וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שלאַנג. דערנאָך וועגן מלך פּרעהס גזירות; ווי אַזוי משה האָט געשפּאָלטן דעם ים, און אויסגעלאָזט האָט ער מיט דעם וווּנדער ווי יהושע האָט אָפּגעשטעלט די זון אין מיטן הימל און איינגענומען יריחו. ער האָט זיי אויך דערציילט, דאָס וואָס ער האָט געהערט פון זיין טאַטן און זיינע זיידעס, אַז אויף דער גאַנצער וועלט זענען פאַראַן יידן; אַז נישט ווייט פון דאַנען געפינט זיך דאָס הייליקע לאַנד און די שטאָט ירושלים, וואָס ליגט אויף אַ הויכן באַרג. ער האָט אויך געוווּסט צו דערציילן וועגן די יידישע מלכים וואָס האָבן געקיניגט אין ירושלים און באַזונדערס וועגן קלוגן מלך שלמה. די קינדער האָבן געגאַפט מיט אָפענע מיילער און געשלונגען יעדעס וואָרט זיינס. בנימין האָט זיי אָבער קיין מאָל נישט דערציילט אַז אויף דער וועלט זענען פאַראַן יידן מיט ווייסע פנימער. זיי זענען נאָך צו יונג פאַר אַזעלכע זאַכן — האָט ער געטראַכט.

בנימין האָט זיך אַליין געמאַכט פאָרוורפן, וואָס שוין זייענדיק אינעם הייליקן לאַנד טראַכט ער שטענדיק וועגן באָמביי. ער האָט פאַרשנעלערט זיינע טריט, ווי ער וואָלט וועלן דערמיט אָפּטרייסלען פון זיך די געדאַנקען פון עבר. ער איז געווען צופרידן וואָס אין מיטן דרעצעמבער האָבן זיך איינגעשטעלט עטלעכע שיינע טעג און דער מאַראַנצן־קטיף האָט זיך אָנגעהויבן.

אין אַזאַ טאָג קאָן בנימין באַווייזן וווּנדער אין פּרדס. מיט זיין הויכן וווּקס און לאַנגע הענט העלפט ער זיך אַרויס מער ווי אַן אַנדערער מיט אַ לייטער. אַז ער שטייט אונטער די נידעריקעביימער מיט די גאָלד־באַלאָדענע מאַראַנצן־צווייגן און די זון גנבעט זיך אַריין אין פּרדס אַריין,

באַקומט זיין שוואַרץ פּנים אַ געל־גילדענעם אָפּגלאַנץ, ווי ס'וואָלט געווען אויסגעגאָסן פון וואַקס. זיינע הענט באַוועגן זיך פלינק צווישן די צווייגן און ער זאַמלט־אָן פולע קוישן ציטרוס־פּרוכטן.

ווי לאַנג בנימין זעט פאַר זיך נאָר די צייטיקע מאַראַנצן, לויפן־אַרום זיינע הענט מיט אַ זעלטענער געשיקטקייט, ווי ס'וואָלט איבער די צווייגן אַ פויגל געהיפּט. אָבער אָפּט פּאַסירט אַז אויף אַן אויבערשטער צווייג גיבן זיך אים גאָר אַ שטעל־אויס די קעפּלעך פון זיינע קינדער וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אינעם אהל פון דער מעברה. דעמאָלט טאָן זיך מיט אַ מאָל אַ קורטשע־איין זיינע לאַנגע הענט און ער גרייכט נישט מער צו די שפּיצן פונעם מאַראַנצן בוים... איין געדאַנק יאָגט איבער דעם אַנדערן און ער פאַרשטייט אַליין נישט ווי אַזוי דאָס איז פּלוצעם געשען. וואָס אייגנטלעך האָט אים געשטויסן צו פאַרלאָזן אינדיע און קומען קיין ישראל?

ווי לאַנג בנימין געפינט זיך אין פּרדס איז אים נאָך גוט, אָבער אַז ער קומט צוריק אַהיים אין זיין געצעלט האָט ער אַ סך אויסצושטיין. פינף קינדער, איינס קלענער ווי דאָס צווייטע רינגלען אים אַרום, ווי זיי וואָלטן ביי אים געזוכט שוץ. זיי לויפן אַרום איבער דעם ברייטן און אָפענעם שטח פון דער מעברה, אָבער זיי זעען דאָ נישט אינדישע קינדער מיט וועמען זיי זענען געוווינט געווען זיך צו שפּילן ביי זיי אין באָמביי. די מאַמע זייערע קוקט זיי נאָך טרויעריק און לאָזט נישט פון זיי אַראָפּ קיין אויג.

— ווּ האָסטו אונדז אַהערגעבראַכט? — זיפצט זי אָפּ.

בנימין זעצט זיך אַוועק אויף דער פּאָדלאָגע און ציט אויס זיינע לאַנגע פוס, וואָס האָבן אים געהאַלטן אַ גאַנצן טאָג אונטער די מאַראַנצן־ביימער. ס'איז אים נישט ניחא אַריינצולאָזן זיך אין אַ שמועס וועגן דעם.

— וואָס פאַר אַ נפקא מינא, זאָגט ער — שוואַרצע קינדער, ווייסע — אַלע זענען, אַחינו בני ישראל הם!

— אָבער זיי אַנטלויפן דאָך פון אונדזערע, און ווילן זיך נישט שפּילן צוזאַמען.

— ווער אַנטלויפט? אפשר אַנטלויפן גאָר אונדזערע פון זיי?

— און אַז זיי וועלן אונטערוואַקסן? — פרעגט בנימינס ווייב פאַר־ביטערט — מיט וועמען וועלן זיי זיך פּאָרן?

— דערווייל זענען זיי נאָך קליין און מען דאַרף זיי שיקן אין שול —

גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט, אַ צייכן אַז דאָס געשפּרעך איז געענדיקט. אָבער אינעווייניק הייבן אין אים צו קאָכן די בלוטן.

אויף צו מאָרגנס, אַרבעטנדיק אין פּרדס האָט ער אַ גאַנצן טאָג אַריינגעטראַכט צי איז זי דען נישט גערעכט? מיט וועמען וועלן זיי זיך טאַקע פּאָרן? און אַז זיי וועלן זיך מישן, טאָ וואָס וועט דערפון אַרויסקומען?

אויפן שפּיץ בוים האָט ער דערזען אַ מאַראַנץ. מיט איין שפּרינג איז די מאַראַנץ געווען אין זיינע הענט. דערנאָך האָט ער זיך אַרומגעקוקט איבער דעם אָפּגערייניקטן בוים און דערזעען אַז ביים סאַמע שטאַם, ווו די גראָבע צווייגן פון בוים הייבן זיך אָן פונאַנדערשיידן איז געבליבן הענגען נאָך אַ מאַראַנץ. ער האָט אַ קוק־געטאָן אויףביידע מאַראַנצן און באַמערקט דעם אונטערשייד פון די פאַרבן: די מאַראַנץ פון שפּיץ בוים האָט אויף זיך געהאַט אַ רויטע גאָלד־שאָל ווי אַ פלאַמיקער זון־אויפגאַנג, און די מאַראַנץ ייאָס איז אויסגעוואַקסן אין שאָטן פון די בלעטער, נידעריק ביים שטאַם, איז געווען בלאַס און באַדעקט מיט אַ מאַט־געלבלעכער קאָליר. טאָ וואָס וועט זיין האָט ער ווידער געטראַכט — אויב זיי וועלן זיך שוין יאָ פּאָרן מיט די ווייסע? זיין הויט איז פעך־שוואַרץ, און ווען די קינדער וועלן זיך מישן וועט דערפון אַרויסקומען אַ העל־בראָנדזענע הויט. אָט־אָ אַזאַ קרענקלעכע הויט ווי עס האָט די מאַראַנץ פון אונטערן בוים־שטאַם. מיט אַזאַ הויט שעמט מען זיך אין באָמביי און אין גאַנץ אינדיע. מען דערקענט באַלד אַז דאָס איז אַ מישלינג, וואָס געהער נישט צו די ווייסע און נישט צו די שוואַרצע. אַזעלכע קינדער זענען אויסגעשטעלט צו שפּאָט און צו שאַנד פון ביידע ראַסן...

דעם טאָג האָבן זיך די מאַראַנצן אַרויסגעגליטשט פון בנימינס הענט. איין צווייג איז געווען פאַר אים צו הויך און די צווייטע צו נידעריק. ער האָט אַפילו נישט באַמערקט ווי דער ווינטער־טאָג איז פאַרשווינדן. פאַר נאַכט האָט דער אויפזעער פון פּרדס אויף אים אָנגעשריגן.

— העי! דו לאַנגער פון באָמביי, פאַר וואָס האָסטו היינט איבער־געלאָזט זעקס ליידיקע קעסטלעך?

אויב ס׳וועט ווייטער אַזוי זיך פירן — האָט בנימין געטראַכט אַהיים־גייענדיק דורכן שמאָלן זאַמדיקן וועגל — וועט מען מוזן צוריקפאָרן. פאַרפאַלן! אינדיע, זיין פאָטערלאַנד וועט אים נישט פאַרלאָזן. דעם פּאָסטן אין דער פּאָליציי־סטאַציע, ווו ער האָט געאַרבעט אַלס איבערזעצער פון

ענגליש, וועט מען אים נישט צוריקגעבן, אָבער אין איינעם פון די האָטעלן וועט מען אים יאָ צונעמען, צוליב זיין קענען ענגליש. וואָס וועט ער אָבער זאָגן די קינדער ווען זיי וועלן גרויס ווערן? מיט וואָס וועט ער זיי אויסטייטשן דאָס פאַרלאָזן דאָס הייליקע לאַנד? און וואָס וועט ער אין באָמביי דערציילן דער גאַנצער משפחה.

ביי נאַכט האָט דער „יורה" ווידער גענומען גיסן און בנימין איז אַ גאַנצן טאָג איבערגעבליבן אין בײדל. ס'איז אים אַזוי קאַלט געווען, אַז זיינע לאַנגע געלע ציין האָבן זיך געטרייסלט, און אפשר איז זי פּאָרט גערעכט? האָט ער געפילט ווי אַ וואָרעם וואָלט אים גענאָגט, אפשר דאַרף מען טאַקע צוריקפאָרן קיין באָמביי?...

ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון געלעגער און אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון בײדל. דער רעגן איז געווען שוואַכער און שיטערער.

זאָל זיין וואָס עס וויל — ער פאָרט צוריק!

ער איז אַוועק אין שטאָט אַריין און לאַנג געשטאַנען ביי דער סוכנות־געביידע.

אין תל־אביב האָט שוין די זון אַ לעק־געטאָן דאָס וואַסער פון די טראָטואַרן. בלויז אין מיטן די גאַסן זענען נאָך געלאָפן וואַסער־שטראָמען און געזוכט זיך וועגן צו דער ירקון־גאַס וואָס ליגט ביים ים־ברעג. פאַר דער סוכנות־געביידע האָבן זיך גענומען אויסזעצן אַ פּאָר צענדליק משפחות. זיי זענען אַרויסגעקומען פון הינטער די דעכער און טויערן מיט די ווייבער און קינדער. זיי האָבן אויסגעשפּרייט אָפּגענוצטע טעפּיכער אויפן טראָטואַר הארט ביים איינגאַנג אין דער סוכנות און זיך אויסגעזעצט משפּחהווייז. די אַלטע האָבן זיך באַלד אָנגעלענט אויף זייערע געפּעק און די קינדער האָבן זיך גענומען שפּילן זיצנדיקערהייט.

בנימין האָט זיי באַלד דערקאָנט. אויך זיי זענען געווען נייע עולים פון אינדיע. ווען ער האָט גענומען מיט זיי איינטעהנען זענען אַלע פאַר איין מאָל צו אים צוגעפאַלן מיט אַ געפילדער:

— מ'האָט אונדז אַריינגעזעצט צווישן מאַראָקאַנער און פּערסיער אונדזערע זעט מע דאָרטן נישט!

— און אפשר — זאָגט צו זיי בנימין — וואָלט גוט געווען מיר זאָלן זיך צוזאַמען נעמען און גיין אין איין דאָרף אַריין?

— שוין ווידער אַן אונטערגעשיקטער אַגענט פון דער סוכנות האָבן די ווייבער גענומען ליאַרמען.

פון געזעמל מענטשן וואָס זענען געזיצן אויף דער ערד האָט זיך אויפגעשטעלט אַן אַלטער אינדיאַנער. ער האָט געטראָגן אַ לאַנג העמד פון גראָבער לייוונט ביז די פיס, אויפן קאָפּ אַ בלוי מיצל און פון די לאַפּטשעס האָבן זיך אַרויסגעזעצן זיינע דאַרע פיס. ער איז צוגעגאַנגען צו בנימינען.

— פון וואַנען קומסטו ?

— פון באָמביי.

— און דו מיינסט אַז זיי וועלן דאָס וועלן טאָן ?

— אַז מיר וועלן זיך איינשפּאַרן, וועלן זיי נאָכגעבן — זאָגט בנימין מיט זיכערקייט.

— פון וואַנען וועסטו נעמען מענטשן אויף אַ גאַנץ דאָרף ?

— צו אונדז אין דאָרף אַריין וועלן קומען אַ סך פון אינדיע. דער עיקר אַז מען וועט אָנהייבן מיט אַן אייגן דאָרף.

דער אַלטער האָט זיך צוריק אַנידערגעזעצט, ווי ער וואָלט נישט געקאָנט דערטראָגן די משא געדאַנקען וואָס האָט זיך אָנגעזעצט אויף זיין קאָפּ. אַזוי איז ער געזיצן און שטילערהייט גערעדט עפּעס צו זיך אַליין. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעשטעלט אויף די קני׳ען, גערופן צו די משפּחות זיי זאָלן זיך צוהערן צו זיינע רייד:

— אַז זיי וועלן אונדז אַריינזעצן אין אַן אייגן דאָרף, בלייבן מיר!

קיינער פון די אינדיער האָט נישט געוואָגט אַקייגנצורעדן מיט אַ וואָרט קעגן אַלטנס באַשלוס.

פאַרבייגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט און געקוקט אויף די מענטשן מיט באַדויערן — נישט געשוירן און נישט געוואַשן — אַנדערע ווידער האָבן פּראָטעסטירט: וואָס טוען די מענטשן דאָ ?

— זעט נאָר ווערמען די סוכנות האָט אַלץ אַריינגעבראַכט אין לאַנד ? — האָט אַ בלאָנדער יונגער־מאַן מיט אַ טעקע אונטערן אָרעם, געוויזן דעם עולם אויף דעם געזעמל זיצנדיקע מענטשן. ער האָט גערעדט עברית מיט אַן אונגאַרישן אַקצענט און באַלד אַריבער אויף יידיש:

—אַז אַ גרופּע יידישע שרייבער און קינסטלער האָבן באַשלאָסן אויסצוּוואַנדערן פון פּאַריז, און געזוכט אַ לאַנד ווו זיך צו באַזעצן, איז דאָס דער סוכנות גאָרנישט אָנגעגאַנגען. זיי האָבן אַזוי לאַנג געזוכט ביז... ביז זיי האָבן אַריינגעטראָפן קיין אַרגענטינע. אָבער אַריינצוברענגען אַ שבט

אינדיער מיט אַ צווייפלהאַפטער יידישער אָפּשטאַמונג — דאָ האָט די סוכנות איינגעלייגט וועלטן. אויף דעם האָבן זיי געגנוג געלט!

ביים אַלטן זקן האָבן זיך צעגלאַנצט די אויגן מיט רוגזא. ער האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס עס זאָגט דער בלאָנדער יונגער־מאַן מיט דער טעקע אונטערן אָרעם, אָבער אינסטינקטיוו האָט ער דערפילט, אַז ער רעדט קעגן זיי. ער האָט בייז גענומען באַוועגן מיט די הענט.

— גייט, גייט פון אונדז. מיר וועלן זיך שוין אַליין אַן עצה געבן!

ער האָט אָנגענומען בנימינען ביי דער האַנט און אָנגעהויבן אַרויפֿ־גיין אויף די טרעפּ צו די משרדים. אָבער דאָ האָט דער סדרן זיי פֿאַר־שטעלט דעם וועג:

— צו וועמען אַלטיטשקער?

דער זקן האָט אַרויסגעריסן זיין האַנט פון דעם סדרן. מיר גיין צום העכסטן אַדון.

אָבער דער סדרן האָט אים מיט אַ ווייכער שטימע געזאָגט: צי וואָס גיין אַזוי הויך אויף טרעפּ. דער מנהל זיצט אויפֿן פּערטן שטאָק. אָט דאָ, גייט דאָ אַריין אין דעםביידל, אַלטיטשקער.

ער האָט געעפנט די טיר פון דער ווינדע און מיט זיי אַרויפגעפאָרן אויפן פערטן שטאָק.

— אַ דעלעגאַציע פון די אינדיער, וואָס זיצן אין דרויסן וואַרטן אויפגענומען צו ווערן.

— לאָז זיי אַריין!

דער מנהל איז געזיצן ביי אַ לאַנגן שרייב־טיש אין אַ גערוימען צימער און אַ גרויסער טעפּיך מיט לעבעדיקע פאַרבן איז געווען אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן צימער. דער זקן האָט זיך גלייך געוואָלט אַוועקזעצן אויפן טעפּיך, אָבער בנימין האָט אים אָנגעכאַפּט ביים אָרעם און אים אַריינ־געזעצט אין אַ ווייכן פאָטעל.

בנימין האָט אָפּגעגעבן כבוד דעם אַלטן און אים געלאָזט רעדן פריער.

— שיקט אונדז אַריין אין איין דאָרף. אַ דאָרף פון אונדזער שבט. די ווייבער און קינדער וועלן זיין צוזאַמען און מיר וועלן זיך צוגעווינען צום נייעם לעבן.

בנימין האָט איבערגעזעצט דעם אַלטנס רייד אַ ביסל אין ענגליש און אַ ביסל אין עברית, און ער האָט צוגעגעבן:

אויך איך וועל פון נס־ציונה איבערגיין צו זיי אין דאָרף אַריין. דאָס דאָרף וועט באַלד פול ווערן. עס וועלן קומען אונדזערע משפחות.

דער מנהל האָט זיי אויסגעהערט ביזן סוף דערנאָך האָט ער געבעטן בנימינען ער זאָל איבערזעצן פאַרן אַלטן זיינע רייד:

— דאָס איז אוממעגלעך! איר פאַרלאַנגט דאָס פאַרקערטע צו וואָס מיר צילן. מיר אַרבעטן פאַר מיזוג־גלויות, עם אהד! איין פאָלק, איין שפראַך. ס׳מוזן פאַרווישט ווערן די שפורן פון פאַרשידענע גלותן און קול־טורן און געשאַפן ווערן איין טיפּ — אַ ישראלי. ס׳איז נישט וויכטיק ווען דאָס וועט אונדז געלונגען צו שאַפן, אין צוויי דורות אָדער אין פינף — אָבער אָנהייבן מוזן מיר שוין ביים איצטיקן דור. ביי אייערע קינדער, אַפילו ביי אייך. אייערע קינדער זאָגט איר האָבן זיך נישט מיט וועמען צו שפּילן? סבלנות! וואַרט צו. זיי וועלן קומען אין דער שול, זיי וועלן גיין אין מיליטער, זיי וועלן זיך אויסמישן... און איר, איר זיצט שוין דאָ דריי טעג און ווילט גיין אויף צוריק? איר ווילט מ׳זאָל אייך אויפשטעלן אַ באַזונדער דאָרף? וואָס מיינט איר וועט דערפון אַרויסקומען, אויפשטעלן באַזונדערע שבטים? איין שבט זאָל זיין ווייס און דער אַנדערער שוואַרץ. איינער זאָל זיין צעקריגט מיטן אַנדערן, איין דאָרף אַ שונא דעם אַנדערן... ניין דאָס גייט נישט!״

ווען בנימין מיטן זקן זענען צוריקגעקומען צום טראָטואַר האָבן זיי דערזעען ווי עס זיצט שוין אַ גרעסערער עולם אינדיער. יענע האָבן ערשט אויסגעלייגט זייערע געפּעק און באַלד אָנגעהויבן צו געוואַלדעווען:

— אַלע, אַלע זענען מיר יידן!

בנימין איז צו זיי צו מיט נייגער און געפרעגט נאָך וואָס זיי זענען דאָ אַהערגעקומען:

— וואָס האָבן מיר דאָ צו טאָן? — האָבן די נייע געטענהט — אַז די רבנות הראשית האָט געפּסקנט אַז די „בני משה״ זענען נישט קיין יידן און מ׳טאָר זיך נישט מיט אונדז משדך זיין — טאָ צי וואָס האָט די סוכנות אונדז דאָ אַהערגעבראַכט? זאָלן זיי אונדז צוריקשיקן!

— אויב אַזוי — האָט בנימין געקנייטשט דעם שטערן — איז גאָר נישט צו פאַרשטיין. פון איין זייט מיזוג גלויות, און פון דער צווייטער — אַז מיר זענען גאָרנישט קיין יידן?

אין זיין קאָפּ האָט זיך עפּעס אַ מיש געטאָן. ער האָט נישט געקאָנט אויסגעפונען ווער עס איז גערעכט. דאַרף מען זיצן אין איין דאָרף, אָדער

זיך אויסמישן מיט די ווייסע אַחינו בני ישראל. ער האָט נישט געהאַט ווער עס זאָל אים דאָס אויסטייטשן. דער זקן האָט זיך אויסגעבעט אויפן טראָ־טואַרל לעבן בנימינס פיס און ער האָט אָנגעהויבן דזשאַמדזשען אַ פּעניצל. אויך בנימין האָט געצויגן אויסצורוען זיינע לאַנגע פיס, אָבער ער האָט נישט נאָכגעגעבן און געבליבן שטיין ביי די „בני משה“ ווי אַ שומר. אַזוי האָט ער זיך אַרומגעדרייט אויפן טראָטואַרל ביז פּאַר נאַכט, און ווען די אינדיער האָבן גענומען אויסבעטן זייער נאַכט־געלעגער האָט ער זיך פון זיי האַסטיק אַ ריס־געטאָן ווי אַ פליער רייסט זיך אָפּ פון דער ערד, און געאיילט הינטער דער שטאָט אויפן ברייטן כביש וואָס פירט צו דרום.

פּאַר נאַכט־צו איז בנימין שוין געווען אויפן זאַמדיקן וועגל נישט ווייט פון דער מעברה. ער איז געגאַנגען געלאַסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און זיינע געדאַנקען זענען געווען שווער באַלאַדנט און האָבן אַראָפּגעהאָנגען ווי די שווערע באַלאָדענע צווייגן מיט גאָלדענע עפּל וואָס איןביידע זייטן וועג.

# דער רעזערוויסט

פאַר מענטשן, וואָס שטאַמען פון צפון־אייראָפּע איז צו פאַרשטיין, ווי־אַזוי אַ מיטן ווינטער־טאָג קאָן זיך דאָס אָנגיסן מיט אַזויפיל גאָלד־ליכט און מילדער וואַרעמקייט, ווי ס׳האָט עס היינט געטאָן אין תל־אביב דער טאָג פון 15טן יאַנואַר.

אין דעם טאָג האָט זיך ברייט צעעפנט דאָס פענצטער פון די משפחה גערבערס און ס׳האָט זיך באַוויזן מערי, מיין בלאָנד־האַריקע שכנטע.

צו ערשט טוט זי אַ שאַרפן בייג־אַרויס דעם קאָפּ אירן אין דרויסן, אָבער באַלד גיט זי זיך אַ בייג־איין, אַזש אירע ברוסטן פּרעסן זיך צו צום פענצטערברעטל ווי אַ שוואַלב, וואָס קלאַפּט־אָן מיט די פליגלען אין וואַנט, אַריינפליענדיק אין נעסט.

— יאַנקל, זע נאָר, וואָס פאַראַ גאָלדענער טאָג היינט איז!

מיט אַ האַסטיקן ריס דעם קאָפּ פון קישן זעצט זיך יאַנקל אויף פון בעט און כאַפּט אַ קוק דורכן פענצטער.

— ווירקלעך, אַ גאָר אַנדערע ליכט, ווי זומערצייט. מען קאָן אַפילו אָן די טונקעלעברילן אַריינקוקן דער זון אין פּנים אַריין .

— נו, ביי דיר אין דער ליטע האָסטו אויך געזען אַזאַ ווינטער־טאָג?

— דאָ איז אַלץ אַנדערש — ענטפערט ער אַ ביסל פאַרקלערט.

ערשט איצט קומט מערין אויפן געדאַנק, אַז נישט־נאָר די נאַטור איז דאָ פאַראַנדערשט, נאָר אויך דער מענטש. אָט נעמט, למשל, איר יאַנקלען אַליין. זינט זי האָט אים געטראָפן אויף די חורבות פון פוילן זענען זיי אַדורכגעגאַנגען אַ סך עטאַפּן, וואָס האָבן, ווי שטורמישע כוואַליעס, געוואָרפן זייער לעבן: פון פיינלעכער מעלאַנכאָליע, ביז דערהויבונג, פון הימלאָזיקייט ביז איבערשיכטונג. נאָך היינט דרימלט ביי איר אַ געפיל, אַז זי האָט נישט חתונה געהאַט מיט אים, ווייל זי האָט געגלוסט זיך צו באַהעפטן מיט אַ מאַן — נאָר, ווייל זי האָט אין אים דערפילט אַ גלייכן

שותף צו אירע ליידן. ער האָט פֿאַר איר באַדאַרפֿט זיין דער, וואָס זאָל זי וועקן צו אַ ניי לעבן. איר אינטואיציע האָט איר אונטערגעזאָגט, אַז ער וועט זיך דערהייבן העכער פון אַלע אַנדערע און זי וועט פילן לעבן זיך אַ פאָטער און אַ מאַן. אָבער די אַלע געפילן זענען צעשמאָלצן געוואָרן אין די טיפסטע ווינקעלעך פון איר האַרצן. די איינציקע רעטונג, אין וועלכער זי האָט זיך אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט איז געוואָרן איר היים. זי האָט געוואָלט דערוואַרעמען אַ היים ווי אַ פויגל אַ נעסט, אין וועלכער עס פּיקן זיך אויס זיינע פייגעלעך — אָבער ער האָט געהאַלטן אין איין וואַנדערן פון אָרט צו אָרט.

אָבער זינט יאַנקל האָט באַקומען זיין רעזערוו־קאַרטע פון צה״ל האָט ער זיך אין גאַנצן געענדערט. איר מאַן, וואָס פלעגט אומעטום אויס־חשבונען זיינע געשעפטן אויף אַ לאַנגער צייט, פאָרויס, איז דאָ געוואָרן זייער אויסגערעכנט, אַקוראַט, ווי צום מאָרגן וואָלט ער צוגענומען אַ שותף מיט אַ גרויסער אויפגאַבע. מערי באַמערקט, ווען ער באַשטעלט געסט זאָגט ער: „נו, אויב כ׳וועל זיין אין דער היים! „כ׳בין דאָך אַ רעזערוויסט״ — און פאַרענדיקט מיט אַ געלעכטערל, אין וועלכן ס׳ליגט מער ערנסטקייט, ווי שפּאַס. ער האָט באַקומען אימפּעט צו דער אַרבעט און ער לייגט מער נישט אָפּ אויף מאָרגן, אַ זאַך, וואָס ער קאָן טאָן היינט.

— היינט בין איך אין דער היים און מאָרגן קאָן מען מיך באַדאַרפֿן צו וויכטיקערע זאַכן...

נאָך מיט אַ יאָר צוריק, ווען מערי פלעגט אים זאָגן: „יאַנקל, מ׳דאַרף איבעראַקערן דאָס גערטנדל, ס׳איז די צייט פאַר פלאַנצן אַ ביסל טאָמאַטן און זייען מערעלעך״ — פלעגט ער ענטפערן: „מאָרגן, איבערמאָרגן״. אַ מאָל פרייטיק נאָך מיטיק ווען ער האָט נישט וואָס צו טאָן מיט אַ האַלבן טאָג און זיין ווייב דערמאָנט אים, אַז מען דאַרף אָנטרינקען די ביימלעך און די בלומען — האָט ער זי אָפּגעפּטרט מיט אַ „שפּעטער״.

און איצט? איצט וויל ער אַריינשלעפּן דעם מאָרגן אין היינט אַריין. אויך פון זיין אַרבעטסשטעל האָט מערי אַזאַ גרוס באַקומען. דער בוכ־האַלטער פון זיין ביוראָ מיטן גלאַנציקן פּליך, ביי וועמען די שענסטע מוזיק זענען ציפערן — האָט איר דערציילט, אַז וואַרשיינלעך וועט מען יאַנקלען דערהייבן מיט אַ דרגה העכער און אים געבן אַ צולאָג פון צען פונט. „אַ צענערל וואַלגערט זיך נישט אין גאַס״ — זאָגט ער מעשה בעל־הבית.

— נו, יאָ, פאַרשטייט איר מיך, פרוי גערבער — טוט ער אַ מורמל — איך אַליין האָב אין אייער מאַן אַ נייעם גייסט דערשפּירט. שטענדיק פלעג איך זען אויף זיין טיש ליגן פעק מיט פּאַפּירן. נישט איין מאָל האָב איך אים דערויף אויפמערקזאַם געמאַכט, אָבער אָן רעזולטאַט, אַ שטייגער, ווי ער וואָלט נישט וועלן צעשטערן דעם היינט צוליבן מאָרגן. איצט איז מיט אים אַ פאַרגעניגן.. .ער גייט נישט אַוועק פון ביוראָ, ביז וואַנען די טאָג־אַרבעט איז נישט פאַרענדיקט. האָב איך דאָס צוגעטראָגן, ווו מען באַדאַרף און עס איז דערפון אַרויסגעשפּרונגען נאָך אַ דרגה...

כדי זיך איבערצוצייגן, אַז זי האָט נישט קיין טעות וועגן איר מאַנס ענדערונג, קוקט זי זיך אַרום איבערן צימער און זעט: יאַנקלס שיך שטייען אויסגעשטעלט ביים בעט אויף „אַכטונג", גלייך ווי אַ פּאָר זעלנערישע פיס וואָלטן אין זיי געשטעקט; זיין זעלנערישער תרמיל (רוק־זאַק) איז פול מיט אַלע זאַכן, וואָס אַ רעזערוויסט נעמט מיט זיך מיט.

און ווייל זי האָט אַ צופרידענע קלאָר דערזען פאַר זיך אַן אחריותדיקן ישראל־רעזערוויסט, האָט זיך אין איר דערוועקט די אַמביציע, וואָס אַ שיינע פרוי שטעלט אויף איר זייער אַ סך, און זי האָט זיך אַ רייץ־געטאָן מיט אים:

— וואָס האָסטו פאַרוואָרפן דאָס נאַכט־טישל מיט אַזוי פיל מילי־טערישע זשורנאַלן, פונקט ווי ס'וואָלט דאָ געווען אַ גענעראַל־שטאַב?

יאַנקל האָט נישט אָן פאַרבאָרגענעם פאַרגעניגן אַרויסגעצויגן אַ „במחנה" פון הינטער די אָנגעוואָרפענע ביכער און זשורנאַלן און איר געוויזן:

— זעסט מערי, דער „קאַרל גוסטאַוו" (מאַשין־ביקס) איז נישט קיין שלעכטע כלי. כ'האָב זיך מיט אים אַ שפּיל־געטאָן ביי כונתילה. ס'איז נאָר די מעשה וואָס אויסערלעך איז ער אַ ביסל אומגעלומפּערט, ווי אַ געשניצט שטיק מעבל פון נאַפּאָלעאָנס צייטן. אָבער קלאַפּן — קלאַפּט ער נישט שלעכט... אַ שאָד זאָג איך דיר וואָס מ'האָט אים ביי אונדז נישט איינגע־פירט. דערפון איז נאָך נישט געדרונגען, אַז איך וואָלט אים אויסגעטוישט אויף אונדזער „עוזי", אָדער אויפן בעלגישן „גרעגער"... פאַר זיי, די אַראַ־בער, פּאַסט די דאָזיקע כלי גאַנץ גוט. ווייסטו פאַר וואָס? ווייל ס'איז לייכט אים אַוועקצוואַרפן... זעסטו, צום „פעפעשע" קאָנען זיי אַלע זיך נישט פאַרגלייכן. יענער שפּילט ווי אַ פידל און שיט מיט אַרבעס, ווי פון אַ באַראַבאַנטשיק — איבריקנס צו וואָס איינער איז געוווינט. אַ ביקס



די שיך שטייען אויסגעשטעלטביים בעט און דער רוק־זאַק איז צוגעגרייט...

איז ווי אַ ווייב. געוווינסט זיך צו, דאַכט זיך דיר אויס, אַז דו קענסט קיין צווייטע איך דער האַנט נישט נעמען...

מערי האָט זיך געמיט אַרויפצוצי׳ען אַ ברוגז־מינע אויפן פנים, כאָטש איר באַגער איז געווען דווקא אין אַזאַ ליכט אים צו זען.

— וואָס איז דיר עפּעס איינגעפאַלן אַ שמועס וועגן ביקסן? בעסער דאַרף מען אַ טראַכט־טאָן וואָס צו קויפן פאַר די קינדער. ס׳גייט צו פּורים.

באַזונדער שרהלעס לערערין שוין צוויי מאָל געעצהט מ׳זאָל ס׳קינד אָנהייבן לערנען שפּילן קלאַוויר. ווי מיינסטו? ס׳איז נישט פאַר דיר שווער?

— נייק, מיר איז נישט שווער געוואָרן דער עול, וואָס כ׳טראָג פאַר מיין משפּחהלע. דו ווילסט אָבער נישט זען דעם אָרום. דאָ קאָנסטו נישט זאָגן: „ס׳איז נישט מיין כאַטע״... דאָ וווינסטו אין אַ ווונדערלעכער שטאָט, וואָס אָט דאַכט זיך דיר, אַז אַלע מויערן זענען אויסגעבויט פון אייזן, און אָט קומט אָן אַ ווינט פון מדבר און דו זעסט, אַז אַלע דעכער זענען געפלאָכטן פון טרוקענעם שטרוי. און דו דאַרפסט וויסן אַז קיינער פון דרויסן וועט נישט הערן דיין הילפס־רוף, ווען דו וועסט שטיין פּנים אל פּנים מיטן שונא...

די זון האָט זיך העכער אויפגעהויבן און אַריינגעשיינט אין צימער. פּאַסמעס ליכט האָבן זיך אַ שפּיל־געטאָן איבערן גרויסן פּאָרטרעט, וואָס אַקייגנאיבער דעם פענצטער. מעריס בליק האָט זיך אַ קער־געטאָן אין אַן אַנדער ריכטונג, צו איר טאַטע־מאַמע, וועלכע זעען איצט אויס ווי לעבעדיקע. ווי זיי וואָלטן זיך אויסגעשיילט פון מאַסן־קבר, אין וועלכן זיי זיינען אַכזריותדיק אַריינגעוואָרפן געוואָרן. זיי זענען מסתמא אַרויס צו „תשליך״ צום טייך, כדי אַריינצושליידערן אין די וואַסערן די אַלטע זינד... די זינד פון אַ גאַנצן דור, פון צוואַנציק דורות פּוילישע יידן, וואָס האָבן נישט געוווּסט, אַז זיי וווינען אין פרעמדע כאַטעס.

מערין דאַכט זיך אויס, אַז איר טאַטע מיט דער ברייטער צוואַקסענער באָרד, וואַרפט־אַרויס פון בוזעם־טאַש אַ חטא, גרויס ווי אַ באַרג, וועלכער איז געפלאָכטן פון אַ סך רינגען און פון יעדן רינג הענגט־אַראָפּ אַ צעטל: „ווייל מיר האָב אונדזערע קינדער נישט געלערנט שיסן פון ביקסן...״

אַ סך לייכטער וואָלט איצט מערין אָנגעקומען אַדורכצולאָזן דורכן קעל די טרערן, וואָס שלאָגן אָן מיט ספּאַזמעס. זי האָט אָבער געקענט די חכמה פון אַקייגנשטעלן זיך אימפּולסיווע אויסברוכן. אַ משונהדיק געפיל האָט זי איצט באַהערשט, אַ געפיל פון אַ געטריי קינד, וואָס וויל אָפּגעבן דעם העכסטן כבוד זיינע עלטערן.

זי האָט לאַנג נאָכגעטראַכט און געקומען צום אויספיר, אַז דער גרעס־טער כבוד איז דאָס, וואָס צווישן די בני־ישראל, וואָס האָבן צום צווייטן מאָל באַטראָטן דעם באַרג סיני — דאָס מאָל מיט ביקסן אין די הענט, — איז געוועזן אויך איר מאַן, י אַ נ ק ל.

# די צווייטע רונדע

צי איז דאָס די צווייטע רונדע? — שפּרינגט־אויף איבן־אַלי־מאַחמוד מיט עקזאַטישער צערייצטקייט.

דער מדבר־מענטש, אַ שטאַרק־און גוט אַנטוויקלטער בעדואינער האָט אַוועקגעשאַרט דאָס שעפּסן־פעל וואָס האָט פאַרשטעלט דעם אַריינגאַנג אין געצעלט און אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ אין דרויסן.

אַרום דעם געצעלט איז געווען שטאָק־פינצטער. די מדבר־שטילקייט צו וועלכער זיין אויער איז צוגעוווינט האָט געהערשט איבער די זאַמדן. ער האָט אָנגעשפּיזט די אויגן אָבער קיין שום שאָטן האָט ער נישט באַמערקט. ער האָט צוריק אַראָפּגעלאָזט דעם פאָרהאַנג און איבערגעציילט זיינע ווייבער. די יונגע זענען געליגן לעבן אים און די עלטערע האָבן געכראַפּעט מיט אָפענע מיילער. קיין איינע האָט נישט געפעלט, און דער שייך האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט. אָבער פּלוצעם האָט ער דערפילט ווי די ערד ציטערט־אויף, גלייך ווי עס וואָלט ווער טיף אין איר בויך געקאָלערט אַ ליידיקן פאַס.

איבן־אַלי־מאַחמוד איז האַסטיק אַרויס אין דרויסן. צו ערשט האָט ער אַ קוק־געטאָן אין הימל צו וויסן ווי שפּעט עס איז. דער מאָרגנשטערן איז שוין געהאַט אויפגעגאַנגען און געשטאַנען אַקייגן איבער אים. מיטן אויפגיין פון מאָרגנשטערן ווערט די קעלט אין מדבר שטאַרקער, אָבער דער שייך וואָס איז געגאַנגען באָרוועס האָט קיין ציטער נישט געטאָן. ער האָט באַטראַכט דעם מאָרגנשטערן, וועלכער האָט זיך אים אויסגעוויזן צו זיין אַ מער פינקלדיקער ווי תמיד. ער האָט געמיניעט מיט רויטקייט און אים געשטאָכן אין די אויגן. דער שייך האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געוווּסט וואָס דאָס מיינט — מלחמה.

ערשט ווען דער טאָג האָט אויפגעבראָכן האָט ער געזען נאָך סימנים וואָס זאָגן נישט אָן קיין גוטס: די קעמלען האָבן מורא געהאַט זיך אַניעדער־

צוליגן אויף די בייכער, פּונקט ווי זיי דערפילן אין מיטן וועג, אין מדבר די סכנה פון אַ זאַמד־שטורעם. און די שעפּסן וואָס זיינע פּאַסטעכער האָבן צוגעטריבן צו די ריטשקעלעך וואַסער — טרינקען נישט. זיי טוליען זיך מיט פּחד איינע צו דער צווייטער און טונקען אַפילו נישט איין זייערע פּיסקעס אין וואַסער.

פון דעסט וועגן האָט ער דעם טאָג אָנגעהויבן מיט זיין נאָרמאַלן גאַנג. ער האָט געוואַשן די פאַרשטעלטע טיילן פון זיין גוף און געפאַלן אויפן פּנים צו דער מאָרגן־תפילה. דערנאָך האָט ער אויפגעגעסן אַ שטיק געבראָטן שעפּסן־פלייש און נאָכגעטרינקען אַ שעלעכל מאָקקאָ. ער האָט אַרויסגעטריבן אַלע ווייבער צו דער אַרבעט, בלויז די יונגסטע חמדה האָט ער איבערגעלאָזט ביי זיינע פיס.

דאָ, אין מדבר סיני קען מען זייער גוט דעם שייך איבן־אַלי־מחמוד פון שבט אַל־תיאַהאַ. זיין געבורטס־אָרט איז די מדבר, ווו אַלע בעדו־אינער ווערן געבוירן. ער איז נאָך יונג, ווייל ער איז געבוירן געוואָרן אינעם צווייטן יאָר נאָך דער מלחמה פון זיין שבט מיטן שבט תראַבין. וועלכעס יאָר דאָס איז געווען לויט אַראַבישן צייט־רעכענונג קאָן ער נישט אויסחשבונען, ווייל די בעדואינער רעכענען די צייט לויט די מלחמות פון די שבטים. זיין שבט האָט אַ חזקה אויף דער מדבר־געגנט ביז קוסיימאַ. זיינע זיידעס האָבן שטענדיק מיטן קינזשאַל אין האַנט די ערד־חזקה אָנגעהאַלטן, און אויך ער איבן־אַלי־מחמוד וועט זי פון זיין רשות נישט אַרויסגעבן. אָבער ער וואַרפט זיך אויף זיין געלעגער און עס עגבערט אים אַ געדאַנק: פאַר וואָס איז גראָד איצט ביי אים אויפגעקומען אַזאַ מחשבה? און ער ענטפערט זיך אַליין: אַזוי מוז טראַכטן יעדער בע־דואינישער שייך.

דער שייך האָט זיך איצט געזעען אין זיין גרויסקייט. ערשט מיט עטלעכע חדשים צוריק האָט ער דאָ נאָענט ביי דער אָאַזע אויפגעשטעלט זיינע געצעלטן עס איז נאָר געווען אָנזעעווודיק אַ קליין ריטשקעלע וואַסער, אָבער ער האָט דעם קוואַל פאַרטיפט און געפונען גענוג וואַסער פאַר זיינע סטאַדעס. נישט נאָר זיינע סטאַדעס נאָר אויך פרעמדע לאָזט ער אָנטרינקען מיט וואַסער. אָבער דער קוואַל געהערט צו אים. נאָר איבן־אַלי־מחמוד האָט צו זאָגן ווער עס מעג אָנטרינקען די שעפּסן און ווער עס מוז זיך ברענגען קריגן וואַסער אויף די קעפּ פון אַ ווייטן גאַנג. זינט דער וואַסער־קוואַל האָט אויפגעבראָכן איז זיין גדלוה פאַרגרעסערט געוואָרן. פון אומע־

טום האָט מען אים אָנגעבאָטן שיינע ווייבער, אָבער ער האָט נאָר אויס־געוויילט די פערצן־יאָריקע חמדה און אַלע איבעריקע אָפּגעזאָגט. נישט געווען קיין מיידל אין שבט וואָס זאָל נישט גלוסטן צו ווערן דאָס ווייב פון איבן־אַלי־מחמוד. קודם־כל האָט מען געוווּסט, אַז דער שייך באַהאַנדלט גוט זיינע ווייבער, ער שפּאַנט זיי נישט איין אין אַקער־אייזן ווי עס טוען די רוב בעדואינער, און די יונגסטע האַלט ער אַ לענגערע צייט ביי זיך. ווידער האָט מען אים מקנא געווען מיט דעם וואָס זיינע ווייבער זענען געלערנט און ווייסן אַלץ וואָס אַ בעדואינערין דאַרף וויסן. אָבער נישט אַלע האָבן געוווּסט אַז זיינע ווייבער זענען צו אים אַריינגעקומען רויער־הייט. ערשט ביי אים האָבן זיי אָנגענומען אַ סך וויסן פונעם מדבר־לעבן. דער שייך האָט נישט געזשאַלעוועט קיין פּאַרציעס געבראָטן שעפּסן־פלייש און זיי געלאָזט לערנען ביי די זקנים פון שבט. יעדעס נייע ווייב האָט דאָס געמוזט אַדורכגיין, אַפילו ווען זי האָט אָפּגעשטאַמט פון אַ מיחוסדיקער משפחה. אָבער מיט דער יונגער חמדה האָט ער אַ ביסל געענדערט דעם מינהג. ער האָט זי נישט איבערגעלאָזט מיטן זקן אַליין, אין אַ געצעלט, און אַלע זיינע ווייבער האָבן אויך געמוזט זיין מיט איר און זיך צוהערן צום זקנס רייד. אפשר וואָלט ער דאָס גאָרנישט געווען געטאָן, אָבער אים איז נישט געפעלן געוואָרן וואָס די זקנים נעמען צו פיל חמדהן לויבן. זיי האָבן אים דערציילט, אַז זי האָט אַ גוטן קאָפּ און זי געדענקט שוין פון אויסנווייניק די נעמען פון די שדים וואָס טאַנצן אַרום אין מדבר. זי ווייסט שוין אויך וואָס יעדער שד באַזונדער קאָן אויפטאָן, און ווי אַזוי מען קאָן זיך פּאַר די נישט־גוטע פאַרהיטן. איין מאָל האָט דער זקן וואָס האָט זי געלערנט, פאַרהערט איר אין שייכס אויגן און חמדה האָט גע־ענטפערט פלינק און קלאָר.

— ווייסט עפּעס וועגן שדים — האָט דער זקן געפרעגט?

— איך ווייס די גאַנצע תורה וואָס איך האָב געלערנט אין מיין מאַנס הויז, דעם שטאַרקסטן פון אַלע שייכן און רייכסטן פון אַלע שבטים איבן־אַלי־מחמוד.

— טאָ זאָג, ווער איז זשין?

— זשין האָט חמדה אַפילו נישט קיין קלער געטאָן — ג׳ין איז אַ נאַכט־שד. ער גייט אַרויס פון זיין הייל נאָר ביי נאַכט. קוים טרעפט ער אין דער פינצטערניש אַ מענטש אין חצות, אין דער רגע ווען די נאַכט טיילט זיך, גייט ער אין אים גלייך אַריין. זשין האָט נישט מורא פאַר

קיין פייער און קיין וואַסער. ער האָט אָבער יאָ מורא פאַר בלוט פון אַ שעפּסל. מיט דעם קאָן מען אים פאַרטרייבן. דעריבער גייט נישט אַ בעדו־אינער־פרוי אַרויס אין חצות אַז די זוים פון איר קלייד זאָל נישט זיין איינגעטונקען אין שעפּסן־בלוט.

— און ווער איז עפרית?

— ע פ ר י ת איז אַ קליין שדל וואָס מאַכט אַ שטורעם אין דער מדבר. ער מאַכט קאַליע די וועגן, פאַרשיט זיי מיט זאַמד און ער ווייזט אַ דורשטיקן מענטשן פאַלשע זעונגען פון וואַסער.

— און פון וועמען נאָך האָסטו געהערט?

— ע י ל פאַרשטעלט זיך פאַר אַ פרוי און שלעפּט אַריין מענטשן אין דער הייל. צו ערשט שפּילט ער זיך מיט זיי ווי מאַן מיט ווייב, און דערנאָך שעכט ער זיי און טראָגט זיי אַרויס צו די וועגן. אין אונדזער געגנט איז ער אָבער נישטאָ, ווייל ע י ל ווױנט אין די שווערע בערגיקע געגנט ווו עס איז שווער צוצוקומען.

— פאַר וואָס טאָר מען נישט פייפן אין דער מדבר ביי נאַכט?

— ווייל דאָס פייפן רופט צונויף שדים — ענטפערט חמדה געלאַסן.

דער זקן האָט אַרויסגענומען די נאַרגילע פון מויל און געלאַכט דעם שייך אין פנים אַריין:

— נו, זעסטו, קלוגסטער שייך פון אַלע קלוגע, רייכסטער פון אַלע רייכע, אַז זי איז קלאָר אין דער מדבר־לערע, ווי אַ קלאָר־קוואַליק וואַסער. איך וואָלט, אסור, אַזאַ ווייב נישט פאַרקויפט פאַר טויזנט שעפּסן.

דער שייך האָט געקוואָלן פון דעם זקנס רייד און זיך אויפגעשטעלט:

— אויף אירע יאָרן איז דאָס נאָך צו פיל — האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. אָבער דער זקן האָט אים נישט אָפּגעלאָזט.

— נאָך איין פראַגע וויל איך זי פרעגן:

— וואָס טוט מען צו די שדים?

— מען דאַרף טראָגן אַ קמיעה. אַפילו די קעמלען טוט מען אָן אויף די העלדזער קמיעות זיי צו שיצן פאַר אַ מגיפה.

— און ווען דאַרף מען די קמיעה שרייבן?

— אַז די קמיעה איז נישט געשריבן בשעת דעם מולד פון דער לבנה,ווירקט זי נישט — האָט דעם שייכס יונגסטע ווייב געוווסט צו ענטפערן.

— בנאמנות — אַללא זאָל אַזוי זיך באַווייזן ווי דו מעגסט מיר דער־לייגן צוויי שעפסן — האָט דער זקן חניפהדיק געזאָגט צום שייך.

דער שייך האָט אַ שמייכל־געטאָן און איבערגעלאָזט דעם זקן אָן אַן ענטפער.

— ער איז זייער קלוג — האָט דער זקן גערעדט צו זיך. מען קאָן אים מיט גאָר נישט נעמען.

אָבער נישט נאָר דער זקן האָט געוווּסט פון שייכס חכמה. אַלע נודדים פון מדבר סיני קענען גוט די חכמה פון איבן־אַלי־מחמוד. מען ווייסט אַז זיין חכמה שטאַמט אָפּ פון אָבות אבותינו. פון קוסיימא ביז מאיין־משה שמ׳ט זיין נאָמען און מען קומט ביי אים עצות פרעגן. מען בעט אים שוץ און מען ברענגט אים דערפאַר שעפּסן און קעמלען צו פאַרגרעסערן זיינע סטאַדעס, און ווייבער צו פאַרגרעסערן זיין האַרעם. און וואָס טיפער אין דער מדבר אַלץ מער פאַנטאַסטישער וואַקס ער אויס. אין די שטחים וואָס ליגן צופוסנס ביים באַרג סיני, און אַפילו אויף יענער זייט פון סאַנט־קאַטאַרינע־קלויסטער שמועסט מען אַפילו אַז די קעמלען פון איבן־אַלי־מחמוד זענען קלוג ווי מענטשן. זיינע קעמלען קענען גוט די וועגן. זיי ווייסן וווּ עס איז זון־אויפגאַנג און וווּ עס איז דער רויטער ים. אַלי־מחמודס קעמלען קאָנען זיך אויף באַגיין אַכט טעג אָן וואַסער, און די קמיעות וואָס זיי טראָגן אויף די העלדזער זענען געשריבן מיט אַזעלכע שפּרוכן, וואָס לאָזן נישט צו קיין שום שלעכטס.

די זון האָט שוין אַזוי געהאַט צעגליט די אַשיקע זאַמדן, אַז דער שייך האָט צוריקגעכאַפּט די פיס ווען ער איז אַרויס פון געצעלט. ער האָט נישט געקאָנט אַדורכקומען מיט זיך. וואָס זאָל ער טאָן? צונויפרופן דעם שבט און אים שטעלן אין מלחמה־גרייטקייט. אַלי־מחמוד וואַרפט נישט מיט ווערטער סתם אין דער וועלט אַריין, און אויב ער וועט אויסרופן מלחמה־גרייטקייט, וועט דער גאַנצער שבט גלייבן אַז אַללאַ אַליין האָט דאָס אים אַריינגעזאָגט אין די אויערן.

עפּעס האָט ער שוין לאַנג געהערט רעדן צווישן די באַלאַדיים וועגן אַ צווייטער רונדע מיט די יאהודים, אָבער אים איז די גאַנצע מעשה נישט געפעלן געוואָרן, ווייל זיי האָבן נישט אַריינגענומען אין דער מיט אַללאַן און אויך נישט זיינע ליבסטע קינדער פון מדבר — די בעדואינער. מיט אים איבן־אַלי־מחמוד האָט מען זיך אַפילו נישט באַראַטן, גלייך ווי ער

וואָלט קיין געמלהטער נישט געווען, קיין מאָל קיין קינזשאַל אין גאַרטל נישט געטראָגן, און צו קיין מאָרגן־תפילה אויפן פנים נישט געפאַלן.

דער שייך איז אַראָפּ פון בערגל און געגאַנגען צו דער אַאַזע צו. ער האָט איצטער פעסטער געדריקט דאָס הענטל פון זיין קינזשאַל. שוין אַ לאַנגע צייט שטיל געווען — האָט ער געטראַכט. אויב עס זאָל נאָך אַזוי ווייטער גיין וועט דער גאַנצער רום פון זיינע זיידעס זיך אויסוועפן. לכל הפחות דאַרף אַ שייך פירן צוויי מלחמות, אַ נישט וואָס האָט ער מתקן געווען אויף דער וועלט?

ביי דער אַאַזע האָט ער שוין געטראָפן אָנטרינקען די סטאַדעס. עס זענען געווען אַ סך פּאַסטוכער פון שבט און אַלע זיינע ווייבער. אַלי־מחמוד האָט נאָר אַ בליק־געטאָן און געזען אַז ביים קוואַל שטייען נאָר די שעפּסן און טרינקען, און די קעמלען זענען נאָך ווייט אויפן גליַענדיקן זאַמד. דאָס האָט אים אַזוי אויפגעקאָכט, אַז ער האָט געכאַפּט דאָס פּאַסטוך־יינגל טלאַל און מיטן קינזשאַל אים אָפּגעשניטן אַ שטיקל פון אויער־לעפּל.

— וויפל מאָל האָב איך דיר געזאָגט אַז דאָס ערשטע לאָזט מען טרינקען די קעמלען?

דאָס יינגל האָט צוגעדריקט מיט דער האַנט דאָס אויער. דאָס בלוט האָט געטריפט צווישן זיינע פינגער. ער האָט געוואָלט אַוועק אָבער דער מדבר־שייך האָט אים צוריקגערופן און ער האָט געמוזט אויסהערן זיינע רייד שטייענדיק און קוקן אים גלייך אין פנים אַריין.

— אַלע ערד־ציטערנישן וואָס קומען אויף דער וועלט — גרימט אַלי־מחמוד מיט רוגזה — קומען נאָר דערפאַר ווייל מען לאָזט דורשטן קעמלען אין מדבר. אַז מען זיצט אין דער היים מוז מען אַ קעמל אָנטרינקען צו דער צייט! דאָס קעמל איז אונדזער שיף, „די שיף פון דער מדבר". אַללאַ אַליין האָט זיך אַדורכגעשמועסט מיטן קעמל. דאָס קעמל איז באַשאַפן געוואָרן צו לעצט. ווען דער קעמל איז באַשאַפן געוואָרן זענען שוין אַלע ערטער אויף דער ערד געווען פאַרנומען, בלויז דער מדבר איז געווען ליידיק. האָט אַללאַ געזאָגט צום קעמל: גיי אין דער מדבר און העלף זיי צו, ווייל אָן דיר וועלן זיי נישט קאָנען לעבן. איצט פאַרשטייסטו שוין פאַר וואָס כ'האָב דיר אָפּגעשניטן אַן אויער?

טלאַל איז אַלץ נאָך געשטאַנען. דאָס בלוט האָט גערונען איבער זיין שוואַרצן לייב אין זאַמד אַריין, אָבער דער שייך האָט אים אַלץ נישט געוואָלט אָפּלאָזן. אַלע האָבן זיך צוגעקוקט. קיינער האָט נישט געוואַגט

אַרויסצורעדן אַ וואָרט. זיי האָבן געוווּסט, אַז אויב אַלי־מחמוד האָט דער־זען בלוט, וועט ער ווערן נאָך מער צערייצט און ער וועט אפשר דאָס יינגל אַדורכשטעכן מיטן קינזשאַל. אָבער אין דער מינוט האָט זיך אַרויס־געריקט אַ יינגעטשקע בעדואינערין און גענענט צום שייך.

חמדה האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. זי האָט זיך אַנידער־געוואָרפן אויפן פּנים פאַר דעם שייך און זיך געלאַשטשעט ווי אַ הונט צו די פיס פון זיין בעל־הבית.

— שטיי אויף חמדה!

דער גאַנצער כעס איז אין אים מיט אַ מאָל צערונען. ער האָט גע־הייסן דעם פּאַסטוך לויפן און ברענגען די קעמלען צו דער אָאַזע. ערשט שפּעטער וועט ער זיך מעגן אַרומוויקלען דאָס אויער מיט סאַקסאַל־בלעטער.

— חמדה! — האָט דער שייך באַפוילן: גיב אַכטונג אַז די קעמלען זאָלן זיך גוט אָנטרינקען. דערנאָך נעם צוזאַמען דיינע זאַכן און לאָדן זיי אָן אויף די שטאַרקסטע קעמלען. אויך די געצעלטן וועט מען דאַרפן פאַנאַנדערנעמען!

די יינגע בעדואינערין האָט אויפגעציטערט.

— ווילסט דעם וואַסער־קוואַל איבערלאָזן פאַר אַנדערע? — האָט זי מיט זאָרג געפרעגט.

ערשט איצט האָט אַלי־מחמוד געזען אַז ער האָט זיך אין זיין יינגסט ווייב נישט אָפּגענאַרט. זי איז אים געטריי, און אַזוי קלוג, אַז זי פּאַסט זיך אַריין אין זיין משפחה. זי ווייסט אַז ביים שבט אַ־תיאַהאַ שטעלט מען נישט צוריק־אויף געצעלטן אויף אַזאַ אָרט ווו מען האָט געווינט, צוליב מורא פאַר שדים וועלכע רוען באַלד אויף די ערטער וואָס בעדואינער פאַר־לאָזן. אַ ביסל האָט אָבער אויך אים די מעשה פאַרדראָסן. מיט אַן אַלט ווייב וואָלט ער אַנדערש גערעדט. זי אָבער, האָט ער ליב און ער האָט איר פאַרגעבן.

זינט חמדה איז אַריינגעקומען אין זיין געצעלט האָט ער ערשט דערזען די שיינקייט פון אַ פרוי. ווי נאָר זי האָט איבערגעטראָטן דעם געצעלט האָט ער געהייסן זי זאָל אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם לאַנגן ברוינלעכן קאַפטאַן וואָס האָט זי פאַרדעקט ביז די באָרוועסע פיס. ער האָט זי געדרייט אין אַלע זייטן און זיך נישט געקאָנט זאַט קוקן אויף איר דינעם בויגעוודיקן קערפּער. „צווישן טויזנט פרויען זעט מען נישט אַזאַ נקבה" — האָט אַלי־מחמוד געשאָקלט צופרידן מיטן קאָפּ. נישט אַנדערש ווי אַללאַ אַליין

האָט איר גוף מיט זײַנע הענט אויסגעפּורעמט. אַ נישט וואָלט אים המדה נישט אַזוי שטאַרק פאַרכישופט. ווען נאָר זי ליגט ביי זיינע פיס גלוסט ער צו איר, און ווען נאָר זי גייט אַרײַן אין געצעלט הייסט ער זי לייגן ביי זײַנע פיס. וואָס פאַר אַ ווערט האָבן דען ווייבער אין זיין שבט? זיין פאָטער האָט זיך געוואָרפן מיט ווייבער ווי מען וואַרפט דעם אָפּפאַל פון אייזלען. אויך ביי אים האָבן זיי דעם זעלבן ווערט, אָבער חמדה? — פאַר חמדהן וואָלט ער זיך געשלאָגן.

וואָס פאַר אַ מיליטער עס וועט קומען אין מדבר אַרײַן, וועט צונעמען חמדהן פון אים. עגיפּטישע זעלנער וועלן געוויס דעם נסיון נישט קאָנען ביישטיין און זי באַצווינגען. יאָ, ער וועט זיך שלאָגן, אָבער צי וועט דאָס חמדהן אָפּהיטן פון אַ פרעמדן מאַן? און אַפילו ווען זיי זאָלן זי שפּעטער איבערלאָזן וועט דאָך זיין נאָך ערגער. ער וועט דאָך זי מוזן מיט אייגענע הענט מיטן קינזשאַל אַדורכשטעכן... דער שייך איז געווען צעקאָכט און מיט ירגזון אויסגערופן:

— צונויפנעמען די מחנה און אין די בערג אַרײַן!

ער איז געריטן פאָרויס אויפן בעסטן קעמל און ביי דער זייט האָט זיך געהאַלטן חמדה. זייערע אויגן זענען געווען אָנגעשפּיזט אין דער ווייט־קייט אַרײַן. זיי האָבן אָבער קיינעם נישט געזען. די מדבר איז געווען שטיל.

די קעמלען האָבן ייִנגן געצויגן ביי די צוימען, זיי זענען געווען שווער באַלאָדן מיט וואַסער־לאָגלען, זעק מעל און האָלץ. די זון האָט געגליט און חמדה האָט אַראָפּגעצויגן איר טורבאַן טיפער איבערן פּנים. זי האָט געפילט ווי עפּעס שלעכטס רוקט זיך אונטער, עפּעס וועט דאָ פּאַרקומען. איבן־אַלי־מחמוד אַנטלויפט פאַר אַ מלחמה און וויל נישט אַרויסנעמען די שווערד פון די שייד. זי האָט נישט באַנומען פאַר וואָס דער שייך האָט זיך אַזוי דערשראָקן, און זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן ווי עס זעט אויס דער שונא, זי האָט געקענט די מלחמה־געזעצן און גע־ווּוסט, אַז קוים פאַלט אַלי־מחמוד אַרײַן צום שונא מוזן אַלע זיינע ווייבער איבערגיין צום זיגער. קיין ווייב פון אַ באַזיגטן שייך טאָר זיך נישט אַקייגנ־שטעלן און מוז טאָן דעם ווילן פון נייעם האַר. זי האָט געהערט רעדן וועגן די יאהודים אָבער ווי גרויס עס איז זייער שבט האָט זי נאָך אַלץ נישט געוווּסט. חמדהן האָט מען קיין מאָל נישט מיטגענומען אין שטאָט אַרײַן. איר שבט האָט מורא געהאַט אַז פרעמדע בעדואינער ווען זי פאַרכאַפּן.

זי האָט איצטער געפילט די פאַרביטערטקייט פון שייך און מורא געהאַט אַרויסצורעדן אַ וואָרט.

דער קאַראַוואַן האָט זיך געצויגן זייער לאַנג. דער ערשטער רייטער האָט נישט דערזען דעם לעצטן. גאָר צולעצט פון דער מחנה איז גע־גאַנגען טלאַל מיטן אָפּגעשניטענעם אויער. די סאַקסיל־בלעטער האָבן געהאַמעוועט דאָס בלוט און דער ווייטיק האָט אים אַ ביסל אָפּגעלאָזט. דאָך האָט ער זיך געפאָרכט פאַרן שייך. ער האָט געוווּסט, אַז ווען־נאָר אַלי־מחמוד וועט אים זען וועט ער אים פייניקן. דאָס יינגל איז געבליבן וואָס אַ מאָל מער הינטערשטעליק און ער האָט געהאַט חשק אין גאַנצן צו אַנטלויפן פון זיין שבט.

אין דער ערשטער ריי האָט זיך געהערט אַלי־מחמודס שטימע:

חמדה! איך פיר דעם שבט אויף אַ זיכער אָרט. דאָרט וועט קיין זעלנערישער פוס נישט צוקומען. מיר וועלן דאָרט לאַגערן ביז דער שטורעם וועט פאַרביי, דערנאָך וועלן מיר צוריקקערן צו דער אָאַזע און זיך באַזעצן אויף דער צווייטער זייט פון וואַסער־קוואַל.

חמדה׳ן איז אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן. זי האָט אָבער נאָך אַלץ גע־פאָרכט זיך אָפּצורופן מיט אַ וואָרט.

— הערסט! — האָט דער שייך אָנגעשפּיצט די אויערן. דער שטורעם דערנענטערט זיך! די האַרמאַטן דונערן פון דער ים־זייט. קעגן אַזעלכע מאַשינען זענען אַללאַס מדבר־קינדער אוממעכטיק. אַ בעדואינער קעמפט מיט כבוד מיט דער שווערד און קינזשאַל פנים אל פנים. איך האָב זיך אַ מאָל מיט אַ באַנדע אַריבערגעכאַפּט איבערן עזה־פּאַס און אַריינגע־קומען קיין באר־שבע. דאָרטן האָב איך געזען וואָס פאַראַ מאַשינען די יאַהודים האָבן. הערסט, חמדה! געפּאַנצערטע געצעלטן אויף רעדער, וואָס שיסן פון אַלע זייטן. קיין ביקסן־קויל נעמט זיי נישט און מיט אַ קינזשאַל קאָן מען צו זיי נישט צוקומען.

מיין טאַטע דער שייך איבן מצליח בן גאַרמי האָט זיך אַנדערש געפירט, אַפילו ווען ער האָט געוווּסט אַז דער שונא איז שטאַרקער — האָט חמדה געטראַכט ביי זיך, אָבער זי האָט זיך געשראָקן דאָס אַרויסצוברענגען פאַרן מויל.

דער שייך, ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען איר שטילשווייגן איז אויפגע־שפּרונגען אויפן קעמל.

— פאַר וואָס שווייגסטו, פאַר וואָס לויבסטו נישט מיינע רייד? די

יאַהודים זענען דאָך נישט קיין שבט. זיי זענען פול ווי זאַמדביים ברעג ים און ווי די שטערן אין הימל. קעגן זיי העלפט נישט קיין קמיעה. זיי לויפן ווי די שדים אין פייער אַריין. אויף דער זייט פון די קאַהירער וויל איך זיך נישט שטעלן. זיי האָבן מיין שבט פאַרשעמט און נישט געקומען שואל עצה זיין זיך מיט מיר.

וואָס אָפטער עס האָבן זיך געהערט די דונערן אַלץ מער האָט דער שייך אונטערגעיאָגט זיין קעמל. הינטער אים האָבן דאָס אַלע נאָכגעטאָן. די געשרייען פון די קעמל־טרייבער האָבן אָפּגעהילכט אין דער ווייט מיט אַ הוילן עכאָ.

צוויי טעג האָבן זיי געוואַנדערט צווישן זאַמדן, טאָלן און וואַדיס. אויפן דריטן טאָג זענען זיי אָנגעקומען צו אַ באַרגיקער געגנט.

דער שייך איז דער ערשטער אַראָפּ פון קעמל. דער קאַראַוואַן האָט זיך אָפּגעשטעלט און גענומען אויפשטעלן געצעלטן.

חמדהן איז די געגנט נישט געפעלן געוואָרן. אַ ביסל האָט זי זיך אויך געשראָקן פאַרן שד עיל, וואָס לויט דער מסורה וווינט ער אין אַ באַרגיקער געגנט, אָבער זי איז געווען פאַרנומען ביים צוגרייטן דאָס געצעלט פאַרן שייך און זי האָט אויפגעהערט טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש. ערשט ווען זי האָט געהערט אַלי־מחמודס קולות האָט זי זיך אומגעקוקט.

אַזאַ טומל האָט זי נאָך נישט געהערט, דער שייך זאָל מאַכן. און דאָס אין גאַנצן ווייל ס׳האָט געפעלט דאָס יינגל מיטן אָפּגעשניטענעם אויער.

— איך האָב אָבער אים נישט געוואָלט אָפּלאָזן — האָט דער שייך געצאָרנט. דאָס בלוט האָט אין מיר געזידט און כ׳האָב אים געוואָלט אַריינפאָרן מיטן קינזשאַל אין די ריפּן, אָבער ס׳האָט זיך מיר אויסגע־דאַכט ווי אַללאַ זאָגט מיר אונטער „ס׳איז גענוג אַן אויער“, דאָס האָט אים אָפּגעראַטעוועט. איצט צאָלט ער מיר אָפּ און ער איז נעלם געוואָרן.

חמדה האָט געהערט און געציטערט. אייגנטלעך איז זי דאָך די גאַנצע שולדיקע. זי האָט זיך דאָס איינגעשטעלט און אָפּגעראַטעוועט טלאַלס לעבן. ווער ווייס אויב דער שייך וועט נישט אויסגיסן זיין צאָרן אויף איר קאָפּ.

זי האָט ווייטער געאַרבעט ביים אויפשטעלן דעם געצעלט. אַלע גע־צעלטן זענען שוין געווען צעוואָרפן אויף אַ גרויסן שטח צופּסינס דעם באַרג, נאָר דער געצעלט פון שייך וואָס איז געשטאַנען אין סאַמע מיטן

איז נאָך אַלץ נישט געווען פאַרטיק. אַלע ווייבער פון שייך האָבן געאַרבעט ווי אייזלען.

דעם שייכס געצעלט איז געווען געוונג גרויס און רחבותדיק. ער איז געווען אַרומגעצויגן מיט נייע לייוונטער און מיט גראָבע שטריק צוגע־בונדן צו די פלעקלעך. אַלי־מחמוד האָט זיך אַרומגעדרייט און אַכטונג געגעבן, אַז די לייוונטער זאָלן אַריינגיין אין זאַמד אַריין און דער געצעלט זאָל זיין פאַרמאַכט אַרום און אַרום. אינעווייניק איז דער געצעלט געווען באַהאָנגען מיט פעלן און אונטערן געלעגער פון שייך איז געווען אונטער־געלייגט אַ גרויסער, אָפּגעריבענער טעפּיך. אין אַלע ווינקלען האָבן גע־ברענט נאַפט־לאָמטערנעס מיט גרויסע קנויטן.

די נאַכט איז צוגעפאַלן און צונויפגעגאָסן די מחנה אין דער טונקלקייט פון די בערג. די מדבר־שטילקייט האָט אַלץ איינגעהילט אין אַ שוואַרצן שטומען פלעק.

אַלי־מחמוד איז מיט פאַמעלעכע טריט דער ערשטער אַריין אין געצעלט. נאָך אים זענען נאָכגעגאַנגען אַלע זיינע ווייבער און קינדער. ער האָט דעם קינזשאַל אַוועקגעוואָרפן אויף דער ערד, אָפּגעבינדן דעם רויטן גאַרטל, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם ברוינעם כאַלאַט און זיך אַנידערגעלייגט אָפּרוען.

די ווייבער מיט די קינדער האָבן זיך אַרויסגעשאַרט און אַרונטער־געגאַנגען הינטער דער פאָרהאַנג, וואָס האָט צעטיילט דעם געצעלט. בלויז חמדה איז געבליבן זיצן ביי זיינע פיס.

לאַנג רוען האָט דער שייך נישט געקאָנט, ווייל עס האָבן אים געוועקט שטורמישע געשעענישן. ער האָט געהייסן צוזאַמענרופן די נכבדים פון שבט. באַלד איז דער געצעלט פול געוואָרן מיט אַ סך זקנים. זיי האָבן זיך אויסגעצויגן אויף די שעפּסן־פעלן לעבן שייך. אַלי־מחמוד האָט געהייסן דערלאַנגען שטאַרקע קאַווע.

אַרום דעם געצעלט האָבן געטליעט פייערן. באַלד איז געוואָרן פאַרטיק שעפּסן־פלייש. די זקנים האָבן באַקומען גרויסע פּאָרציעס. דאָס פלייש איז נאָך געווען הייס און זיי האָבן עס געשיקט איבערגעוואָרפן פון איין האַנט אין דער אַנדערער און געבלאָזן דערויף ביז עס האָט זיך אַ ביסל אָפּגעקילט. זיי האָבן נישט פריער אָנגעהויבן עסן ביז עס איז אַריינגעקומען אַ יינגל מיט אַ קריגל וואַסער און אָפּגעגאָסן זייערע שפּיץ פינגער. נאָך דעם האָט מען זיך גענומען צו דער סעודה.

זיי האָבן אָפּגעגריזשעט דאָס פלייש ביז די ביינער, אָבער די ביינער האָבן זיי נישט אַוועקגעוואָרפן, און ווען ס׳איז שוין נישט געווען קיין פלייש האָבן זיי נאָך אַ מאָל גענומען שמאָטשקען די ביינער און צוגע־טרינקען הייסע קאַווע. דער שייך וואָס איז שוין געווען זאַט האָט אַוועק־געוואָרפן די ביינער ביי דער וואַנט פון געצעלט. נאָך אים האָבן אַלע נאָכגעטאָן. ערשט איצט האָט אַלי־מחמוד אָנגעהויבן רעדן:

— צוויי זאַכן האָט אַללאַ נישט געמאַכט פאַרגעסן אין מיין האַרץ: דאָס וואָס די באלדיים רעכענען זיך נישט מיט אַלע קינדער פון מדבר — די שבטים וואָס ציילן פערצן טויזנט בעדואינער און זיי טאָן אַלץ אויף אייגענער האַנט; און דער סורר ומורר, וועמען כ׳האָב אָפּגעשניטן בלויז אַן אויער און אים נישט געגעבן די ריכטיקע שטראָף.

די נכבדים האָבן זיך דערוואָרעמט פון דער קאַווע. זיי זענען געווען גוט אויפגעלייגט און הכנעהדיק צוגעשאָקלט מיט די קעפּ.

— נישט איין מאָל האָט דער יונג אין מיר אויפגעקאָכט דאָס בלוט — האָט דער שייך געגרימט מיט געביילטע פויסטן. ער האָט דאָך נישט אָפּגעהיטן אונדזערע מנהגים. וואָס פאַראַ מיאוסע זאַכן האָט ער אַלץ נישט אָפּגעטאָן? ער פלעגט זיך שפּילן מיט די טמאדיקע חיות, כאָטש ער האָט געוווּסט אַז אין יעדן הונט איז פאַראַן אַ גלגול פון אַ שד. איך האָב אים געזאָגט אַז אַ הינט טאָר נישט באַטרעטן קיין געצעלט פון אַ בעדואינער, ווייל ער ברענגט צרות פאַרן גאַנצן הויז, האָט ער דאָס נישט אָפּגעהיטן. ער געראָט אַריין אין זיין מאַמען, וואָס איז נישט מער ווערט געווען ווי צו באַמיסטיקן מיט איר פעלדער. דעם אַקער־אייזן האָט זי נישט געקאָנט ציִען, און נישט טראָגן אַ קויש אויפן קאָפּ. איין מאָל איז איר אַפילו אַ וואַסער־קריג פון קאָפּ אַראָפּגעפאַלן און צעבראָכן געוואָרן. אַז איר מאַן איז געקומען צו מיר האָב איך מתיר געווען ער זאָל זי צו אַ צווייטן שבט פאַרקויפן. אָבער מער ווי צוויי שעפסן האָט ער פאַר איר נישט באַקומען.

דער שייך האָט זיך אָפּגערוט און אַ זקן פון די נכבדים האָט זיך אָפּגערופן:

ערשט איצט זעען מיר און פאַרשטיין איבן־אַלי־מחמודס חכמה. קוים רוימט אים נישט אַללאַ איין אין אויער „צי אַרויס די שווערד פון דער שייד״ גייט ער נישט אַרויס אויף מלחמה, אַפילו קעגן די וואָס קומען איינגעמען דעם מדבר.

— איבן־אַלי־מחמוד האָט ליב די ווייבער פון שבט און ער וויל נישט זיי זאָלן בלייבן אָן מענער — לויבט אים אַ צווייטער.

פאַרן שייך זענען די שבחים געווען צו שוואַך. נאָכן אויפפעסן אַזויפיל שעפסן־פלייש האָט ער זיך געריכט צו הערן פון זיי מער לויב־ווערטער. ער האָט אָבער געוווסט, אַז דאָס אַלץ איז צוליב חמדהן. פּשוט זיי פאַרגינען אים נישט צו האָבן דאָס שענסטע ווייב פון שבט. ס'וועט אָבער קומען אַ צייט וואָס ער וועט זיך מיט זיי אָפּרעכענען, ער האָט צייט...

דער שייך האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער פאָרהאַנג און גערופן די ווייבער זאָלן אַריינקומען. די זקנים האָבן דעם סימן פאַרשטאַנען. זיי האָבן זיך אויפגעהויבן און מיט שאַרנדיקע טריט אַרויס פון געצעלט.



מיטן אויפגיין פון טאָג איז די מדבר־שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן דורכן זשומען פון עראָפּלאַנען. איין עראָפּלאַן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַזוי נידעריק, אַז מען האָט געזען זיינע מגן־דוד־צייכנס און דעם קאָפּ פון פליער. אין אָנהייב איז דער גאַנצער שבט געשטאַנען אין דרויסן און געקוקט אין הימל אַריין, נאָר ווי דער פליער האָט גענומען קרייזן איבער דעם לאַגער האָבן זיך די ווייבער דערשראָקן און זיך באַהאַלטן אין די געצעלטן. די קינדער אָבער איז דאָס שטאַרק געפעלן געוואָרן און זיי האָבן מיט פריילעכע ליאַרמען געפּאָכעט מיט די הענטעלעך צום פליער.

דער שייך איז געשטאַנען אין מיטן לאַגער מיט דער לינקער האַנט אָנגעלענט אין דער לופע פון זיין ביקס. ער האָט זיך געריכט אויף אַן איבערפאַל, אָבער ער האָט קיין שום פּחד נישט אַרויסגעוויזן. ווי נאָר די עראָפּלאַנען זענען פאַרשווינדן האָט ער געהייסן אָנלאָדענען צוויי קעמלען אין וועג אַריין. חמדהן האָט ער מיטגענומען מיט זיך.

חמדה איז אַ גוטע רייטערין און זי איז געזיצן אויפן זאָטל ווי אַריינגעוואָקסן צווישן דעם קעמלס הויקערס. זי איז געריטן הינטער אים אין שטילשווייגן. זיי זענען אַדורך שאַרפע זאַמדן. פון די זאַמדן־אַרויס האָבן אַרויסגעשטעקט טרוקענע דערנער. דערנאָך זענען זיי צוגעקומען צו אַ באַרגיקער געגנט. די קעמלען האָבן נישט געוואָלט גיין. חמדה איז אַראָפּ און גייענדיק האָט זי זיי געצויגן ביי די צוימען.

די זון האָט זיך גענומען באַהאַלטן הינטער די שפּיצן בערג און דער שייך האָט געזוכט מיט די אויגן אַן אָרט וווּ איבערצונעכטיקן. עס איז

נישט געווען נישט קיין בוים און נישט קיין גרעזל. ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן וועג. די וואַסער־לאָגלען זענען נאָך געווען פול און זיי האָבן אַ סך געטרינקען. חמדה האָטביידע קעמלען צוזאַמענגערוקט און פאַר זייערע פּיסקעס האָט זי אַנידערגעלייגט אַ בינטל שטרוי.

אַ גאַנצע נאַכט איז אַלי־מחמוד נישט געשלאָפן, ער האָט זיך אַרומגעדרייט מיטן ביקס אין האַנט און געהיטן חמדהן מיט די קעמלען. ערשט ווען דער מאָרגנשטערן איז אויפגעגאַנגען האָט ער אויפגעוועקט חמדהן און איר געהייסן וואַך זיין ביז עס וועט ווערן טאָג.

ער האָט זיך אַנידערגעלייגט און די ביקס האָט ער געהאַלטן צווישן זיינע פיס.

ביים אויפגיין פון מאָרגנרויט זענען זיי שוין ווידער געריטן צוזאַמען. דער שייך האָט געוואָלט אָנקומען צום שפּיץ באַרג און אַריינגיין אין קלויסטער. צו זיי, צו די נזירים האָט ער געהאַט צוטרוי. ער האָט געוואָלט חמדהן דאָרטן איבערלאָזן ביז דער שטורעם וועט פאַרביי און אין מדבר וועט ווידער שטיל ווערן. די נזירים — האָט ער געוווּסט — האָבן נישט קיין האַרעם, אַפילו קיין איין ווייב האָבן זיי נישט און זיי קוקן נישט מיט תאווה־בליקן אין אַ פרויס אויגן. אַזוי האָט ער געקלערט וואָס אַ מאָל העכער אויפן באַרג. ערשט ווען ער האָט דערזען דעם שפּיץ פון פינקלדיקן קלויסטער־טורעם מיטן גרויסן צלם וואָס האָט געבלענדט אין זון־אויפגאַנג, האָט ער אויפגעציטערט. אַ פּחד איז אויף אים אָנגעפאַלן.

ער איז געווען זיכער, אַז אַללאַ וועט אים פאַרשעלטן דערפאַר וואָס ער זוכט שוץ אונטערן צלם פאַר זיין שענסט ווייב. ער האָט זי אַרומגענומען מיט אַ חשקדיקן בליק. אויפן באַרג האָט חמדה אויסגעזען נאָך שענער און ער איז גרייט געווען זיך פאַר איר אַפילו צו שמדן. אַ באַהאַלטענע תאווה האָט אין אים אַ ברען־געטאָן און אים געמאַכט פאַר אַ הפקר־יונג. דער שייך האָט צו איר אַ שמייכל געטאָן און חמדה וואָס האָט געהאַט די זון אין די אויגן האָט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

דער שייך איז אָבער אַלץ נישט זיכער געווען צי ער וועט דעם קלויסטער דערגרייכן. מיט קעמלען איז שווער אַרויפצוקומען אויף אַ באַרג. ער האָט געוווּסט אַז די נזירים פון קלויסטער לעבן גוט מיט די בעדואינער און זיי גיבן־אָפּ כבוד די שייכן פון די שבטים. ווען נאָר אַ שייך קומט צו צום פלויט פון קלויסטער, טראָגן זיי אַרויס פאַר אים ווייס ברויט מיט

שוואַרצע קאָוועס. זיי זאָגן נישט אָפּ אַז מען בעט זיי אַ טובה. דעריבער, איז דער שייך געווען זיכער, וועלן זיי חמדהן אַריינבעמען און זי וועט זיין געראַטעוועט. קיין שום באַוואָפנטער אַראַבער וועט נישט וועלן ווייטער גיין ווען ער וועט דערזען חמדהס שיינקייט. די ערגסטע, האָט ער געוווסט זענען אָבער די אַלעקסאַנדערער. אַ גאַנץ לעבן פאַרברענגען זיי אין די שאַנד־הייזערביים פּאָרט. געוויס וועט ער זיך פאַר איר שלאָגן, דער גאַנצער שבט וועט זיך שלאָגן, אָבער חמדהן וועט ער נישט קאָנען אַרויס־רייסן פון זייערע הענט.

און אַזוי ווי דער שייך איז געווען פאַרנומען מיטן אונטערשטופּן זיין קעמל האָט חמדה דערזען ווי צוויי מענטשן נידערן אַראָפּ פון באַרג.

דער שייך האָט זיך גלייך געכאַפּט צו דער ביקס. חמדה איז איינגע־שטעלט — האָט ער געטראַכט. צוויי אויף איינעם, און ווער ווייס אויב דאָס זענען נישט זיינע שונאים, פון שייך חמד אַלצאַניס שבט.

ער איז געבליבן שטיין אויפן אָרט און געוואַרט ביז זיי וועלן זיך צו אים נענטערן. חמדהן האָט ער געהייסן שטעלן הינטער זיך. דער שייך האָט אָנגעשטרענגט זיין בליק און באַלד אויסגעשריגן:

— נזירים!

ער איז געווען צופרידן פון דער באַגעגעניש און ווי פאַר זיך אַ זאָג געטאָן:

— ביי זיי וועט מען זיך דערוויסן ווי עס האַלט.

— וואָס וויסן נזירים? — האָט חמדה געצווייפלט.

— זיי וויסן, זיי וויסן! — האָט דער שייך געשאָקלט מיטן קאָפּ. זיי האָבן אַזעלכע מכשירים וואָס דערציילן אַלץ וואָס טוט זיך אין דער וועלט.

די נזירים זענען וואָס אַ מאָל צוגעקומען נענטער, און ווען זיי זענען געשטאַנען נאָענט האָבן זיי זיך געצלמט פאַר די בעדואינערס אויגן:

— זאָל זיין געלויבט...

דער שייך האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס זיי זאָגן און אויך גאָרנישט געענטפערט.

איין נזיר איז געווען אַן אַלטער מיט אַן אָפּגעגאָלטן קאָפּ און אַ ווייסער באָרד, און דער אַנדערער גאָר אַ ייִנגיטשקער מיט ראָזע בעקלעך ווי די מאַמעס מילך וואָלט אים געלעגן אויף די ליפּן.

— נעם אַראָפּ די ביקס פון דיינע לענדן. דו שטעלסט איין דיין

לעבן און דאָס לעבן פון דיין שיינע טאָכטער, וואָס שטייט הינטער דיר — האָט דער אַלטער נזיר געזאָגט אין אַ קוים פאַרשטענדלעכן אַראַביש.

דער יונגער נזיר האָט דערווייל געכאַפּט אַ בליק אויף חמדהן און זיין פריש פּנים האָט זיך באַגאָסן מיט רויטקייט.

דער שייך איז אויפגעשפּרונגען פאַר כעס: ווער ווייסט דאָס באַפעלן איבן־אַלי־מחמודן אַראָפּצונעמען די ביקס פון זיינע לענדן?

— טו אַזוי ווי איך הייס דיך, זון מיינער — האָט דער אַלטער נזיר געזאָגט במנוחהדיק. נעכטן־נאָך פאַר דער פאַרנאַכט־תּפילה זענען שוין די יאהודים געווען ביי אונדז אין קלויסטער. זיי זענען אָנגעקומען מיט דזשיפּן און געווען לייכט באַוואָפנט. זיי האָבן זיך גוט אויפגעפירט און קיינעם נישט געטשעפּעט, אָבער צו מענטשן וואָס לייגן נישט דאָס געווער, שיסן זיי.

— איז דאָס מעגלעך? — האָט דער שייך געפרעגט מיט דער־שטוינונג — פון באר־שבע ביז טיף אין דער מדבר־סיני אין געציילטע טעג?

— מיין זון! אַ נזיר זאָגט נישט קיין ליגן. וואַרף אַוועק דיין ביקס. אָבער אויב דו ווילסט זי נישט פאַרלירן טאָ בינד זי צו אונטערן בויך פון קעמל און נידער שוין אַראָפּ פון באַרג. בן־גוריונס זעלנער הערשן שוין איבערן גאַנצן מדבר, זיי זענען שוין אָנגעקומען צום סועץ־קאַנאַל און די פראַנצויזישע פאַראַשוטיסטן האָבן פאַרנומען דעם צווייטן ברעג. מסתּמא איז גאָטס ווילן אַזוי — האָט דער נזיר אָנגערירט דעם צלם וואָס איז געהאָנגען אויף זיין ברוסט.

— און וואָס זאָל איך טאָן מיט איר? — האָט דער שייך אַ ווייז־געטאָן אויף חמדהן.

— דער יונגער נזיר האָט פאַרשטאַנען וואָס דער שייך מיינט און ער האָט אונטערגעכאַפּט.

— זאָג אים, עלטערער ברודער, ער זאָל זי אַריינגעבן אין קלויסטער.

— פאַר איר האָסטו נישט וואָס מורא צו האָבן. די זעלנער מיטן מגן־דוד אויף די ברוסטן טשעפּען נישט קיין פרעמדע פרויען.

דער נזיר האָט זיך אַ ביסל אָפּגערוט.

דער שייך איז געשטאַנען אַ נידערגעשלאָגענער און אַריינגעטראַכט: אָבער ווער וועט חמדהן באַשיצן פאַר די אַראַבישע חיילות וואָס זענען שטאַרקער פון זיין שבט? אַן אַראַבער וואָס וועט חמדהן זען און זי נישט גלוסטן איז דאָך בכלל נישט קיין געמלהטער...

דער אַלטער נזיר האָט ממשיך געווען:

— וואָס מען קאָן זאָגן אויף זיי, אָבער די ווילדקייט פון דער מלחמה איז די יאהודים פרעמד. זיי פירן זיך גוט אויף מיט קינדער. זיי האָבן אין דער מדבר געפונען אַ פאַרוווּנדעט יינגל מיט אַן אָפּגעשניטן אויער, האָבן זיי זיך מיט אים מטפל געווען און אין קלויסטער געבראַכט.

דער שייך האָט אויפגעציטערט:

— דאָס מוז זיכער זיין טלאַל, דער סורר ומורר — האָט ער צו חמדהן אַ זייטיקן זאָג־געטאָן.

— דער יונג איז מיינער און איך האָב אים דאָס אויער אָפּגעשניטן.

— אויב אַזוי האָט דער אַלטער נזיר געזאָגט געלאַסן — איז בעסער, זון מיינער, דו זאָלסט זיך נישט נענטערן צום קלויסטער. דאָס יינגל ליגט אין היץ און מיט דיין באַווייזן זיך וועסטו זיין מצב נאָך פאַרערגערן. און איך וויל דיך וואָרענען פאַר אַן אומגליק: אויב די יאהודים וועלן דיך טרעפן און זיך דערוויסן אַז דו האָסט דעם יינגל אַן אויער אָפּגעשניטן, וועלן זיי דיך באַשטראָפן. אָבער דיין טאָכטער קענען מיר מיטנעמען אין קלויסטער אַריין.

דער שייך האָט אַ נאַכלעסיקן שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ.

ער האָט נאָך געוואָלט עפּעס פרעגן, זאָגן, אָבער די נזירים האָבן זיך אָפּגעצלמט און אַוועקגעגאַנגען מיט חמדהן. זיי זענען געגאַנגען מיט רעשיקע טריט און געאײַלט צום אָרט ווו זיי פלעגן יעדן פרימאָרגן תפילה טאָן אויפן פרייען באַרג.

אַלי־מחמוד איז שטיין געבליבן אין מיטן באַרג מיט ביידע קעמלען. ער האָט זיי טעמפּ נאָכגעקוקט און געזען ווי חמדה גייט נאָך די נזירים מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. פון אונטער אירע פיס הייבן זיך אויף וואָל־קנדלעך שטויב. ער האָט געוואָלט זיי נאָכלויפן און זי צוריקנעמען, אָבער דער שטאָלץ פון אַ בעדואינער־שייך האָט גובר געווען און ער איז געבליבן צוגענאָגלט צום אָרט. ער איז אַרויף אויפן אינטלס גאַרב און זיי נישט אַרויסגעלאָזן פון אויג. ער האָט געזעען ווי די גאַנצע תפילה האָט געדויערט נישט מער ווי עטלעכע מינוט, און שוין קלעטערן זיי אַרויף אויפן שפּיץ באַרג צום קלויסטער. וואָס אַ מאָל זענען זייערע פיגורן געוואָרן קלענער, בלאַסער — דער באַרג־נעפּל האָט זיי געטומען איינהילן.

ערשט דעמאָלט האָט זיך דער שייך אַ ריס־געטאָן פון אָרט און באַ־שלאָסן מיט איין מאָל חמדהן אַרויסצורייסן פון זיינע געדאַנקען. ער האָט

אַפּויערגענומען די ביקס פון אונטער דעם קעמלס בויך און זי אָנגעשטעלט אויפן באַרג אַרויף. ער האָט געוואָלט צילן נאָר אין חמדהן, אָבער דער באַרג־נעפּל האָט אַלע דריי שוין געהאַט אין גאַנצן פאַרשלונגען, און אַחוץ דעם גלאַנציקן קלויסטער־צלם אויפן שפּיץ־באַרג האָט דער שייך גאָרנישט מער געזען.



# אַ בונקער אין מדבר

אין איינעם פון די בלעטלעך פון זיין טאָג־בוך, וואָס איז דאַטירט פון 31סטן אָקטאָבער 1956, האָט אַ רעזערוויסט פון צה״ל אַזוי געשריבן:

„דאָס, וואָס איך האָב היינט געזען אויף די גאַסן פון תל־אביב און אויף שליאַכן פון דרום־פראָנט, האָט מיך באַגייסטערט און דערהויבן. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, ווי ס׳וואָלט אומגעריכט אַ שיין־אויף געטאָן אַן אומגעהויער ליכט אין לעבן — אויב דו רעכנסט אַריין מדינת־ישראל און פאָלק ישראל ווי אַן אינטעגראַלער טייל פון דיין לעבן.

ערשט היינט האָב איך זיך באַפרייט פון אַ שווערער לאַסט, וואָס האָט געפרעסט מיין האַרץ. ערשט איצט האָט מיך אויפגעהערט צו מאַטערן דער בייזער קאָשמאַר, וואָס האָט מיך אַזוי ווייטיקלעך גענאָגט די גאַנצע צייט.

איך בין אַ נייער עולה און פאַר מיינע אויגן איז אַלע מאָל געשטאַנען דאָס בילד פון געטאָ. אַ גרויסע מאַסע יידן, צוזאַמענגעדרוקט קוקן־אַרויס פון הינטער די געטאָ־מויערן און אַרום זיי פון דרויסן שטייט דער שונא. יידן יונגע, געזונטע, פעיִקע צו טראָגן געווער, אָבער אָן אַ פויסט און אָן אַ ווילן דערקלערן זיי זיך אַליין פאַר רעזיגנירטע און פאַרפאַלענע.

ערשט איצט קאָן איך דערציילן וועגן מיינע זינדיקע מחשבות איבער די זיבן יאָר, וואָס כ׳בין דאָ אין לאַנד. יעדער טאָג, וואָס פלעגט זיין באַגלייט מיט אַ ידיעה וועגן מאָרד איבער די איינוווינער פון אונדזערע גרענעץ־ישובים, יעדעס מאָל, ווען איך האָב זיך אויפגעשטעלט בעת „קול ישראל״ האָט דערמאָנט די נעמען פון אונדזערע זעלנער געפאַלענע ביים פאַטראָלירן די גרענעצן — פלעגן פאַר מיין דמיון אַ שוועב־טאָן די קינדערשע צאַרטע קעפּלעך מיט די שוואַרצע פאהלעך, פאַרמאַכטע אייגעלעך ביי שמונה־עשרה, קינדערלעך, וואָס זענען דערמאָרדעט געוואָרן אין זייער אייגענער שול, אויף זייער אייגענער ערד, אין זייער אייגענער מדינה.

עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז די זון, וואָס דערגרייכט אין אָט דעם וועלט־ווינקל, איז געבליבן די זעלבע בייזע מכשפה, ווי איך האָב זי געזען פון הינטער די געטאָ־מויערן, בייסט זיך אַריין מיט אירע שפּיציקע שטראַלן ווי נעגל אין מיין לייב און נשמה.

איך האָב נישט געקאָנט געניסן, נישט פון דער הייטערקייט פון די תל־אביבער גאַסן און נישט פון דער האַרציקייט פון אירע איינוווינער.

תל־אביב האָב איך געזען, ווי אַ גרויסן בערזן־צענטער, ווו יעדע אויפטרייסלונג קאָן אַרויסרופן אַ קאַטאַסטראָפאַלע מהומה און אַלץ אַ קאָלער־טאָן אין אָפּגרונט...

אַזוי זענען געלאָפן די יאָרן:

יעדער גראַנאַט, וואָס איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין שטוב פון אַ שלאָפנדיקער משפחה ביים גרענעץ; יעדער טראַקטאָריסט, וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן בעתן איבערוואַרפן די ערד־בייטן צו אַ ניי לעבן — האָט געמאַכט אויפציטערן מיין האַרץ און איך האָב געביילט די פויסטן:

— געטאָ?...

כ׳האָב געמיינט, אַז כ׳בין שוין אַ פאַרפאַלענער, אַז קיינער וועט מיר נישט קאָנען ענטפערן אויף מיין עגבערנדיקע פראַגע. אָבער היינט, היינט איז דער ענטפער געקומען און — ס׳האָט זיך אַלץ אויפגעלייזט".

אַ פרוי אַ פּשוטע, מיט אַ זאָרגעוודיק־פאַרקאַמטן קאָפּ האָט געשפּאַנט מיט האַסטיקע טריט. שוין פון דערווייטנס זענען אירע אויגן געווען צוגענאָגלט צום ווינקל פון דער אבן־גבירול גאַס. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ בנין, וואָס האָלט זיך אין בויען. אַרונטערגעבויגן דעם קאָפּ אויף הינטן און אירע ברוינע אויגן האָט זי געוואָנדן אַרויפצוצו אויף דער רושטאָוואַניע. ס׳האָט אויסגעזען ווי זי זוכט וועמען צווישן די מויערער. באַלד האָט איר האַלב־געעפנט מויל אַ געשריי אַרויף געטאָן:

— בערל!

איינער פון די מויערער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער גאַס, אַ זוך־געטאָן מיט די אויגן און ער האָט די פרוי דערזען.

— וואָס איז געשען?

— קום אַראָפּ!

בערל פּרוווט שוין פון דער ווייטנס זיך עפּעס צו דערוויסן פון זיין פרויס קאַרשן־אויגן, פון איר פּנים. ערשט דערנענטערנדיק זיך דערזעט ער, אַז די פרישקייט פון אירע באַקן האָט זיך גאָר נישט געענדערט זינט

זי איז זיין פרוי געוואָרן. אירע אויגן זענען רויִקע און זאָגן נישט אָן קיין שום שלעכטס, נאָר צווישן די פינגער פון איר רעכטער האַנט האַלט זי עפּעס אַ צעטל. בערלען דאַכט זיך אויס, אַז אַזוי האָט זי צו אים אויסגע־שטרעקט די האַנט אונטער דער חופּה צו נעמען דאָס קדושין־רינגל...



— וואָס פאַראַ צעטל איז דאָס?

— ס'איז אַ מאָביליזאַציע־צעטל.

אַזוי לאַנג ווי בערל קוקט אַריין אינעם צעטל עפנט די פרוי דאָס קוישל, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט מיט זיך. זי נעמט אַרויס אַ העמד, אַ סוועדער.

— בערל, די צייט איז טייער, האָב איך דיר געבראַכט איבערצוטאָן זיך...

בערל ענטפערט נישט קיין וואָרט. ער שאָקלט פון זיך אַראָפּ דעם צעמענט, וואָס איז אָנגעקלעפּט אויפן פּנים און אויפן האַלדז.

— האָסט זייער גוט געטאָן מיין טייערע! — זאָגט ער געלאַסן, ערשט שפּעטער דערמאָנט ער זיך אין עפּעס:

— און די קינדער?

— די קינדער האָב איך געשיקט אין דער שולע.

— קוש זיי פאַר מיר!

ער האָט זי אַרומגענומען, אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ און דערפילט זיך מיט איר נאָך שטאַרקער פאַרבונדן, ווי ס'וואָלט איצט אַ נייער קדושין־אַקט צווישן זיי פאָרגעקומען.

די זאַך איז אַ פשוטע: זי דאַרף אַכטונג געבן אויף די קינדער און ער, בערל, דאַרף באַשיצן די גרענעצן פון דער יידישער מדינה. באַלד האָט ער זיך אַרויסגעדרייט פון אירע אָרעמס און מיט דרייסטע, פעסטע טריט אַוועקגעשפּאַנט צום מיליטערישן זאַמל־פּונקט.



אויף דעם בלעטל דאַטירט: דעם 1טן נאָוועמבער, שרייבט דער רעזערוויסט:

„איך האָב אַ מאָל געזען, ווי אַ הונגעריקער האָט זיך געטיילט מיט אַ צווייטן מיט אַ שטיקל ברויט.ביידע פון צוויי באַזונדערע עדות. האָט עס מיך געפרייט און איך האָב אָנגעהויבן צו גלייבן אין דער גרויסער אידעע: „אַלע מענטשן זענען ברידער פון איין טאַטע מאַמע״.

„כ'האָב געזען, ווי אין מדבר האָט אַ דורשטיקער צו ערשט דער־לאַנגט אַ לאָגל־וואַסער זיין חבר, פריער, ווי ער אַליין האָט געטרונקען — בין איך געוואָרן שטאָלץ מיט דער גרויסקייט פון דעם מענטש. איך האָב אָבער קיין מאָל נישט געחלומט צו זען, ווי אַ מענטש קאָן מכבד זיין אַ צווייטן מיט זיין לעבן, מיט זיין אייגן בלוט און עס טאָן אַזוי באַשיידן, אין ווייטן מדבר, ווייט פון מענטשלעכע אויגן און לויב.

„די שלאַכט איבער אַבו־עגילה איז צעפּלאַקערט ביזן העכסטן גראַד. אויף די זייטיקע פעלדער, וואָס האָבן אין משך פון דורות נישט געהאַט די זכיה עס זאָל אַ מענטשלעכער פוס אויף זיי אַ טראָט געבן, פאַלן שווערע גראַנאַטן, עס „שטעפּן״ געדיכט די מאַשין־ביקסן און עס דערנענטערן זיך דעם שונאס טאַנקען. איבערן קאָפּ לויפן אַדורך אונדזערע קאַמפּס־עראָפּלאַנען מיט אַזאַ רעש און אַזוי נידעריק, אַז דאָס מדבר־זאַמד שיט זיך אויף אונדזערע ליפּן, אויפן פּנים. צוזאַמען מיטן רעש פון פליער קומט דער שניידיקער באַפעל:

— קדימה!

מיר רוקן זיך פאָרויס צו די פּאָזיציעס פון שונא.

— זיי קעמפן פאַרביסן! — זאָגט אורי קריכנדיק אויפן בויך. און אַזוי ווי ער זאָגט די ווערטער, גיט זיין קערפּער אַ צאַפּל און באַלד זעט מען, ווי אַ רויט שנירל בלוט גיסט זיך פון הינטער זיין זעלנערישן גאַרטל אין הייסן זאַמד אַריין. ביי אורין הייבן זיך אָן צו קלעפּן די אויגן, ווי ער וואָלט וועלן כאַפּן אַ זיסן דרעמל...

— דער ערשטער בלוט־שטראָם האָט אים פאַרשלעפּערט, ער וועט אָבער באַלד קומען צו זיך — זאָגט דער סמל און אין זיין קול איז פאַראַן אַ וואָרענונג, ווי איינער זאָגט: „קינדער, טוט אייער מלאכה און פאַרנעמט זיך נישט מיט קיין דאָקטאָריע".

קאָן זיין — טראַכט איך — אַז דער סמל איז גערעכט. קיין גרויסע מיוחסים זענען מיר דאָ נישט. איך האָב אַ הייב־געטאָן דעם קאָפּ און זע, אַז אַנדערע האָבן זיך שוין אַרויסגערוקט ווייטער פון אונדז און מיר זענען געבליבן אַ שפּאַר ביסל הינטערשטעליק.

— „אַזעלכע „נישט־פאַרגינערס" די חברה פון דער דריטער פלוגה — קאָן נישט איבערטראָגן דעם קיבוצניק אופיר — זיי האָבן אונדז אויסגעמיטן און ווילן די ערשטע שטורעמען די בונקערס".

— חברה, גיט אייך אַ רוק! — שפּרינגט אונטער הערשעלע דער יעפּרייטער — אַ נישט וועלן מיר בלייבן אין „משוב זקנים", אָט זעט די סאַניטאַרן זענען שוין לעבן אונדז!

ס'גענענט אַ זעלנערקע, יונג און בויגעוודיק, ווי אַ זאַפּטיק צווייגל. בעת זי האָט זיך דערנענטערט, האָב איך דערפילט דעם פרישן ריח פון אַ יונגער סאָסנע. זי טראָגט אַ רויטן מגן־דוד אויף דער האַנט און רוקט זיך אונטער מיט מיליטערישער געשיקטקייט צו די פאַרוווּנדעטע. ווייזט אויס, אַז זי האָט שוין פון ווייטנס דערזען אורין.

אורי דרעמלט. זיין פּנים איז איצט אַ ביסל געל געוואָרן, נאָר איבער דער געלקייט לויפט אַדורך אַ מאַטער שמייכל, אַ שטייגער עס שפּילט זיך זון און שאָטן. מסתמא פילט דער פאַרוווּנדעטער די הנאה פון עפּעס אַ זיסער זאַך. אורין דאַכט זיך אויס, אַז לעבן אים זיצט איצט זיין מוטער. זי קעמט־אויף זיין געלאָקט קעפּל בלאָנדע האָר, ווי זי פלעגט עס טאָן יעדן טאָג פאַרן גייך אין פאָלקס־שולע... זי מאַכט אים גלייך דעם אויסגעלייגטן ווייסן קאָלנער פון העמד, וואָס ליגט איבער די קלאַפּעס פון רעקל. אורי איילט זיך, אָבער די מאַמע האַלט אים איין — „וואַרט נאָר צו, כ'וועל דיר אַ ניי־אָן גענבן אַ קנעפּל אינעם רעקל" — און זי לויפט

צו צו דער קאָמאַדע נעמען ווייסן פּאַדעם... אורי דערשרעקט זיך, אַז די מאַמע וועט אים אַנטלויפן און ער שרייט איר נאָך — „מאַמע, ווי אַזוי ביסטו דאָ פון טרעבלינקע אַהערגעקומען? ווו ביסטו דאָרט אַזוי לאַנג? אייל זיך גיכער, מאַמע, זע נאָר אין וואָס פאַר אַ מעמד איך געפין זיך!".

ביי די לעצטע ווערטער האָט די מאַמעס האַרץ אַ ציטער־געטאָן און אורי דערזעעט זי ווידער מיט איר גוטמוטיקן שמייכל און אויסגעצויגענע צו אים הענט, ווי צום ליכט־בענטשן, אָבער שוין אָן אַ נאָדל־פּאָדעם... און זי זאָגט אים פול מיט ליבשאַפט:

— זאָרג זיך נישט מיין קינד, האָסט איבערגעלעבט היטלערן, וועסטו נאַצערן אויך איבערלעבן!

מער זעט נישט אורי זיין מאַמען. ער רייסט אויף די אויגן — דערזעט ער גאָר לעבן זיך אַ זעלנערקע מיט אַ רויטן מגן־דוד, וואָס שפּרייט פאַנאַנדער אַ רענצל מיט פלעשלעך און באַנדאַזשן...

ער באַקומט צוריק זיין באַוווסטזיין און זיין האַרטע זעלנערישע נאַטור איז גובר זיין מעמד.

אורי גיט זיך האַסטיק אַ דריי אויף אַ זייט און דערזעט, אַז זיין געווער־חבר נחום, ליגט און ווייזט נאָך אַרויס סימנים פון לעבן. — וועט עס אפשר קאָנען איבערטראָגן טראַכט ער. — ער הייבט אויף די הענט און זאָגט צו דער סאַניטאַרקע.

— גיי אַהין צו אים! ער איז שווערער פאַרוואונדעט פון מיר, ער דאַרף דיך איצט נייטיקער האָבן ווי איך!...

די שלאַכט האָט זיך נאָך מער צעפלאַקערט. מען קאָן נישט רירן די פאַרוואונדעטע.

הערשעלע דער יעפרייטער פון הדר־יוסף ווייזט פון וווּטנס צייכנס מיטן עלנבויגן צו די סאַניטאַרן, זיי זאָלן זיך דערווייל אַ ביסל איינקאָפּן אין זאַמד.

גראָד דאָ, אינעם מדבר סיני איז מיר געקומען אויפן געדאַנק, וואָס אַזוינס עס מיינט אַ גוטער קאָמאַנדיר, און ווו ס'ליגט דער כוח זיינער. אַ גוטער קאָמאַנדיר וועט קיין מאָל נישט הייסן זיינע זעלנער זינגען, ווען זיי זענען שלעפעריק; ער וועט זיי נישט לערנען שיסן, ווען זיי זענען דורשטיק, און ער וועט זיי נישט שיקן אין שלאַכט ווען ער אַליין קאָן דער ערשטער נישט פאָרויסגיין.

געמיינט האָב איך טאַקע דעם קאַפּיטאַן פון אונדזער קאָמפּאַניע. ער

ליגט איצט שטיל און וואַרט. אין זיין מויל קאָנצענטריט זיך איצט נישט־נאָר אונדזער כוח, נייערט אויך אונדזער געמיט און קאָמפּס־לוסט.

— אויב מיר וועלן זיך נאָך אַ ביסל פאַרזוימען, וועלן זיי אונדז אַרומרינגלען! — הער איך אונטער אַ געשפּרעך צווישן דעם סערזשאַנט און אָפיציר. דער אָפיציר ענטפערט נישט מיט קיין וואָרט. אָבער פּלוצלינג ווערט צווישן חברה אַ גרויסע באַוועגונג.

— „זיי האָבן זיך אַדורכגעריסן! — שרייט דער אָפיציר און בייזערט זיך אויפן סערזשאַנט. כ'האָב דיר געזאָגט זאָלסט זיי נישט צולאָזן נאָענט! פאַר וואָס האָסטו זיי נישט געהאַלטן אויפן אויג?"...

אַלע האָבן אויפגעציטערט. ווער ווייס, וואָס ס'איז געשען? ערשט סאַשקע, וואָס ליגט לעבן מיר, אָריענטירט זיך דער ערשטער.

— אַזוי זאָל איך בשלום אַהיימקומען, ווי כ'האָב געוווסט, אַז די בחורטעס־פאַרבינדלערינס וועלן אָפּאַרבעטן די קונץ. איז דען דער אָפיציר נישט גערעכט? אַז מען זעט זיי רייסן זיך אין די ערשטע ליניעס אַריין, דאַרף מען זיי צוהיטן. און וואָס טוסטו, אַז די אַראַבער כאַפּן אונדז צו אַ מיידל? שיין וועלן מיר אויסזען.

גיב נאָר אַ קוק — זאָגט ווער פון דער חברה — ווי זיי שפּרינגען פאָרויס מיט די סטענען אין די הענט.

— חברה! — שרייט דער אָפיציר אויס, חברה פאָרויס! לאָזט נישט די מיידלעך אַליין!

געציילטע מינוטן האָט געדויערט די שלאַכט איבערן בונקער אין דער מדבר. קיינער האָט שוין אונדזערע בחורים נישט געקאָנט אָפּהאַלטן. זיי זענען אַקייגנגעלאָפן דעם געדיכטן פייער־שטורעם, ווי אַקעגן אַ קאַלטן שניי און זיך געוואָרפן אויפן בונקער פון שונא, אַריינגעריסן זיך אינעווייניק. באַלד איז דער גורל פון בונקער געווען אַ דעצידירטער. דאָ און דאָרט האָט נאָך אַ פאַרביסענער סאָלדאַט אַ וואָרף געטאָן אַ גראַנאַט, אַן „עוזי" האָט מיט אַ קורצן גרילץ געענטפערט, אָבער מען האָט געקאָנט דערפילן, אַז די מדבר־שטילקייט' וועט גובר זיין און דעם אַרום באַהערשן.

אין עטלעכע מינוט שפּעטער זענען שוין אַקייגן דעם מדבר געגאַנגען מיט געזאַנג די סאָלדאַטן פון דער ניינטער בריגאַדע און ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט צום זייטיקן שליאַך, האָבן זיך פון בונקער־אַרויס באַוויזן שיינע לאַכעדיקע קעפּ פון צוויי יונגע זעלנערינס:

„העי דרומה"! „העי דרומה"!!!

און זייער געזאַנג האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיטן געזאַנג פון נצחון.

